מענדל טאַבאַטשניק

# שטאַפּלען אין מײַן לעבנס־וועג

(זכרונות)

די הכנסה פון די צוויי ביכער זכרונות גיט דער מחבר אַוועק
פאַר קולטור־געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

געווידמעט לזיכּרון דער קולטור־טוערין,
מײַן שוועסטער עטל דייווידסאָן, וואָס
איז טראַגיש געשטאָרבן אין ניו־יאָרק,
אין 1972.

# אויפן וועג קיין אפריקע

איך בין אויפן וועג צו אַן אַנדער לאַנד, צו אַ נייער, פאַר מיר אומבאַ־וווסטער וועלט. איך אַליין פיל זיך אויך ווי אַ ניי־געבוירענער מענטש, פול מיט האָפענונגען פאַר אַ ליכטיקער, מענטשלעכער צוקונפט.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך פאָר צו אַ ניי און פרעמדן לאַנד, וווּ איך האָב ניט קיין משפחה, קיין קרוב אָדער גואל, האָב איך אָבער געהאַט דאָרט עטלעכע גוטע פריינד פון אונדזער שטעטל „דער־מיר״, ווי מיין פריינד און חבר חיים פאָרטנאָי, וועלכער האָט מיר ארויסגעשיקט אַן „אַפידייוויט״״ (אַן ארויספאָדערונג) אויף צו קומען קיין דרום אפריקע. חיים פאָרטנאָי איז געווען מיין „סופליאָר״ און האָט בלב־ונפש געדינט אונדזער דראַמאַטישער טרופע אין „דער־מיר״. א צווייטער גוטער פריינד און חבר מיינער איז געווען דער חזן אידל קאַמינאר ע״ה, וועלכער האָט מיך דורך בריוו צוגע־געבן מוט, אז איך זאָל זיך ניט שרעקן, ניט צווייפלען און קומען אין דעם

לאַנד. „דאָס יידישע דרום־אפריקע", האָט ער מיר געשריבן, „נייטיקט זיך אין אזעלכע מענטשן וויִ דו ביזט און דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן מיט דיין קומען".

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין משפחה, מיט מיין יונג ווייבל און דריי פּיצלעך קינדער (מיין יינגסטער זונעלע, וואָס איז איצט אַ באַוווסטער ד"ר אין אמעריקע, איז דאַן אַלט געווען סך־הכל צען וואָכן). כ'האָב אָפּשייד גע־נומען פון מיינע אַלע גוטע פריינד און באַקאַנטע פון שטעטל אָן קיין שום געפיל פון חרטה פאַר מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן מיין צווייטע און אמתע היים, ווו איך האָב אָפּגעלעבט גאַנצע 15 יאָר, חתונה געהאַט און זיך דער־וואָרבן אַ משפחה. און דאָך — איך האָב זיך געפילט גליקלעך צו פאַרלאָזן דאָס אַלץ און אוועקפאָרן צו אַ נייער אומבאַקאַנטער וועלט.

איך האָב אָבער געוווסט אויף זיכער, אַז דאָס לעבן אין דער אַלטער היים איז אויסזיכטסלאָז, אָן קיין שום עקאָנאָמישן צוקונפט, ווי אויך אָן אַ גייס־טיקן לעבן פאַר מיר און איבערהויפּט פאַר מיינע דריי קינדערלעך, וואָס וועלן אונטערוואַקסן און דאַרפן האָבן אַ העכערע בילדונג, ווי עס איז שוין דאַן געווען די פאָדערונג פון דער צייט פאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן.

די נייע פּוילישע רעגירונג האָט טאַקע דערקלערט אָבליגאַטאָרישע עלעמענטאַרע בילדונג פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אָבער נאָר עלעמענטאַרע, ניט קיין העכערע בילדונג. מען האָט געמאַכט גרויסע שוועריקייטן פאַר אַ יידיש קינד אָנגענומען צו ווערן אין אַ גימנאַזיע (הויך־שול). חוץ דעם איז ביי אונדז אין שטעטל קיין גימנאַזיע ניט געווען. און אויב עמעצער האָט שוין יאָ געהאַט די מעגלעכקייטן צו שיקן זיין קינד אין אַ גימנאַזיע, האָט ער געמוזט דאָס קינד אוועקשיקן אין אַן אַנדער שטאָט ווי ניעסוויזש אָדער סטייבץ. אוניווערסיטעט־בילדונג פאַר אַ יידישן יוגנטלעכן איז געווען כמעט אויסגעשלאָסן. ערשטנס איז פאַר יידן געווען איינגעפירט אַ פּראָ־צענט־נאָרמע. צווייטנס, דער וואָס האָט שוין יאָ זוכה־בגורל געווען אריינ־צובאַקומען זיך אין אַן אוניווערסיטעט, האָט געדאַרפט זיין געבענטשט פון דער השגחה מיט רייכטום און פאַרמאָגן דעם מלכס אוצרות....

איך האָב ניט געקאָנט צולאָזן צום געדאַנק אַז מיינע קינדער זאָלן בלייבן ביי דער פאָלק־שול בילדונג און דערנאָך אויסוואַקסן „שטעקל־דרייערס", ווי דאָס רוב יוגנטלעכע פון אונדזער שטעטל, וועלכע האָבן ניט געוואָלט ווערן קיין „סופרים" אָדער באַלמעלאָכעס. איך האָב בחוש געפילט,

אז פון מיינע קינדער קאָן עפּעס יאָ ארויסקומען, אויב נאָר זיי וועלן באַקומען די געהעריקע בילדונג. נעמענדיק אין אַכט די אנטיסעמיטישע כוואַליע וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין פוילן, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעווירקט עקאָנאָמיש און גייסטיק אויף דער יידישער באַפעלקערונג, האָט יענער וואָס האָט געהאַט די מעגלעכקייטן צו עמיגרירן, מיט א לייכטן געמיט גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, אָפּגעזאָגט דעם פּסוק „לך־לך מארצך" און אויסגעוואַנדערט ווו נאָר די אויגן האָבן אים געטראָגן*)...

## מיין אָנקומען קיין קייפּטאָון

איך האָב יעטאַ בערג געדענקט ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד. קייפּטאָון און מיך אָפּנעמען פון שיף. איך בין טאַקע מקנא געווען אַ סך פון מיינע מיטפּאַרערס, וועמענס נעמען מ'האָט אויסגערופן גלייך ווי די אימיגראַציע־באַאַמטע זיינען ארויפגעקומען אויפן דעק פון דער שיף, זיך ברייט אויסגעשפּרייט מיט ביכער און פּאַפּירן אויף אַ ספּעציעל צוגעגרייטן טיש און האָבן די ארויסגערופענע פּאַסאַזשירן די ערשטע גענומען בודק־זיין און פרעגן ווער זיינען עס די וואָס פּאָדערן זיי ארויס, צו וועמען פּאָרן זיי און נאָך אַנדערע פראַגן. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב מיט אמאָל אויך דערהערט מיין נאָמען צווישן די, וואָס מען האָט אויסגערופן.

ווער קאָן דאָס מיך רופן דאָ אין קייפּטאָון? האָב איך געטראַכט. און פון וואַנען ווייסט דאָס דער יעניקער, אז איך געפין זיך דאָ אויף דער שיף?...

עס איז אמת אז אין קייפּטאָון האָבן זיך געפונען לאַנדסלייט פון „דער־מיר" און אויך פון קלעצק, אָבער זיי זיינען געווען אַלטע אפריקאַנער, וואָס האָבן מיך ניט געקענט. ארויסגעוויזן האָט זיך, אז גאָר ניט לאַנג איז געקומען אַ יונג מיידל פון קלעצק, יעטאַ בערג, צו אירן אַ ברודער וואָס האָט געלעבט אין קייפּטאָון, און זי האָט זיך דערוווסט פון דער שיף־געזעלשאַפט מיט וועלכער מיר זיינען געפאָרן, אז איך בין אויף דער שיף.

איך האָב יעטאַ בערג געדענקט ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד.

---

*) מיינע רייזע־איינדרוקן פון „שעלטער" און אויף דער שיף מיט וועלכער איך בין געפאָרן, קאָנען די לייענער געפינען אין מיין ערשטן באַנד פון מיין ראָמאַן „קלמן בולאָן", ווו די הויפּט־איינדרוקן זיינען פאַרצייכנט.

איר ברודער שימשל איז געווען מיינער אַ חבר אין קלעצק. (שימשל איז גע־ווען הערצל דעם גבאיס אַ זון, וועמען איך האָב געווידמעט אַ קאַפּיטל אין מיין ערשטן באַנד פון מיין ראָמאַן „קלמן בולאַן"). ווי גליקלעך איך בין גע־ווען מיט אָט דער באַגעגעניש אויף דער שיף.

יעטאַ בערג איז געווען אַ יונגע מיידל, אַ שיינע, צעבליטע, מיט לעבע־דיקע קלוגע אויגן, מיט וועלכע זי האָט מיך אַזוי סימפּאַטיש און פריינדלעך באַגעגנט. זי האָט מיך גלייך אויסגעלייזט פון דער שיף און געבראַכט צו איר ברודער מאָטל (מאַקס) בערג — שוין אַן אַלטער אַפריקאַנער, וואָס האָט זיין היים געמאַכט אַ ציטווייליקע היים פאַר מיר, טאַקע גלייך דעם ערשטן טאָג ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון דער שיף. דעם ערשטן טאָג אין קייפּטאַון האָב איך גלייך דערשפּירט וואָס דאָס מיינט צו לעבן אין אַ פריי, דעמאָקראַ־טיש לאַנד...

נאָך דעם ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן און איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוט האָט מיר יעטאַ געבראַכט צו איר ברודערס „שאָפּ" (קראָם). עס איז געווען זייער אַ הייסער טאָג, ווי עס טרעפט אָפט אין קייפּטאַון. איר ברודער מאַקס האָט מיך אוועקגעזעצט ניט ווייט פון אַזאַ מין ווינט־דריידל, וואָס האָט גע־בלאָזן מיט אַ קאַלטן, מחיהדיקן ווינטל, און מיר אַלע דריי — מאַקס, יעטאַ און איך — האָבן פאַרבראַכט די צייט אין אַ האַרציקן שמועס וועגן דער אַלטער היים קלעצק, וועגן דער נייער פּוילישער רעגירונג און וועגן די פאַרשיידענע שיקאַנעס וואָס זי טראַכט צו פאַר יידן.

אַ מיטל־יאָריקער מאַן, וואָס איז אַריינגעקומען אין קראָם און זיך האַר־ציק באַגריסט מיט יעטאַן און מאַקסן, האָט איבערגעריסן אונדזער שמועס. מאַקס האָט אין ענגליש מיר פאָרגעשטעלט פאַר אים און ער האָט מיר גע־דריקט די האַנט. וואָס זיי האָבן גערעדט צווישן זיך האָב איך, נאַטירלעך, ניט פאַרשטאַנען. מיט אַמאָל האָט מיך אַ שרעק באַפאַלן: דער ענגלישמאַן האָט אַראָפּגענומען זיין רעקל אוןביידע מענער האָבן פאַרקאַשערט די אַרבל פון זייערע געפּרעסטע העמדער, און מען האָט זיך גענומען פאַרמעסטן אין אַ „פייט", פּונקט ווי איך האָב עס געזען אויפן שיף צווישן די ענגלישע פּאַ־ליציאַנטן וועלכע זיינען געפאָרן קיין אַפריקע, ווען אונדזער „קלמן בולאַן" האָט מיט איין שאָס אוועקגעלייגט זיין ענגלישן אָפּאָנענט.

לכתחילה האָב איך געמיינט אַז זיי גייען זיך שלאָגן אויף אַן אמת. יעטאַ האָט מיר באַרואיקט דערקלערנדיק אַז דאָס איז ביי זיי אַזאַ מין שפּיל,

אַ ספּאָרט — װער װעמען עס װעט גובר זײן. אין אַ װײלע אַרום האָבן זײ זיך אײנער דעם אַנדערן אָפּגעשטעקט אַ „שלום־עליכם“ און לאַכנדיק האָבן זײ געטרונקען אַ פּאָר פלעשלעך קאַלטע לעמאָנאַדע.

* * *

נאָך דעם װי דער מאַן האָט זיך געזעגנט און איז אַרױס פון קראָם, האָט מאַקס מיך אַ פרעג געטאָן: „װײסט איר װער דאָס איז געװען, מיט װעמען איך האָב זיך נאָר װאָס פאַרמאָסטן אין אַ געשלעג? ניט קײן אַנדערער װי דער אינספּעקטאָר איבער אַלע קראָמען. אַזױ װי אין דער הײם פלעגט אַראָפּ־קומען אין שטעטל דער ‚רעװיזאָר‘ אָדער דער ‚אַקציזניק‘“.

איך האָב מײנע אױגן ניט געגלױבט. היתכן? װי קאָן דאָס גאָר גע־מאָלט זײן אַזאַ זאַך? אַ רעװיזאָר איבער די קראָמען זאָל אַרײנקומען צו אַ יידישן קרעמער און מאַכט מיט אים אַזאַ שפּאָס? זיך קלאַפּן אײנער דעם צװײטן אין פּלײצע אַרײן, זיך חכמענען און אױף אַ געלעכטער זיך אַ באַרוקע טאָן? מײן קאָפּ האָט דאָס בשום אופן ניט געקאָנט באַנעמען און מײנע אױגן האָבן ניט געװאָלט גלױבן װאָס זײ האָבן געזען...

„יאָ, יאָ“, האָט יעטאַ פּאָטאַקעװעט. „אַזױ איז עס דאָ! דו װעסט זיך דאָ נאָך אָנטרעפן מיט אַ סך אַזעלכע סורפּריזן, װאָס דײנע אױגן װעלן ניט װעלן גלױבן!...“

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער אַלטער הײם אַמאָל אונטער דער ממשלה פון צאַר, און שפּעטער אונטער די פּאָליאַקן, װען אין שטעטל פלעגט שיקן אַ „ספּעציעלן שליח“ אָנצװזאָגן דעם דערבײיאיקן שטעטל, אַז דער „רעװי־זאָר“ פאָרט אַרױס און װעט אָנקומען אײנע פון די טעג — קרעמער זאָלן זיך צוגרײטן... און די קרעמער פלעגן דורך נאַכט אַרױסנעמען פון די פּאָליצעס דעם „טריף־פּסול“, די סחורות װאָס מען האָט ניט געטאָרט האַלטן. מען פלעגט עס באַגראָבן ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש, אַז קײן בײז אױג זאָל עס ניט געפינען.

איך דערמאָן זיך די שרעק און דעם פּחד װאָס אַ גאַנץ שטעטל פלעגט איבערלעבן די טעג װען אַ „רעװיזאָר“ אָדער אַן „אַקציזניק“ פלעגט זיך באַװײזן. װײ איז געװען צו דעם קרעמער, װעמען מען האָט געכאַפּט מיט „טריפה סחורה“. זײן גאַנץ לעבן איז ער שױן געװען אַן אומגליקלעכער מענטש. און דאָ? אַ יידישער קרעמער מיט אַן אינספּעקטאָר נעמען זיך אַרום, קלאַפּן זיך אײנער דעם צװײטן איבער דער פּלײצע און מען פאַרמעסט

זיך גאָר כלומרשט אין אַ געשלעג. און דער יידישער קרעמער בוכצעט גאַנץ אָרנטלעך אריין דעם גויאישן אינספעקטאָר! היינט גיי און קנייפּ זיך ניט, צי איז עס חלום אָדער וואָר?...

וואונדער זיך ניט! דאָ איז אַ פרייע מדינה". האָט מיר מאַקס בערג דערקלערט. „און טאָמער האָט געטראָפן אז אין פּאַרלאַמענט האָט איינער אַ גלח זיך ארויסגעזאָגט קעגן די יידן, אז מען דאַרף פאַרקלענערן די אימי־גראַציע פון מזרח־אייראָפּע קיין דרום אפריקע, האָט מען אים שיעור מיט שטיינער ניט פאַרוואָרפן. אַלע צייטונגען זיינען ארויסגעטראָטן קעגן אים און ס'האָט זיך דאָ געטאָן חשך מצרים... דאָ איז ניטאָ קיין ניקאָלייקע און דאָ זיינען ניטאָ קיין פאַרפלוכטע פּאָליאַקן. דאָ איז אַ פרייע מדינה און יעדער מענטש — צי ער איז אַ ייד צי אַ קריסט — קאָן טאָן וואָס ער וויל, גיין וווּ־הין ער וויל און זיך באַשעפטיקן מיט וואָס ער וויל. אזוי לאַנג ווי ער איז ניט עובר דאָס געזעץ פון לאַנד, איז ער דער זעלביקער יחסן ווי אַלע אַנדע־רע ווייסע מענטשן. פאַר די קאַפערס (שוואַרצע מענטשן) זיינען דאָ ספּעצ־יעלע געזעצן, אנדערש„ דערקלערט ער מיר, „קאָן דאָס ניט זיין, מחמת זיי זיינען נאָך ווילדע מענטשן. אָבער ווייסע זיינען אַלע גלייך. ניטאָ קיין אויסדערוויילטע, קיין יחסנים. דאָ איז דעמאָקראַטיע!

„זעסט אָט דעם הויכן פּאָליציאַנט וואָס גייט דאָרט ארום? דאָס איז ניט אייער הימישער 'סטראַזשניק'", האָט מאַקס בערג ווייטער געריימט דאָס לאַנד דרום אפריקע. „אין דער היים דערשרעקט מען זיך ווען מען באַ־געגנט אַ 'קנעפּל'. דאָ אָבער שרעקט מען זיך פאַר אים גאָרניט. פאַרקערט, על פּי שכל־הישר שרעקט ער זיך פאַר אונדז, פאַר דעם ציווילן מענטשן. אַ פּאָליציאַנט מיינט דאָ: אַ מענטש וואָס דינט דער באַפעלקערונג, אַ מענטש וואָס זאָרגט עס זאָל הערשן אָרדענונג לויט די געזעצן פון לאַנד". און תוך כדי דיבור גיט ער אַ ווונק און אַ געשריי צום פּאָליציאַנט און פאַרבעט אים אין זיין קראָם. דער פּאָליציאַנט איז געווען אַ הויכער, אַ געזונטער, מיט אַ צוויי ברילאַקדיקן הוט. ווען ניט זיינע שמייכלדיקע בלויע אויגן, מיט וועל־כע ער האָט מיך נייגעריק באַטראַכט, וואָלטן מיר שוין מיינע דמים גענומען אריינפאַלן אין די פּיאַטעס. אָבער דער מ"ר בערג האָט מיר פאַרגעשטעלט פאַר אים, קאָנטיק דערציילט אים אז איך בין ערשט היינט געקומען מיט דער שיף פון אייראָפּע. דער פּאָליציאַנט האָט מיר גלייך אָפּגעשטעקט אַ שלום עליכם און מיך געפרעגט עפּעס אזוינס וואָס איך האָב פאַרשטייט זיך,

ניט פאַרשטאַנען. איך האָב זיך גלייך געוואָלט אַ כאַפּ־טאָן צו מיין בוזעם־קעשענע און באַווייזן אים מיין פּאַספּאָרט. אָבער מ״ר בערג האָט מיר דער־קלערט, אז דאָס פרעגט ער מיר צי עס געפעלט מיר דאָס נייע לאַנד אַפ־ריקע ?...

„צי מיר געפעלט אַפריקע ?״ האָב איך אַ זאָג געטאָן צו מ״ר מאַקס בערג, כדי ער זאָל אים פאַרטייטשן מיין יידיש אויפן אפריקאַנער לשון. „צי מיר געפעלט אזא לאַנד ווו אַן אינספּעקטאָר פון קראָמען בוכצעט זיך שפּאַסיק מיט אַ יידישן קרעמער ? ניט מער, דאָ איז אַ ביסעלע צו הייס״, שמייכל איך און וויש זיך דעם שווייס פון פּנים, „אָבער... זאָל דאָס שוין זיין מיין לעצטע זאָרג״...

מ״ר בערג האָט דעם הויכן פּאָליציימאַן מכבד געווען מיט אַ קאַלטן טרונק לעמאָנאַדע. ער האָט אונדז ווידער געדריקט די הענט און ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

יעטאַ און איר ברודער מאַקס האָבן זיך מיט מיר פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג. יעטאַ האָט מיר געבראַכט צו איר ברודערס הויז אין סי־פּאָינט. דורכן פענצטער פון הויז האָט מען געקאָנט זען דעם ים. מען האָט געקאָנט קוקן אויפן ים גאַנצע שעהן, פשוט די אויגן ניט אָפּצורייסן פון ים.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט מ״ר מאַקס בערגס משפחה, מיט זיין פרוי און קינדער און פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג מיט זיי, ביז מ״ר בערג איז גע־קומען פון קראָם. אריינקומענדיק אין הויז האָט ער גלייך אראָפּגענומען זיין רעקל, לויז געמאַכט דעם קאָלנער פון זיין קלאָר־ווייסער העמד, ער האָט אויסגעטאָן די שיך און די פיס אריינגעשטעקט אין אזעלכע מאָדנע שטעק־שיך. צו דער זעלבער צייט האָט ער מיך אָבער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געוואָלט אז איך זאָל אים אַלץ מער און מער דערציילן פון דער היים, פון דער „פאַרפלוכטער פוילן״, ווי ער האָט דאָס אָנגערופן...

אויף אַ קליין טישל אין אַ ווינקל פון זאַל איז געשטאַנען אָנגעגרייט פאַר אים אַ פלעשל בראָנפן מיט אַ קליינעם סאַפאָן סעלצער־וואַסער. אין אַ קליי־נעם עמערל איז געווען אָנגעפּאַקט שטיקלעך אייז און מ״ר בערג האָט זיך אריינגעזעצט אין אַ ווייכן שטול און זיך גענומען עוסק זיין מיטן אָנגיסן צוויי גלעזלעך האַלב מיט בראָנפן, האַלב מיט סעלצער־וואסער. מיט זיינע שפּיצן־פינגער האָט ער אריינגעלייגט צו איינציקע שטיקלעך אייז אין די גלעזלעך און האָט צוגעטראָגן איין גלעזל צו מיר. ער פרעגט מיך ניט צי

איך טרינק, צי איך טרינק ניט, ער קלאַפּט שוין מיט זיין גלעזל אין מיינער און זאָגט אַ הילכיקן „לחיים! דיין קומען אין אונדזער מדינה זאָל גע־בענטשט ווערן מיט הצלחה!"

איך האַלט דאָס גלעזל אין האַנט און שטיי אין פּאַרלעגנהייט. וואָס זאָל איך דאָ טאָן? זאָל איך יאָ טרינקען, ניט טרינקען? צו אָנטזאָגן פּאַסט עפּעס ניט. אָבער גיי טרינק, אז איך האָב קיינמאָל ניט געטרונקען... איך האָב צוגעטראָגן דאָס משקה צו מיינע ליפּן, פאַרזוכט פון דער דאָזיקער „מחיה" און זיך אַזוי פאַרקרימט, פּונקט ווי אַ קינד פאַרקרימט זיך ווען מען גיט אים אריין מיט גוואַלד אַ ביסל ריצן־אייל... וואָלט דאָס געווען אַ גלעזל רוסישער „וואָדקאַ", וואָלט איך זיך שוין דערמיט ווי ניט איז אַן עצה געגעבן, אָבער דער־אָ געטראַנק האָט געהאַט ביי מיר דעם טעם פון חלשות...

„נו, ווי געפעלט דיר אונדזער בראָנפן?" האָט מ"ר בערג מיך אַ פרעג געטאָן. „דאָס איז דאָך דער בעסטער שנאַפּס, די בעסטע משקה אויף דער וועלט", רימט ער דעם חלשותדיקן ביטערן טראָפּן. „דאָס רופט זיך וויסקי און איבער דער גאַנצער וועלט קוויקט מען זיך דערמיט".

איך פּרוביר אַ צווייטן מאָל אַ פּאַמעלעכן זופּ טאָן, אָבער איך פאַל ניט אריין אין התפעלות. פון יוצא וועגן זאָג איך: „כ'מיין, אויב אַ גאַנצע וועלט האַלט אָט דעם געטראַנק פאַרן בעסטן, איז מסתמא אַ וועלט ניט חסר־דעה... מ'וועט זיך דאַרפן צוגעוויינען צו דער דאָזיקער מאָדנער משקה". דרך אגב פרעג איך מ"ר בערגן: „אָבער צוליב וואָס דאַרף מען אזא געטראַנק קאַ־ליע מאַכן און צוגיסן וואַסער? שיין וואָלטן מיר אין רוסלאַנד אויסגעקוקט ווען מיר וואָלטן נעמען ריינע וואָדקאַ מיטן רויטן אָדער מיטן גרינעם בלעטל. און צעמישן דאָס מיט וואַסער. מען וואָלט דאָך פון אונדז געלאַכט אין די הויפּנס!..."

„הכלל", זאָגט מ"ר בערג, „דער טיש איז געגרייט. קום, לאָמיר דער־וויל אָפּעסן 'סאַפּער', דאָס הייסט 'וועטשערע' און דערנאָך וועלן מיר דיר נעמען צום באַן, ווייל דיין טריין, כ'מיין דיין באַן צו יאָהאַנעסבורג גייט אָפּ 9 אזייגער.

* * *

איך בין געווען אויסער זיך פון דער גאַסטפריינדלעכקייט וואָס די פאַ־מיליע בערג האָט מיר ארויסגעוויזן. ווען איך האָב באַדאַנקט יעטאַן און דער משפחה און אויסגעדריקט מיין התפעלות וואָס זיי האָבן מיך אויפגענומען

אזוי פריינדלעך, מיך — אַ פרעמדן, אפילו ניט קיין קרוב — און פאר וועל־כע מעשים טובים קומט דאָס מיר ?... האָט מיר יעטאַ געגעבן די ערשטע לעקציע ווי מען פירט זיך אין דער נייער מדינה :

„זאָלסט וויסן זיין, אז דאָ איז ניט קלעצק און ניט ׳דער־מיר׳. דאָ איז אפריקע ! אין אפריקע איז אָנגענומען, אז דו קומסט אריין אין אַ הויז מיטאָג־צייט אָדער אין דער צייט פון אָוונט־ברויט, מוזטו מיטהאַלטן מיטן הויז־געזינד, פּונקט ווי דו וואָלסט געווען איינער פון דער משפחה !...״

ביים עסן האָב איך זיך באַמיט צו האַלטן „פּאַסאַן״. אין וואַרשע שוין האָב איך זיך גענומען לערנען ווי אזוי צו עסן מיט אַ מעסער און אַ גאָפּל. שפּעטער, זייענדיק גאַנצע 29 טעג אויף דער שיף, האָב איך שוין די תורה דערגאַנצט. איך האָב געטראַכט ביי זיך : נאַט, זעט ! כאָטש אַ גרינער, דאָך ווייס איך ווי מען באגייט זיך מיט גאָפּל־מעסער. אָבער ווי עס ווייזט אויס איז דאָס ביי קיינעם קיין חידוש ניט געווען. קיינער האָט דאָס גאָר ניט באַטראַכט פאַר אַ גרויסן אויפטו.

נאָכן עסן האָט מיר מ״ר בערג אריינגעזעצט אין זיין אויטאָמאָביל און צוזאַמען מיט יעטאַן האָט ער מיר באגלייט צו דער באַן. ביי דער באַן האָב איך זיך ווידער אָנגעטראָפן אויף אַ חידוש : ווען מ״ר בערג האָט מיר אי־בערגעגעבן מיין באַן־בילעט האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ קאַרטל וואָס איז געווען אריינגעשטעקט נעבן דעם פענצטער ווו מיין אָרט איז געווען באַ־שטימט, מיט מיין נאָמען אויפן קאַרטל.

„אָט דאָ וועט זיין דיין מקום־מנוחה״, האָט מיר מ״ר בערג דערקלערט. „דאָ איז ניט רוסלאַנד, וואָס אין אַ וואַגאָן איז כל דכפין, וועמ עס וויל קומט אריין. דיין וואַגאָן איז פאַר 6 מענטשן ווו איר וועט ביינאַכט שלאָפן און בייטאָג פאַרברענגען״. איך לייען די איבעריקע 5 נעמען — אלע שיפס־ברידער וואָס זיינען צוזאַמען מיט מיר געפאָרן גאַנצע 29 טעג. „און אָט דער באַסקעט (קאָשיק) מיט פרוכט איז פאַר דיר. דאָס איז אַ מתנה פאַר דיר אויפן וועג פון מיין פרוי״...

ביים געזעגענען זיך מיט יעטאַן און מיט מ״ר בערגן זיינען מיינע אויגן פייכט געוואָרן. איך האָב מער ניט געקאָנט איינהאַלטן אין זיך מיינע עמאָ־ציעס און פאַר פרייד ארויסגעלאָזט אַ טרער...

# אין יאָהאַנעסבורג

וווען די באַן האָט זיך גענומען דערנענטערן צו יאָהאַנעסבורג, האָבן פאַרשיידענע רעיונות זיך גענומען פלאָנטערן אין מיין מוח: ווי וועט דאָס זיין. ווי אזוי וועל איך, אַ גרינער, זיך דערשלאָגן צו מיין חבר און פריינד חיים פאָרטנאָי?... אמת, זיין אדרעס האָב איך אָפּגעהיט ווי אַ כשרע מזוזה. אָבער ווי אזוי וועל איך זיך קאָנען צונויפריידן מיטן ענגלישן איזוואָשטשיק? אפשר, טראַכט איך ווייטער, וועל איך אויף מיין מזל אָנטרעפן אַ יידישן איזוואָשטשיק... נו, דאָן בין איך שוין גאָר אַ לייט! אבי איך זאָל זיך קאָנען צונויפריידן. אָבער פונדעסטוועגן בין איך ניט געווען פאַרצווייפלט... מען וועט זיך שוין ווי ניט איז אַן עצה געבן. איך בין ביז אַהער אויפן וועג ניט פאַרלאָרן געגאַנגען, וועל איך שוין ווייטער אויך מיין שטעטל באַשטיין און וועל זיך דערשלאָגן צו מיינע פריינד...

מיינע גרינע מיטפאָרערס טרייסטן מיך:

„זאָרג זיך ניט. אונדז קומען אָפּנעמען משפחה איופּן וואָקזאַל. זיי זיינען שוין אַלטע אפריקאַנער, וועלן זיי דיר אַן עצה געבן און ארויסהעלפן".

„אַ מלמד בלייבט אַ מלמד", רופט זיך אָפּ איינער פון דער חברה. „דו האָסט דאָך געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע, ווייסן זיי דאָך דאָרט, צו ווען דו האָסט די טעלעגראַמע געקלאַפּט, אז דו קומסט אָן. נו, וועלן זיי דיר געוויס קומען באַגעגענען. זע נאָר ס'ארא וועזן ער מאַכט דאָס, דער פוילישער!"

„ער איז אַזאַ פוילישער, ווי דו ביסט אַ כאַנדריקעווער", רופט זיך אָפּ איינער וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און כלומרשט זיך געהאַלטן פאַר אַן אינטעליגענט. „הערט איר ניט נאָך זיין לשון אז ער רעדט ווי מיר, ליטוואַקעס? זינט ווען איז דאָס ביי דיר 'דער־מיר' געוואָרן פוילן?"

„זינט דעם בירגער־קריג צווישן די פּאָליאַקן מיט דער רויטער ארמיי איז אונדזער געגנט נאָכן שלום־אָפּמאַך צווישן זיי אריבערגעגאַנגען צו די פּאָליאַקן, אַן אומגליק אויף זיי! זיי האָבן אונדזער געגנט אַ נאָמען געגעבן 'די קרעסן', אָבער זיי האָבן זיך גליך אַ נעם געטאָן מיט אַ שטאַרקער האַנט צו פאַרפּוילישן דעם געגנט", האָב איך זיי דערקלערט. „זיי ווילן אונדז מאַכן פאַר בעסערע פּאָליאַקן ווי זיי זיינען אליין. און אָט אזוי זיינען מיר איבער נאַכט געוואָרן ליטווישע פּאָליאַקן".

די באַן האָט גענומען פאַרלאַנגזאַמערן איר טעמפּאָ, אָבער מיר האָבן געוווסט אז דאָס איז נאָך ניט יאָהאַנעסבורג. ווען די באַן האָט שוין גענומען קריכן און שווער סאָפּען, האָבן מיר איבערגעלייענט דעם נאָמען פון דער סטאַנציע „גערמיסטאָן". אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב מיט אַמאָל דערהערט אויסשרייען מיין נאָמען אויף דער סטאַנציע. איך שטעק ארויס מיין קאָפּ דורכן פענצטער און צו מיין איבערראַשונג האָב איך דערזען פון דער ווייטנס לויפנדיק חיים פּאָרטנאָי, רופנדיק מיין נאָמען. איך האָב געענטפערט אויף זיין רוף. ווען די באַן האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט האָב איך צו מיין גרויסער איבערראַשונג אויך דערזען זיין שוועסטער סאָשע ווי אויך נאָך אַ מירער אונדזערן, נחום סינדער ע"ה מיט זיין שוועסטער שפרה.

„גיב אַהער דורכן פענצטער דיין טשעמאָדאַן", שרייט צו מיר חיים פּאָרטנאָי, „און קום ארויס. מיר האָבן דאָ אַן אויטאָמאָביל, מיט וועלכן מיר וועלן פאָרן קיין יאָהאַנעסבורג!..."

אין איילעניש געזעגן איך זיך מיט מיינע „שיפס־ברידער" און לויף

ארויס אויף דער פּלאַטפאָרמע צו באַגעגענען מיינע טייערע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען נאָך מיט אַ סטאַנציע פאַר יאָהאַנעסבורג מיך געקומען באַגע־גענען. דער צוזאַמענטרעף האָט געדיירט ביז טרערן. ווער האָט זיך גאָר געקאָנט ריכטן און דערוואַרטן אַזאַ באַגעגעניש? איבערהויפּט האָב איך זיך זייער דערפרייט מיט די צווייי מיידלעך, שפרה סינדער און סאָשע פאַרטנאָי, וועלכע זיינען געוועזן ליבהאָבער אין מיין דראַמאַטישער טרופּע שיינע עטלעכע יאָר.

מען האָט מיך ארויסגעפירט פון וואָקזאַל אַזוי ווי מען פירט אַ חתן צו דער חופה און צוגעפירט צו אַ פאַרמאַכטן, גלאַנציקן אויטאָמאָביל. מען האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיטן שאָפער, אַ מיטגליד פון דער פאַרטנאָי־פאַמיליע, וועלכער האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר מיר ווי „דער רייכער פעטער", און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך פאַרזוכט דעם טעם פון אַ רייזע אין אַן אויטאָמאָביל...

* * *

מיר זיינען פאַרפאָרן קיין „בערטראַמס" — אַן אָרעמע געגנט אין יאָהאַ־נעסבורג. מיר זיינען אריין אין אַ הויז, וואָס ביי אונדז אין „דער־מיר" אָדער אין קלעצק וואָלט דאָס געהייסן אַ „מויער". אין עס־צימער איז געוועזן גע־גרייט אַ טיש, וואָס אין מיינע אויגן האָט עס אויסגעזען ווי צו אַ חתונה. אויפן טיש זיינען געשטאַנען פלעשער מיט פינקלדיקן וויין, אייניקע פלעשער בראָנפן מיטן אויפשריפט „כשר לפסח". אויפן טיש האָט מען קיין ברויט ניט געזען. עס זיינען געלעגן מצות, צוגעדעקט מיט קליינע אויסגענייטע טישטעכלעך „כשר לפסח". דאָס האָט מיך דערמאָנט אַז עס איז נאָך פסח אויף דער וועלט. מען האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט חיים פאַרטנאָיס משפחה, וועמען איך האָב פון דער היים ניט געקענט: זיין פאָטער, זיין על־טערע שוועסטער און שוואָגער מ"ר מאָטל זשוכאָוויצקי ע"ה. לכבוד דעם „גרינעם" גאַסט האָט מען וואַרשיינלעך פאַרבעטן נאָך אייניקע, גאָר נאָענטע פריינד, זיך צו טרעפן מיטן געקומענעם גאַסט, מיט דעם „גרינעם", וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון דער אַלטער היים.

חיימס שוואָגער, אַ גאָר ווילער און צוגעלאָזענער פאָלקס־מענטש, האָט זיך פאַר מיר פאַרענטפערט אַז דאָס הויז וווּ מיר געפינען זיך איז ניט זיין אמתע וווינונג. דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע הויז און גאָר בקרוב קלייבן זיי זיך אריבער אין אַן אַנדער געגנט, אין אַ גרעסערער הויז.

אין מיינע אויגן האָט די וווינונג אויסגעקוקט ווי אַ פּאַלאַץ. איך האָב בשעת־מעשה געטראַכט, אז חיימס שוואָגער מוז דאָ זיין איינער פון די רייכע יידן אין יאָהאַנעסבורג, אויב אזא הויז געפעלט אים ניט און ער קלייבט זיך איר איבערבייטן פאַר אַ בעסערער... הלוואי, האָב איך געטראַכט, וואָלטן אונדזערע קליינשטעטלדיקע גבירים אין דער היים פאַרמאָגן אזעלכע מויערלעך, וואָלטן זיי געווען העכסט צופרידן. און וואָס האָט געפעלט דער געגנט האָב איך אויך ניט געקאָנט פאַרשטיין. אַספאַלטירטע גאַסן, טראָטוארן פון צעמענט ביי ביידע זייטן פון די גאַסן;ביימער איינגעפלאַנצט פון ביידע זייטן, וואָס ריידן זיך איבער אויף זייער „שו־שו״־לשון. די גאַס איז ריין און ציכטיק, קיין סימן פון דער היימישער בלאָטע. טאָ מיט וואָס האָט זיך די געגנט פאַרזינדיקט וואָס מ׳באדארף זיך שעמען מיט איר ?...

ביים עסן האָט זיך דער שמועס געוויקלט און געדרייט אַרום דער היים, אַרום „דער־מיר״, אַרום דער נייער רעגירונג מיט אירע נייע באַלעבאַטים די פּאָליאַקן. און דאָ בין איך, נאַטירלעך, געווען דער „ראש־המדברים״. מען האָט פון מיר געוואָלט וויסן וואָס יעדערער אין שטעטל מאַכט, ווער עס האָט איבערגעלעבט די שטורעמדיקע צייט פון בירגער־קריג, די באָלשעוויקעס, די באַוווסטע פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס, די „האַלערטשיקעס״, וואָס האָבן אין שטעטל געבושעוועט און געמאַכט פּאָגראָמען. איך האָב זיי מיט אַלע איינצלהייטן אַלץ דערציילט. מיינע צוהערערס האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס איז אַרויס פון מיין מויל. אזוי האָבן מיר פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אַרום איינס אזייגער צו חיימס הויז אין דענוווער, ווו דאָרט האָט געדאַרפט זיין און איז טאַקע געווען מיין ערשטע סטאַנציע, זיינען מיר נאָך אַלץ ניט געגאַנגען שלאָפן. חיים האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען איבערצורייסן די אינטערעסאַנטע שמועסן און מיר האָבן נאָך ווידער אזוי גערעדט אייניקע שעהן, ביז מיר זיינען איינגעשלאָפן...

## חיים פאַרטנאָי

חיים פאַרטנאָי איז געווען אַ בן־יחיד ביי זיין טאַטע־מאַמען. ער האָט געהאַט דריי שוועסטער. דעריבער האָט ער זיך טאַקע געהאָדעוועט ווי אַ בן־יחיד. עפּעס אַ קלייניקייט — איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַ קדיש !...

חיימס טאַטע האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און איז געקומען קיין אפריקע מיט דעם אויסזיכט אָפּצו־שפּאָרן אַ ביסל געלט און קומען צוריק אַהיים מיט אַ פּאָר פונט אין קעשענע און ווערן אַ באַלעבאָס, ווי אַ סך אַנדערע יידן וואָס זיינען אוועקגעפאָרן קיין אפריקע, אָפּגעווען אייניקע יאָר און זיינען געקומען צוריק אַהיים. מיט דאָס געבראַכטע עטלעכע פונט, וואָס אין יענער צייט אין רוסלאַנד האָט מען פאַר איין פונט געקראָגן גאַנצע 10 רובל, פלעגן די צוריקגעקומענע עפענען אַ קרעמל און ווערן אַ קרעמער מיט לייטן גלייך. עס פלעגט אָבער זייער אָפט טרעפן אַז ניט יעדן איינעם האָט עס אָפּגעגליקט אַזוי גיך און מען האָט זיך געמוטשעט פאַרזאַמען אין אפריקע נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי, ביז די גאולה איז געקומען. חיימס טאַטע איז טאַקע געווען פון די וואָס האָט ניט געקאָנט אַזוי גיך פאַרדינען און אָפּשפּאָרן עטלעכע פונט. דעריבער איז די צייט צו פאָרן צוריק אַהיים נאָך ניט געקומען. אַזוי וואַרטנדיק אַ יאָר נאָך אַ יאָר איז פּלוצלונג אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און ער האָט שוין גאָר פאַרשפּאָרט צו טראַכטן וועגן פאָרן אַהיים.

ניט נאָר האָט מען ניט געקאָנט פאָרן אַהיים, נאָר אפילו שיקן אַ בריוול מיט אַ פּאָר פונט פאַר ווייב און קינדער איז געווען אוממעגלעך. אַזוי אַרום איז חיימס טאַטע געבליבן אין אפריקע און חנה־לאה, חיימס מאַמע, מיט די קינדער זיינען געבליבן אויף גאָטס באַראָט, אָן קיין שטיצע פון איר מאַן...

קיין באַלמעלאָכע איז חיים ניט געווען. זיין מאַמען איז אפנים ניט אָנ־געשטאַנען אַז איר בן־יחיד זאָל ווערן אַן אַרבעטער. איז חיים, ווי אַ סך יינגלעך אין שטעטל אין זיינע יאָרן, געוואָרן אַ ליידיק־גייער... ער פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג אין דער ביבליאָטעק און זיך גריבלען אין פאַרשיידענע ביכער ביז... ווי פון הימל איז פאַר אים אַראָפּגעפאַלן דער דראַמאַטישער קרייז. קיין טעאַטראַלע פעאיקייטן האָט ער ניט פאַרמאָגט. דערפאַר אָבער איז ער געווען באַהאַוונט אין די שוואַרצע פינטעלעך. איז פאַר אים געווען ווי אָנגעמאָסטן די אַרבעט פון ווערן אַ „סופליאָר" ביי דעם דראַמאַטישן קרייז. און קיין בעסערן „סופליאָר" האָט זיך דער קרייז ניט געקאָנט ווינטשן. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער שידוך, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון דער עקסיסטענץ פון דער דראַמאַטישער גרופּע, ביז חיים מיט זיין מאַמען און זיינע שוועסטערס האָבן נאָך דער מלחמה פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיינען אָפּגעפאָרן קיין אפריקע צו זייער מאַן און טאַטן, וואָס

האָט שוין זיינע אויגן אויסגעקוקט און זיך קוים דערוואַרט אויף דער צייט ווען ער וועט קאָנען אראָפּברענגען זיין געגאַרטער משפחה.

דורך דער צייט האָט מ״ר פּאָרטנאָי, חיימס טאַטע, זיך ארויפגעאַרבעט אויף אַן אייגענער הויז אין אַ יאָהאַנעסבורגער פאָרשטאָט, אין דענווער, אזוי אז זיין משפחה האָט שוין געהאַט צו וואָס צו קומען און ער האָט זיך געהאַט מיט וואָס צו באַווייזן פאַר זיין ווייב און קינדער.

* * *

יאָהאַנעסבורג איז אָבער ניט „דער־מיר״. ערשטנס איז פאַר חיימען אין יאָהאַנעסבורג ניט געווען וועמען צו סופלירן. צווייטנס, אין יאָהאַנעס־בורג דאַרף מען זען צו דערשלאָגן זיך צו אַ תכלית. חיים האָט מיט דער הילף פון אַ באַקאַנטן לאַנדסמאַן זיינעם, אַ זייגערמאַכער, זיך אויסגעלערנט ווי צו פאַרריכטן אַ זייגער, און ביי זיין שוואָגער אין קראָם האָט ער ביים פענצטער אוועקגעשטעלט א טישל, ארויסגעהאָנגען אַ שילד מיט אַן אויס־געמאָלטן זייגער און האָט זיך פאַרנומען צו פאַרריכטן זייגערס וואָס ער טוט עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג...

על פּי טבע איז חיים פּאָרטנאָי געווען אַ שטילער מענטש. אזוי איז ער געווען אין דער היים און אזוי איז ער פאַרבליבן אינעם נייעם לאַנד. אליין קיין פאַרדינער איז ער ניט געווען אין דער היים, האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי זיין מאַמען, וועלכע האָט ארויסגעקוקט אויף אַ בריוול און אָפטמאָל אויף אַ פאַר פונט פון טאַטן אין אַפריקע. אָבער מלחמה־צייט, ווען אַלע בריקן צווישן דער אַלטער היים און אַפריקע זיינען צעשטערט געוואָרן און ניט נאָר קיין שטיצע האָט זיך ניט געקאָנט דורכרייסן, נאָר אפילו קיין קאָנטאַקט איז ניט מעגלעך געווען מיטן טאַטן, איז דען געווען אַ וואונדער וואָס חיים איז שטענדיק ארומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער ?...

איך געדענק ניט אז חיים זאָל אַמאָל, אפילו ווינטער־צייט אין די גרעס־טע פרעסט, האָבן געטראָגן כאָטש אַ שטיקל מאַנטל. דעם איינציקן וואַרע־מען בגד וואָס חיים פלעגט אָנטאָן אין די גאָר גרויסע פרעסט איז געווען אַ באַשליק ארומגעדרייט ארום זיין האלדז. אין אזא אָנטועכץ פלעגט ער גאַנצע טעג ארומלויפן צו קריגן אַ פּאַפּיראָס־מאַכאָרקע... אין די אָוונטן פלעגט ער לויפן פון איין ליבהאָבער צום צווייטן אָנצוזאָגן זיי צו קומען וואָס גיכער אין צייט אויף פּראָבע...

דאָס אַלץ איז געווען אין דער אַלטער היים. אָבער דאָ, אין אַפריקע,

באַזונדערס אין יאָהאַנעסבורג, ווו קיין דאגות־חיונה האָט ער שוין ניט געהאַט, איז ער געגאַנגען אַנגעטאָן ווי אַ „דזשענטלמען״, אין אַן אָנצוג מיט אַ ווייסער, געפּרעסטער העמד. מיט זיין אינטעליגענץ האָט ער זיך אוודאי ניט געהאַט וואָס צו שעמען פאַר לייטן. ער איז געווען באַקאַנט און באַ־האַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור נאָך פון דער אַלטער היים, געקענט ריידן און אָנטיילנעמען אין אַ דיסקוסיע אויף פאַרשיידענע טעמעס. מען קאָן זאָגן: אַ מענטש מיט אינטעליגענץ, אַ קולטורעלער מענטש... איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל דאָ געפינען חיים פאַרטנאָי פאַרנעמענדיק אַן אָנגע־זעענעם אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן... האָב איך אָבער געמאַכט אַ טעות! דער זעלביקער חיימקע פאַרטנאָי דער זעלביקער עניו, דער זעלביקער שטי־לער מענטש, וואָס שאַרט זיך ארום די ווענט און האָט מורא צו שטעלן א האַסטיקן טראָט, מען זאָל אים חלילה ניט אָנזען צופיל; ער זאָל זיך צופיל ניט ווארפן אין די אויגן...

נאָך איניקע „האָניק־טעג״ אין יאָהאַנעסבורג, האָב איך זיך גענומען בעטן ביי חיימען: וואָס וועט זיין דער תכלית פון מיין ארומדרייען זיך אין די גאַסן? מ׳דאַרף דאָך זען עפּעס וועגן א תכלית! מען דאַרף דאָך זען עפּעס אָנצוהייבן פאַרדינען! מען דאַרף דאָך אַ טראַכט טאָן וועגן אַ מעגלעכקייט צו שיקן עפּעס אהיים צו דער משפּחה! איז וואָס זשע הייבט מען אָן צו טאָן? קיין יידישע פאָלק־שולן, ווו מ׳זאָל דארפן יידישע לערערס זיינען אין יאָהאַנעסבורג ניט פאראַן. און פון אקטיאָרעווען קאָן מען דאָ אויך קיין לעבן ניט מאַכן.

ביי מיין אָנקומען קיין יאָהאַנעסבורג האָט דאָ געשפּילט אַ יידישע טרו־פּע אַקטיאָרן פון פוילן אונטער דער אָנפירונג פון די דאָן באַוווסטע יידישע אַקטיאָרן פּאָול ברייטמאַן און ווערא קאַניעווסקי. גראָדע האָב איך געבראַכט מיט זיך אַ זייער גוטן רעקאָמענדאַציע־בריוו צו ברייטמאַנען פון דעם באַ־ווסטן יידישן רעזשיסאָר דוד הערמאַן, ווו ער לויבט מיר אין הימל אריין. דערצו נאָך האָב איך געבראַכט צו פּאָול ברייטמאַן אַ בריוו פון זיין מוטער פון וואַרשע, ווו זי בעט איר באַליבטן זון, אז ער זאָל ארויסהעלפן אַן עלנטן יידישן יונגנמאַן. איך בין זיכער געווען אז מיט אזעלכע רעקאָמענדאַציעס און בריוו וועט דער חשובער ה׳ ברייטמאַן מיך ארייננכאַפּן אין זיין טרופּע ווי אַן „אבן־טוב״...

פּאָול ברייטמאַן האָט מיר טאַקע זייער פיין אויפגענומען... אויף קיין

שענערע און בעסערע אויפנאַמע האָב איך זיך ניט געקאָנט ריכטן... ער וואָלט מיך מיטן גרעסטן פאַרגעניגן ארייגעפּאַסט אין דער טרופּע, אָבער... צו זיין באַדויערן און צו מיין שלים־מזל האָלט דער סעזאָן ביים פאַרענדיקט ווערן. זיי שפּילן שוין די לעצטע פאָרשטעלונג און אין צוויי טעג ארום מאַכן זיי שוין הכנות צו פאַרלאָזן דרום אפריקע.

איז דאָך שוין ווידער ניטאָ אויף וואָס צו האָפן...

* * *

פאַר מיין אָפּפאָרן פון דער היים, ביים געזעגענען זיך מיט מיין ווייב, געדענק איך ווי זי האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן רחמים ביי מיר:

„זע, מיין טייערער, טו דאָרט וואָס דו ווילסט און וואָס דיר וועט אויס־קומען, נאָר איין זאַך וויל איך דו זאָלסט מיר צוזאָגן: ווי ווייט מעגלעך ניט ארייגלאָזן זיך אין קהלשע ענינים ווי אין דער היים... ווארף איינמאָל פאַר אלע מאָל אוועק דיין לערעריי און דיין אקטיאָרעווען. אויב מעגלעך ווער צוריק אַ מאָלער. אַן אנונג האָסטו דאָך אין דעם פאַך. ווער אַ באַלמעלאָכע, אבי ניט ווערן ווידער קיין ‚קהלשער מענטש'... וואָס דו זאָלסט ניט טאָן איז אַלץ בעסער ווי לערעריי אָדער ווי זיין אַ קאַטערינשטשיק ווי דיין טאַטע פלעגט דיך רופן. סיידן, דאָס וואַסער וועט שוין גרייכן איבערן האַלדז!..."

איך האָב איר צוגעזאָגט. דעריבער האָב איך דאָס ערשטע זיך געבעטן ביי חיימען און ביי זיין שוואָגער, זיי זאָלן זען צו קריגן פאַר מיר ערגעץ אַרבעט אַלס מאָליער. נאָך אזא לאַנגער צייט ניט פּראַקטיצירן דעם פאַך דאַרף מען פּרובירן אויף דאָס ניי מיין מזל... און ס'האָט זיך מיר געדאַכט אז איך בין שוין אויף אַ וועג. חיימס שוואָגער האָט געהאַט אַ באַקאַנטן קריסטלעכן מאַליער־אונטערנעמער, אַ „פּיינטינג־קאָנטראַקטאָר", ווי דאָס הייסט דאָ, וואָס האָט זיך טאַקע געניטיקט אין אַ גוטן „פּיינטער" (מאַליער). מיין חבר חיים האָט מיט גרויס צופרידנהייט מיך געבראַכט צום ריכטיקן אָרט אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס און איך ארבעט שוין מיט מזל און גליק...

וואָלט דאָך שוין גוט געווען! בפרט נאָך אז פאַר דער ערשטער וואָך האָב איך אָפּגענומען אַ געהאַלט, אַ קיימאַ־לן פון גאַנצע דריי פונט.. האָט עס אָבער ערשט ניט געטויגט! ווייל אויף דער קומענדיקער וואָך האָט מיר דער באַלעבאָס ביים באַצאָלן געהייסן מער ניט קומען צו דער ארבעט. און וואָס איז דער ווונדער? די שפּראַך קען איך ניט און פאַרשטיי ניט וואָס דער

„פאַרמאַן״ (פאַרוואַלטער) וויל פון מיר. דערצו נאָך, ווען מ׳האָט מיך גע־הייסן קריכן אויף אַ הויכן לייטער ארייננצושטעלן אַ שויב אין אַ פענצטער האָב איך ראשית מיינע הענט זיך צעשניטן, פון לייטער שיעור ניט אראָפּ־געפאַלן און קוים ארויס מיטן לעבן... פון וואַנען זאָל איך וויסן, אז דאָ אין אפריקע מוז א „פיינטער״ טאָן די אַרבעט פון אַ גלעזער און קענען אריינ־שטעלן שויבן? הכלל, איך בין שוין ווידער ארבעטסלאָז!...

קומט דער אָוונט נעמט מיך ציען צו קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך קום מיט חיימען אין ליטערארישן פאַראיין, וואָס האָט געהאַט זיין לאָ־קאַל אין קעלער פון „דזשואיש גילד״. איך שלעפּ ארויס פון מיין בוזעם־קעשענע אַ פּאַק מיט רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס ווייזן אויף אז איך בין דער רעזשיסאָר פון אַן אַנערקענטער טרופּע ביי דער ראַטן־רעגירונג; בריוו פון דער שול־פאַרוואַלטונג, ווו איך בין געווען גאַנצע אַכט יאָר פאַר־וואַלטער פון דער מיטלער יידישער פאָלק־שול, וועלכע איז געווען אַנגעשלאָסן צו דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע; אַ גאַנצע מגילה פון דעם גרעסטן יידישן רעזשיסאָר אין יענער צייט דעם באַוווסטן דוד הערמאַן, ווו ער שרייבט צווישן אַנדערע: „עס קומט צו איך אַ כוח אויפן טעאַטער־געביט, ער וועט ביי אייך הייבן דעם ניוואָ פון יידישן טעאַטער, אאַ״וו״.

מען דערפרייט זיך זייער מיט מיר. זיי בייטיקן זיך טאַקע שטאַרק אין אזאַ מענטשן, וואָס זאָל קענען אָנפירן מיט אַ ליבהאָבער־קרייז. זיי האָבן דאָ טאַקע אַ גאַנץ פעאיקע ליבהאָבער־גרופּע, אָבער קיין קוואַליפיצירטן רע־זשיסאָר האָבן זיי ניט. דער דעמאָלטדיקער סעקרעטאַר, מיין איצטיקער חבר און פריינד יודל לאַזאַרוס נעמט פון מיר דעם וויכטיקן דאָקומענט פון דוד הערמאַן און זאָגט מיר צו, אז אין די נאָענטסטע טעג וועט מען זיך מיט מיר קאָמוניקירן...

(אגב, דעם אזוי וויכטיקן דאָקומענט פון דוד הערמאַן האָב איך שוין מער ניט געזען. ער איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין דעם ארכיוו פון ליטעראַרישן פאַראיין. אַ פאַרלוסט פאַר ייוו״אָ).

* * *

אין איניקע טעג ארום האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם ליטעראַרישן פאַראיין ווו מ׳לאַדט מיך צו אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג. מיין וועג־ווייזער, חיים פאַרטנאָי, ברענגט מיר צו דער געהעריקער צייט אין קעלער פון „דזשואיש גילד״.

דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט די מיטגלידער פון קאָמיטעט. דער פאָרזיצער איז דאַן געווען דער חבר עליק פּינקוס ע״ה. איך וועל פּרובירן אויסרעכענען דעם צוזאַמענשטעל פון יענער פאַרוואַלטונג, אויף וויפל איך געדענק: רחמיאל פעלדמאַן, די ברידער פרענקלס, מאַרק לעווי, שלמה רובין — אלע שוכני עפר; לייבל פעלדמאַן און ה. ערליך.

מען האָט גענומען באַהאַנדלען די פראַגע פון גרינדן אַ דראַמאַטישע סעקציע ביים ליטעראַרישן פאַראיין. די עובדה פון אָרגאַניזירן אַ דראַמ.־סעקציע האָט מען איבערגעגעבן צו שלמה רובין און מיר. אויף יענער זי־צונג איז אויך איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן מיך צו קאָאָפּטירן צו דער פאַרוואַלטונג, און דעם קומענדיקן פרייטיק ווען ס׳איז דערשינען „דער אפריקאַנער״, איז שוין געווען אָנגעגעבן דער נאָמען פון דעם ניי־קאָאָפּטירטן מיטגליד.

זיך באַקענענדיק נענטער מיט די מיטגלידער פון דעם ליטעראַרישן פאַראיין מוז איך נאָך איצט פעסטשטעלן, אז דעם בעסטן איינדרוק האָט דאַן אויף מיר געמאַכט רחמיאל פעלדמאַן ע״ה. מיר זיינען נענטער באַפריינדעט געוואָרן און ער האָט מיך גלייך איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אַ זונטיק פרי, וווּ איך וועל זיך דאָרט טרעפן און באַקענען מיט נאָך קולטור־טוער פון דער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע פלעגן האָבן זייער זאַמל־פונקט אלע זונטיק פרי ביי די פעלדמאַנס, אין לואיזע סטריט, דאָרנפאָנטיין.

אגב געדענק איך אויך, ווי דעם ערשטן זונטיק ווען איך בין געקומען צו די פעלדמאַנס האָב איך געבראַכט מיט זיך מיין ליטעראַרישן באַגאַזש, וואָס איך האָב דאַן פאַרמאָגט: אייניקע קינדער־מעשהלעך פון די „גרינינקע ביימעלעך״, ארויסגעגעבן אין ווילנע דורך דעם לערער און פּעדאַגאָג ש. באַסטאָמסקי; אַן אַרטיקל וועגן נייעם מאָדערנעם קינדער־טעאַטער און וואָס ער דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן, געדרוקט אין „שול און היים״ — אַ פּעדאַ־גאָגישער זשורנאַל פאַר עלטערן; אַן אויסצוג פון מיינער אַ רעדע, גע־האַלטן אויף אַ לערער־קאָנפערענץ אין וואַרשע, וועגן דעם לימוד פון יידי־שער געשיכטע אין אונדזערע פאָלק־שולן און נאָך אנדערע פון מיינע ערשטע טריט אלס „פען־מענטש״.

די אייניקע פאַרזאַמלטע מיט רחמיאל פעלדמאַן בראש האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט מיינע שרייבערישע ארבעטן, מ׳האָט דאָס צעכאַפּט צום לייענען און מער האָב איך דאָס שוין ניט געזען. דאָס האָט

געהאַט דעם זעלביקן גורל ווי דוד הערמאַנס בריוו וועגן מיר, ווי אויך דעם זעלביקן גורל האָט געהאַט מיין גאַנצע ביבליאָטעק וואָס איך האָב זיך איינגעשאַפט אין וואַרשע און וואָס ס׳האָט מיך דאַן אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגנס דאָס אריבערצוברענגען קיין דרום אפריקע...

ביי די פעלדמאַנס האָבן מיר, שלמה רובין און איך, באַשטימט די זעלביקע וואָך צו האָבן אַ צוזאַמענטרעף מיט די ליבהאָבער, וועלכע וואַרטן שוין מיט אומגעדולד ארויפצוגיין אויף די „ברעטער״ פון דער בינע און געבן די ערשטע פאָרשטעלונג. שלמה רובין האָט פאָרגעלייגט, אז פאַר דעם ערשטן ארויסטריט זאָלן מיר אויפפירן צוויי איינאַקטערס: „מענטשן״ פון שלום־עליכם און „דער חתן״ פון טונקעלער.

און כך הוה. צו דער ערשטער פאָרלעזונג־פּראָבע זיינען, אויף וויפל איך געדענק, געקומען די פאָלגענדע טעאַטער־ליבהאָבער: מענער — שלמה רובין, באַרני קארלין, ל. פריימאַן, דעמבאָ (אַלע שוין אויפן עולם האמת), יוסף פריד, יודל לאַזאַרוס. פרויען — אסתר שטיין, ליובא שול (הורוויטש) — שוין ביידע ניטאָ — קלאַראַ טענענבוים, חיים פאָרטנאָיס שוועסטער סאַשע, וועלכע האָט שוין געשפּילט אין דער אַלטער היים „די מאַדאַם״ אין „מענטשן״. מיט איר איז אויך געקומען מיין וועג־ווייזער חיים פאָרטנאָי, אַלס סופליאָר.

מיין פאָרלייענען און אויפקלערונגען פון די כאַראַקטערן האָט געמאַכט אויף די ליבהאָבער זייער אַ גוטן איינדרוק און מ׳האָט באַשטימט זיך נעמען צו דער אַרבעט מיט די פּראָבעס.

# איך ווער אַ „פּיינטער“



אָס פון טאָג ווערט מיין באַקאַנטשאַפט דורך דעם ליטעראַרישן פאַר־איין און דער דראַמאַטישער סעקציע אַלץ גרעסער. פאַר אַלעמען רעקלאַמיר איך זיך אַלס אַ „פּיינטער“ פון פאַך. אין דער זעלבער צייט באַמיען זיך מיינע גוטע פריינד צו געפינען פאר מיר ארבעט.

דער ערשטער האָט מיך אַנגאַזשירט מיין פריינד שלמה רובין. ער האָט מיר געבעטן, ניט באשטימענדיק קיין פרייז פון פּאַרויס, איך זאָל אים צו־רעכט מאַכן און אויסדעקאָרירן זיין פאַריקמאַכערסקע (באַרבער־שאָפּ). ביז וואנען איך האָב קוים מיט צרות אויסגעענדיקט זיין קליינע „באַרבער־שאָפּ“, און ביז וואַנען ער האָט שוין דערלעבט מיר זען פון יענער זייט טיר, זיינען אים שיעור זיינע אויגן ארויסגעקראָכן פון קאָפּ. איך בין זיכער אז ער אליין, כאָטש אזא גוטער פריינד מיינער, האָט שוין פארזאָגט א צענטן מען זאָל זיך ניט אָנהייבן מיט אזעלכע „שנעלע באלמעלאָכעס“ ווי איך בין געווען.

איך האָב געהאַט שוין אָנגעגנומען ביי אַ צווייטן באַקאַנטן אַ היפּשע קראַם אויסצומאַליעווען, האָט ער זיך אפּנים דערוווּסט פון שלמה רובינס גליקן, און פון דעם „קאָנטראַקט" האָט זיך קיין זאַך ניט אויסגעלאָזן...

דורך רעקאָמענדאַציעס האָב איך זיך דערשלאָגן צו אַ יידישן „פּיינטינג-קאָנטראַקטאָר" (מאַליער-אונטערנעמער) און ער האָט מיך אָנגענומען אַר-בעטן פאַר אים. מיין באַלעבאָס האָט אויך געהאַט אַ שטיקל טעאַטער-ייחוס. זיין טאָכטער איז געווען די באַקאַנטע יידישע אַקטריסע דאָרא נייטען און ער אליין איז געווען אַ סופליאָר. אגב, ביים באַקומען דעם „דזשאָב" איז מיר דאָ עטוואָס צוגעץ געקומען מיין טעאַטער-ייחוס. ווען מ"ר נייטען האָט זיך דערוווּסט, אַז איך האָב אַמאָל אין דער היים געשפּילט טעאַטער און דאָ בין איך אויך באַשטימט געוואָרן פאַרן רעזשיסאָר פון דער נייער דראַמאַטישער סעקציע ביים ליטעראַרישן פאַראיין, האָט דאָס אַ סך צוגעהאָלפן איך זאָל אָנגענומען ווערן ביי אים אַלס „פּיינטער".

ביי מ"ר נייטענען האָב איך שוין געטראָפן אַ האַלבן דוצן אַרבעטער-„פּיינטערס". צווישן זיי איז געווען אַ יידישער „פּיינטער" מיטן נאָמען אַדאָלף הענסאָן. ער איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון ליבאַווע, אַ מאַן אַן „אַסאָבע", הויך און ברייט. גערעדט האָט ער אַ קורלענדער יידיש וואָס האָט איבערגע-לאָזט אַן איינדרוק. כאָטש אַ „גרינער", האָבן דאָך די עטלעכע ענגלישע און אַפריקאַנישע „פּיינטערס", וועלכע האָבן געאַרבעט צוזאַמען ביי דעם זעל-ביקן יידישן קאָנטראַקטאָר, געהאַט גרויס דרך-ארץ פאַר אַדאָלף דעם „גרינ-האָרן". די ענגלישע שפּראַך האָט ער נאָך ניט געקענט, דאָך האָט ער זיך ווי ניט איז קאָמוניקירט מיט זיי. אגב, געדענקט זיך אַ קורצער עפּיזאָד וואָס האָט געטראָפן צווישן אַדאָלפן און אַן אַפריקאַנער „פּיינטער".

אַדאָלף איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פאַכמאַן. געקומען פון ליבאַווע, ווו ער האָט געלערנט און זיך פאַרפולקאָמט אין דעם פאַך, האָט ער גלייך געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער אַרבעט מיטן איינפירן מעטאָדן פון שנעלער פּראָדוקציע, וואָס דעם באַלעבאָס מ"ר נייטענען איז עס זייער געפעלן גע-וואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַדאָלף וואָלט באַהערשט די שפּראַך וואָלט אים מ"ר נייטען געוויס באַשטימט פאַרן „פאָרמאַן" איבער די אַרבעטער. אָבער אדאָלף האָט מער ווי יידיש און דייטש ניט גערעדט. ניט געקוקט דערויף פלעגט דער באַלעבאָס שטענדיק זיך אַן עצה האַלטן מיט אַדאָלפן ווי אזוי די אַרבעט זאָל געפירט ווערן.

די קריסטלעכע ארבעטער האָבן געזען און פאַרשטאַנען, אז אַדאָלף ווייס דעם פאַך, האָט מער געניטשאַפּט אין דער אַרבעט און זיי האָבן צו אים ארויפגעקוקט מיט גרויס דרך־ארץ. אָבער איינער אן אפריקאַנער ארבעטער האָט דערזען אין אַדאָלפן א קאָנקורענט און האָט געשפּירט אז אין אַ שיינעם פרימאָרגן וועט ער, אדאָלף, פארנעמען דעם פּלאַץ פון „פאָרמאַן" ביי מ"ר נייטענגן. ער האָט געזוכט אויף אים כלערליי חסרונות. עס האָט אים זייער פאַרדראָסן דער פאַקט, אז ווען דער באַלעבאָס קומט צו באטראַכטן די אַרבעט, ווענדט ער זיך שטענדיק צו אַדאָלפן און האַלט זיך מיט אים אַן עצה. ס'איז אויך געווען נאַטירלעך אז דער באַלעבאָס האָט זיך צו אַדאָלפן באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט.

דאָס האָט געבראַכט צו קנאה מצד דעם אפריקאַנער ארבעטער, וועלכער האָט זיך געריכט צו ווערן דער „פאָרמאַן" און ער האָט געזוכט וועגן און מיטלען ווי אזוי גיכער פּטור צו ווערן פון דער „אָנשיקעניש" אַדאָלף...

איינמאָל ביים עסן מיטאָג (לאָנטש בלע"ז) האָט אַדאָלף געשפּירט און איז געווען זיכער ביי זיך, אז דער אפריקאַנער ארבעטער רעדט און לאַכט אָפּ פון אים, פון דעם „יודע". מער האָט אדאָלף ניט געדאַרפט. אז מען האָט אָנגערירט זיין „פּינטעלע ייד" איז געווען „הימל עפן זיך". אדאָלף האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויפן אפריקאַנער ארבעטער האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן מיט זיין צעבראָכענעם ענגליש, געמישט מיט יידיש און דייטש:

„הער נאָר, דו, אויב דיר געפעלט עפּעס צו ריידן וועגן מיר אַלס אַ 'יודע', זאָג דאָס מיר דירעקט, אָבער ניט לאַכן פון מיר הינטער מיין רוקן. איך האָב פיינט אז מען מאכט וויצן אויף מיין חשבון. דו הערסט וואָס איך זאָג דיר!..."

דאָס איז שוין געווען צופיל פארן אפריקאַנער ארבעטער, וועלכער האָט זיך געהאַלטן צווישן די אַרבעטער ווי אַ גאַנצער „יאַ טעבע דאַם" און ביי וועמען די יוכע און די קינאה האָט שוין לאַנג געטליעט אויף דעם „יודע" אַדאָלף, זינט ער איז געקומען ארבעטן פאַר דער פירמע...

„ווילסטו אפשר מיר דאָס מויל פאַרמאַכן. איך זאָל שווייגן, ווייל דאָ געפינען זיך אַ פּאָר 'גרינהאָרנס'", האָט דער אפריקאַנער אויסגעשטעלט אַ פּאָר גראָע, ווילדע אויגן אויף אַדאָלפן.

„ריידן קענסטו וויפל דיין האַרץ גלוסט, נאָר ניט אויף אונדזער חשבון!

דו הערסט, איך בין דיר מתרה!" האָט שוין אדאָלף אויך ניט גלייכגיל־טיק געזאָגט.

„ווי געפעלט איך דער 'בלעדי־דזשו!' (פארפלוכטער ייד). האָט איר געהערט אזוינס? ער וויל מיר דיקטירן וועגן וואָס און וועגן וועמען צו ריידן!"

אז אַדאָלף האָט דערהערט דאָס וואָרט „בלעדי־דזשו", איז אים דאָס בלוט ארײַן אין פּנים. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום אפריקאַנער, אריינ־געקוקט אים טיף אין זיינע אויגן אריין און מיטן ווייז־פינגער געצילט אויף אים זאָגנדיק:

„דו בלוטיקער בור ('בלעדי בור'), דו זאָלסט מיר 'בלעדי־דזשו' ניט רופן. דו וועסט ביי מיר קריגן אויסגעהאַקט אלע דיינע ציינער, אז ס'וועט דיר נעמען א גאַנצע וואָך זיי אויפצוקלייבן!"

„וואָס?" האָט זיך דער אפריקאַנער אַ הייב געטאָן פון אָרט מיט כעס, „דו וואגסט צו מיר אזוי ריידן? אפשר ווילסטו זיך פאַרמעסטן מיט מיר אין אַ 'פייט'?" (געשלעג). און ניט געטראַכט קיין סך האָט ער גליך גענומען אראָפּנעמען זיינע ארבעטס־קליידער...

„מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!" האָט זיך אדאָלף אָפּגערופן און האָט אויך גענומען אויסטאָן זיינע ארבעטס־מלבושים. „איך וועל אים ווייזן ווי אַ רוּ־סאַק קאָן מכבד זיין", ווינקט ער צו מיר.

אַלע האָבן זיך אויפגעהייבן, געמאַכט אַ קרייז און אין קרייז זיינען אריין אַדאָלף און דער אפריקאַנער. דער אפריקאַנער האָט אָנגעשטעלט ביידע פויסטן, דאָס גלייכן אַדאָלף. און איידער נאָך דער אפריקאַנער האָט באַוויזן אָנצוהייבן שפּרינגען „קדוש" און זיך דערנענטערן צו אַדאָלפן, האָט זיך אַדאָלף אַ לאָז געטאָן אויף אים ווי אַ שפּאַרבער, אים גלייך אונטערגעשטעלט אַ פוס, אַ נעם געטאָן און דער אפריקאַנער ליגט שוין אויסגעצויגן אויף דער ערד. אדאָלף ליגט איף אים און בוכצעט אים אזוי אריין ווי געהעריק ווו נאָר עס לאָזט זיך: אין בויך, אין פּנים, אין די זייטן און דער אפריקאַנער, אונטער אדאָלפן, האַלט אין איין סקאַוווטשען ווי אַ געשלאָגענער הונט...

ס'איז געוואָרן אַ טומל צווישן די אַרבעטער. „ס'איז ניט ריכטיק, ס'איז ניט לויטן געזעץ! דער ראַשן (רוסאַק) האָט ניט געהאַט קיין רעכט אזוי צו 'פייטן'... שטעלט אָפּ דעם 'פייט'"!

אדאָלף האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט און אַ זאָג געטאָן:

„אָט אזוי שלאָגט מען זיך ביי אונדז אין רוסלאנד! ווער עס וויל פאַרזוכן דעם טעם פון אַ רוסישן 'בוכצע' קען קומען — נאָר איינציקווייז!..."

פאַר מורא האָט זיך קיינער פון אָרט ניט גערירט. מ'האָט דעם צע־שלאָגענעם אפריקאַנער געהאָלפן אויפשטיין און מען האָט זיי ביידן, אַדאָלפן און זיין אָפּאָנענט, געצוווּנגען זיך צו געבן די הענט און ס'זאָל ווערן „שלום". אזוי פירט זיך דאָ, האָט מען דערקלערט אדאָלפן. אָבער ס'איז אדאָלפן ניט אָנגעקומען אזוי לייכט שלום מאַכן מיט אָט דעם „כאם", וואָס האָט אים טיף באַליידיקט מיטן רופן אים „בלעדי דזשו". זייענדיק אין אַ צושטאַנד פון אויפרעקונג האָט אַדאָלף אַלעמען מתרה געווען אז אויב ער וועט פון עמעצן הערן אָט דעם דאָזיקן זידל־וואָרט, וועט ער יענעם לאָזן אַ קאַלטן אויפן אָרט...

פון יענעם מאָמענט אָן איז די באַציאונג צו אדאָלפן מצד די „יעקלעך", ווי מיר האָבן זיי גערופן, געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. אפילו דער געשלאָגענער אפריקאַנער האָט געקראָגן פאַר אים גרויס דרך־ארץ. אזוי ווי אדאָלף האָט מיך ארונטערגענומען אונטער זיין השגחה, האָבן שוין די „יעקלעך" אויך צו מיר זיך באַצויגן מענטשלעך, ווי נאָר „פיינטערס" קענען...

ווען דער באַלעבאָס, מ"ר בייטען, האָט זיך דערוווּסט די איינצלהייטן פון דעם „פייט", האָט ער צו אַדאָלפן געזאָגט:

„אַדאָלף, איך האָב געהערט אז דו האָסט אים אָרנטלעך מכבד געווען, זאָל ער, דער חזיר, דאָס טראָגן און פאַרנוצן געזונטערהייט. אַ שאָד וואָס דו האָסט אים ניט צעבראָכן אַ האַנט אָדער אַ פוס. און דיר זאָל דאָס ווייל באַקומען!..."

## איך רעוואָלטיר

איך האָב דאַנקען גאָט, נושא חן געווען אין אדאָלפס אויגן און במילא האָט ער זיך באַמיט אז דער באַלעבאָס זאָל מיך אָנהאַלטן אויפן „דזשאב". ער האָט מיר שטענדיק צוגעשאַרט די לייכטסטע ארבעט און האָט מיך באַ־שיצט אזוי, אז ס'האָט זיך שוין אויסגעדוכט אז איך פאַרדין שוין רעגולער דריי פונט אַ וואָך, אָבער — אויפן פאַפּיר...

פאַרוואָס אויפן פאַפּיר? גאָר פשוט! דאָס איז געווען דערפאַר וואָס אונדזער באַלעבאָס מ"ר בייטען איז, לאָ־עליכם, געווען אַ גרויסער „רייסעס־

ניק״. ער פלעגט שפילן די „פערדלעך״... שבת 12 אזייגער, ווען מיר האָבן געדאַרפט באַקומען אונדזערע שכירות פאַר דער וואָך, פלעגן גראָדע נאָך מיטאָג פאַרקומען די „רייסעס״, די פערד־געיעגן און מ״ר נייטען האָט דאַן געדאַרפט האָבן אַ סך געלט. וואָס מער ער וועט האָבן, אַלץ מער וועט ער געווינען... אזוי האָט אונדזער באַלעבאָס אויסגעחשבונט. די פערד אָבער האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע חשבונות... די „יעקלעך״ האָט ער דאָך גע־מוזט באַצאָלן — מענטשן מיט ווייבער און קינדער. דערפאַר אָבער פלעגט ער שבת שטענדיק אויסלייען פון אַדאָלפן און פון מיר פון אונדזערע שכירות.

דער תירוץ איז געווען אַז דאָס אנטלייט ער ביי אונדז ניט שפּעטער ווי ביז מאָנטיק, כלומרשט אַ הלוואה... ער איז שטענדיק געווען זיכער ביי זיך, אַז דעם שבת וועט ער געווינען... ער איז געווען אזוי זיכער ביי זיך, ווי היינט איז שבת אויף דער וועלט (ער האָט היינט פרי געקראָגן דעם ריכטיקן „טיפּ״), אַז ער וועט פונעם „רייס״־פּלאַץ קומען מיט „אַן אפותיקא״ אין קעשענע... דער סוף פלעגט זיין אַז ער פלעגט ניט האָבן קיין דריי פענעס טראַמוויי־געלט צו פאָרן אהיים. אזוי פלעגט פאַרקומען אַלע שבת: דער זעלביקער ניגון, די זעלביקע גליקן... פאַר דער צייט האָט זיך אָנגעקליבן ביי אונדזער באַלעבאָס מיינער אַ גרויסער פאַרמעגן. דאָס גלייכן אויך אַדאָלפס. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צו אַדאָלפן בזה הלשון:

„אַדאָלף, ביז ווי לאַנג וועלן מיר נאָך קלייבן ביים באַלעבאָס אונדזערע ׳נדבס׳? מיינסטו צו זאָגן אַז דאָס געלט וואָס ער איז אונדז שולדיק, וועט ער ווען ניט איז אונדז אָפּגעבן? איך בין זיכער אַז ניט! איך האַלט אַז מיר קענען ביידע גיין אין שול און אָפּזאָגן אַ ׳רבנן־קדיש׳ נאָך אונדזערע שווער־פאַרהאָרעוועטע עטלעכע פונט... און אויב דו מיינסט, אַז דיינע שכירות איז פיר פונט אַ וואָך, און מיינע — דריי פונט, האָסטו אַ טעות. אין דער אמתן קריגסטו ניט מער ווי צוויי פונט אַ וואָך און איך בלויז איין פונט. יעדן שבת באָרגט ער כלומרשט אויס ביי אונדז צו צוויי פונט און לייגט עס אוועק אויפן עק פון אַ פערד... באַטראַכט זיך נאָר וואָס עס טוט זיך מיט אונדז? דו האָסט דאָך אַ ווייב מיט קינדער דאָ, און איך — אין פוילן. זיי דאַרפן דאָך עסן, אַ שוך, אַ קלייד! פאַרוואָס באַצאָלט ער די ׳יעקלעך׳ און ניט אונדז? ווי אזוי קען איך עפּעס שיקן אהיים, אַז פאַקטיש קריג איך אויסגע־צאָלט ניט מער ווי איין פונט אַ וואָך? ס׳איז נאָך אַ גליק וואָס מיין חבר און

פריינד, דער חזן אידל קאמינאר, האָט מיך אריינגענומען אין כאָר, צו זינגען פרייטיק צו־נאַכט און איך קריג דערפאַר פינף פונט א חודש. אַ דאַנק גאָט פאַר דעם. איך שיק עס אָפּ אין גאַנצן אַהיים...״

„איז וואָס זשע קענען מיר טאָן?״ פרעגט מיך אַדאָלף נאָאיוו.

„וואָס קענען מיר טאָן? איך האָב אַ פּלאַן!״ ענטפער איך מיט זיכער־קייט. „גיב נאָר אַ טראַכט פאַר וועמען ארבעט אונדזער באַלעבאָס? פאַר קליינע יידישע בוי־אונטערנעמערס, וואָס בויען הייזער צו פארקויפן. פאַר־וואָס זאָלן מיר ביידע ניט מאַכן שותפות און ארויסגיין פאַר זיך? מיר קענען אויך אָננעמען אַ הויז ביי אַ בוי־אונטערנעמער. מיר וועלן ביידע זיך אַ נעם טאָן און זען אז די אַרבעט זאָל זיין גוט. וועלן מיר ארבעטן צען שעה אַ טאָג אָנשטאָט אַכט, אויב מען דאַרף. איך גיי מיט דיר אין אַ געוועט, אז אויב מיר וועלן אַראָפּלאָזן פון פרייז פינף פונט פאַר אַ הויז, וועלן מיר אָן ספק קריגן ארבעט...

„אין געשעפט איז ניטאָ קיין סענטימענטן. געשעפט איז ניט קיין צדקה־אינסטיטוציע. אויב דו ווילסט קען איך אָנטאַפּן דעם דופק ביי איינעם פון די יידישע בוי־אונטערנעמערס. איז דען אַ פּלאַן״, טענה איך ווייטער אַיין מיט אַדאָלפן, „אז מיר זאָלן ארבעטן כדי אונדזער באַלעבאָס מ״ר נייטען זאָל מיט אונדזערע שווער־פאַרהאַרעוועטע עטלעכע פונט גיין שבת אויפן ׳רייס׳־פעלד און עס פאַרשפּילן?... מיר זיינען דאָך קרימינעלע פאַרברע־כערס קעגן זיך און קעגן אונדזערע משפחות!...״

אדאָלף האָט מיך אויסגעהערט אויפמערקזאַם, א ביסל זיך פאַרטראַכט, אַ קראַץ געטאָן זיין פּאַטעלניצע און צו לסוף אַ זאָג געטאָן:

„אפשר ביזטו טאַקע גערעכט! איך גלויב אויך אז אונדזער חוב איז אַ פאַרפאַלענער. ווייסטו גאָר וואָס? גיב אַ טאַפּ אין וואָגן! גיי אריבער אָן אָוונט צו איינעם פון די בוי־אונטערנעמערס, כאַפּ אַ שמועס און מיר וועלן הערן וואָס ער וועט זאָגן...״

איך האָב זיך דערוווּסט פון דעם „פאָרמאַן״־סטאָליער, אז איינער פון די שותפים פון די בוי־אונטערנעמערס קומט אַ געוויסן טאָג אויפן „דזשאָב״ (ארבעטס־פּלאַץ) אונטערזוכן דעם פּראָגרעס פון דער אַרבעט. האָב איך יענעם טאָג נאָך דער אַרבעט אים אָפּגעהיט און געהאַט מיט אים אַ קורצן שמועס. איך האָב אין קורצן אים דערציילט אונדזער לאַגע און געבעטן אויב עס איז מעגלעך פאַר אונדז, פאַר מיר מיט אַדאָלף העניסאָן, וועלכער איז אַן

איסגעצייכנטער ארבעטער, צו קריגן ארבעט פון אים אָדער פון זיין פירמע דירעקט.

ער האָט מיך אויפמערקזאם אויסגעהערט און געהייסן אונדזביידן קו־מען צו אים שבת נאָך מיטאָג אויף אַ גלעזל טיי, ווו מיר וועלן קענען גענויער ארומריידן אונדזער פאָרשלאָג. אין דער זעלבער צייט האָט ער מיר געבעטן מיר זאָלן אים געבן, אומגעפער, א פרייז פון אזא הויז ביי וועלכער מיר אַרבעטן איצט.

* * *

שבת בייטאָג נאָך דער ארבעט, נאָכן עסן און אָפּרוען זיך, זיצן מיר ביידע, איך און אַדאָלף, ביים בוי־אונטערנעמער אין זיין וואַרט־צימער. ער נעמט אונדז זייער שיין אויף און איז אונדז מכבד מיט טיי און מיט קיכלעך. מיר דערקלערן אים געגויי די סיבות וואָס עס צווינגען אונדז ארויסצוגיין פאר זיך. מיר דערציילן אים ווי גרויס אונדזער חוב וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביי מ״ר גייטען און מיר האָבן ניט קיינע אויסזיכטן אויף אויפצומאָנען וואָס עס קומט אונדז. דער חוב ווערט יעדע וואָך גרעסער און מיר אַרבעטן פאַקטיש פאר גאָרניט...

דער בוי־אונטערנעמער, קאָנטיק א מענטש מיט יושר, איז פשוט דער־שטוינט געוואָרן. און ווען מיר לייגן אים פאָר אונדזער פרייז, הייסט ער אונדז גלייך מאָנטיק זיך שטעלן אַרבעטן פאַר אים. ער גיט אונדז אַן אַדרעס פון אַ נייער הויז און זאָגט אונדז אָן מיטן האַרבן וואָרט, אז מער זאָלן מיר פאַר מ״ר נייטענען ניט ארבעטן. ער וועט אונדז די ערשטע צייט באַהילפיק זיין מיט געלט און וועט גלייכצייטיק גאַראַנטירן פאר אונדז צו עפענען אַ קאָנטאָ אין איינעם פון די גרעסטע פאַרב־געשעפטן אין יאָהאַנעסבורג.. ער האָט אונדז צוגעגעבן מוט און געווונטשן אונדז דערפאָלג אין אונדזערע ווייטער־דיקע אונטערנעמונגען. אזוי ארום זיינען מיר טאַקע די קומענדיקע וואָך שוין געווען באַלעבאַטים פאַר זיך...

מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער ארבעט מיט חשק און ענערגיע. און עס וואָלט אפשר גאָר ניט געווען שלעכט, ווען מיין שותף אדאָלף העגסאָן וואָלט ניט פארמאָגט קיין אכצן מאָס רייד. אונדזער אָפּמאַך איז געווען אז דער איינקויפער פון אַלץ וואָס מיר האָבן נייטיק געהאַט צו דער אַרבעט, זאָל זיין אַדאָלף. ערשטנס איז ער געווען מער „אויסגעגרינט" פון מיר, און צווייטנס איז ער געווען געניטער פון מיר אין דער ארבעט... פלעגט ער

אָבער אוועקגיין כלומרשט איינקויפן פאַרב, איז דאָס געווען, מיט גאָטס הילף, שוין פאַרן גאַנצן טאָג. די גאַנצע אַרבעט איז דעמאָלט געפאַלן אויף מיר. און איך, לא־עליכם, בין צו יענער צייט געווען איינער פון די „שנעלסטע באַלמעלאָכעס". נאָכן אָפּאַרבעטן איניקע וואָכן פון פינצטער ביז פינצטער כדי פאַרטיק צו מאַכן די ערשטע הויז און נאָכן דורכפירן אַ געוויעם באַלאַנס פון די קאָסטן און פון דער פרנסה וואָס עס איז אונדז פאַרבליבן, האָבן מיר דערזען דעם קלאָגעדיקן חשבון, און די גאַנצע האָרעוואַניע איז ניט כדאַי געווען...

איך האָב געזען אַז דאָס איז אויך ניט קיין צוקונפט פאַר מיר... די צייט אין די סוף 20ער יאָרן איז געווען זייער אַ שלעכטע. אין דער בוי־אינדוסטריע איז געווען אַ פולשטענדיקער קריזיס. אַרבעט ביי אַ באַלעבאָס איז שווער געווען צו געפינען. איז וואָס זשע טוט מען ווייטער? צו וואָס נעמט מען זיך כדי צו פאַרדינען חיונה און האָבן צו שיקן אהיים כאָטש פינף פונט אַ חודש?...

האָבן מיר דאָך אָבער אַ השגחה אויף דער וועלט, וואָס גיט אכטונג אויף יעדע קלייניקייט. צופעליק האָב איך זיך באַקענט מיט אַן עלטערן יידן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מאַכן מעבל. ווען מיר זיינען געוואָרן נענטער און מער פריינדלעכער, האָט ער מיר פאָרגעלייגט איך זאָל אריין מיט אים אין שותפות, בתנאי איך זאָל שאַפן די סומע פון 50 פונט און עס אריינלייגן אין זיין מעבל־פאַבריקל. ער האָט מיר אויפגעקלערט אז מיט פרישע כוחות, מיט יונגע ענערגיע און מיט די עקסטרע געלט קאָן מען אנטוויקלען דאָס פאַבריקל פון מאַכן איינפאַכע מעבל, פאַרקויפן עס צו גרויסע מעבל־געשעפטן און דערביי גוט פאַדינען. אויסער דעם האָט ער איינגעשטימט צו צאָלן מיר די ערשטע צייט 3 פונט אַ וואָך, איך זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן...

זיין פאָרשלאַג איז מיר געווען געפעלן. איך האָב וועגן דעם ענין זיך דורכגערעדט מיט פריינד און באַקאַנטע, איך האָב זיי אויפגעקלערט דעם פּלאַן און קיינער האָט מיך דערפון ניט אָפּגערעדט. מיינע הויפּט־יועצים זיינען דאַן געווען מיינע גוטע פריינד די ברידער פעלדמאַן. איך האָב אויך דערציילט אַדאָלפן וועגן דעם פּלאַן און אויך ער האָט מיר צוגערעדט צו דעם. וועגן די 50 פונט וואָס איך האָב געדאַרפט אריינלייגן אין געשעפט, האָב איך זיך אויך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. איך האָב געליען אין שטאָ־

טישן גמילות־חסד, ביי די ברידער פעלדמאַן און — איך בין געוואָרן אַ סטאָליער, אַ מעבל־מאַכער, אַ שותף אין אַ פאַבריקל...

מיט אַדאָלפן האָב איך זיך פונאַנדערגעטיילט אויפן בעסטן און פריינד־לעכסטן אופן. אַדאָלף האָט פאַרמאָגט אַ האַרץ פון גאָלד. ביים צעטיילן זיך האָט ער זיך באַמיט מיר צו געבן מער. „נעם דו", האָט ער געטענהט, „דו ביזט מער באַדערפטיקער פון מיר. דו דאַרפסט שיקן אהיים צו דיין ווייב און קינדער. איך... איך וועל זיך שוין אַ עצה געבן..."

מיר האָבן זיך געזעגנט ווי אמתע גוטע פריינד, ווי ברידער און אזוי בין איך מיט דער הילף פון דער השגחה געוואָרן א סטאָליער.

איצט, מיינע ליבע לייענער, וועלן מיר אויף אַ קורצער צייט איבער־לאָזן די „גשמיות" און צוריק זיך אומקערן צו די „רוחניות"...

# דערפאָלג און דורכפאַל


יר זיינען פאַרטיק מיט אונדזערע פּראָבן פאַר דער פּראָגראַם פון אונדזער ערשטן אויפטריט. מיר שפּילן צוויי איינאַקטערס: „מענטשן" פון שלום־עליכם און „דער חתן" פון טונקעלער. ביי די פּראָבן האָב איך זיך זייער גוט צוזאַמענגעלעבט מיטן אַנסאַמבל. איך מוז דערביי פעסטשטעלן, אַז די גרופּע ליבהאָבער איז געווען זייער אַ פעאיקע. זיי האָבן אפילו גע־קאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַ פּראָפעסיאָנעלער טרופּע.

דער צוזאַמענשטעל פון דער גרופּע איז געווען: אסתר שטיין, אַ פּראָ־פעסיאָנעלע אַקטריסע, געשפּילט אין לאָנדאָן מיט אַ סך יידישע טרופּעס; ליובאַ שול, אַ גאַר פעאיקע ליבהאָבערין, און קלאַראַ טענענבוים. די מענער: שלמה רובין, יוסף פריד, ברוך קאַרלין און לאַזער פריימאַן. אַלע צוזאַמען האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ העכסט קינסטלערישע טרופּע. איך האָב געהאַט אַ סאַטיספאַקציע מיט דעם וואָס זיי האָבן זיך באַצויגן צו מיר מיט

גרויס דרך־ארץ ווי צו אַ פּאַכמאַן וואָס זיי האָבן ביז אַהער ניט געהאַט. עס איז צווישן אונדז געווען אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט, און דאָס האָט דער פול־געפּאַקטער עולם אין זאַל פון „דזשוּאיש־גילד" געקאָנט זען און דערפילן ווי נאָר דער פאָרהאַנג איז געעפנט געוואָרן ביי דעם ערשטן איינ־אַקטער „מענטשן".

איך קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייע־רע ראָלן. איבערהויפּט מיט דעם, וואָס יעדער איינער איז געווען צוגעפּאַסט צו דעם כאַראַקטער וואָס ער אָדער זי האָט געשפּילט.

דער יאָהאַנעסבורגער עולם, באַקאַנט ווי „פיינשמעקער", האָט ס׳ערשטע מאָל געזען אַזאַ פיינעם און האַרמאָנישן צוזאַמענשפּיל ביי אַ ליבהאָבער־גרופּע. עס איז קאָנטיק געווען די האַנט פון אַ געניטן רעזשיסאָר. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט האָט דער גרויסער עולם אונדז אַלעמען אָפּגעדאַנקט מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

דעם זעלביקן דערפאָלג האָט אויך געהאַט דער צווייטער איינאַקטער, „דער חתן", פון טונקעלער. די הויפּט־ראָל — דעם שטומען חתן — האָט געשפּילט דער פריינד שלמה רובין. ביים שפּילן האָט דער זאַל געשטורעמט מיט געלעכטער און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. די פאַרוואַלטונג פון ליטע־ראַרישן פאַראיין און אַ סך חברים זיינען אַרויפגעקומען הינטער די קוליסן מיך צו גראַטולירן.

וואָלט דאָך געדאַרפט זיין גאָר גוט, האָבן מיר דאָך געדאַרפט טריאומ־פירן מיט אונדזער ערשטן דערפאָלג? דאָס איז אַלץ גערעדט ווען דערמיט, דאָס הייסט מיט די צוויי איינאַקטערס, וואָלט זיך דער אָוונט פאַרענדיקט. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען אַ „גרינער" און איך האָב נאָך ניט געקענט דעם יאָהאַנעסבורגער עולם, האָב איך זיך מיט די צוויי איינאַקטערס ניט באַ־נוגנט. ניט געקוקט אויף דער שפּעטער שעה האָב איך, ווי אַ צוגאָב נאָך געגעבן צוויי מאָנאָלאָגן, וואָס עס איז לחלוטין געווען איבעריק. איינער איז געווען „ווען איך בין שלעזינגער" — געשריבן פון מיר אליין (אַגב, האָב איך זיך געוואָלט באַווייזן מיט מיין שרייבער־טאַלאַנט, וואָס ס׳האָט זיך מיר גראָד ניט איינגעגעבן), און אַ צווייטן מאָנאָלאָג „דער קינדער־מער־דער", וואָס איז שוין אפילו פאַר יענער צייט געווען פאַרעלטערט.ביידע מאָנאָלאָגן זיינען געווען אַ פולשטענדיקער דורכפאַל און צוליב דעם האָב

איך צונישט געמאַכט דעם גוטן איינדרוק און די גוטע שטימונג וואָס ס׳האָט זיך געשאַפן ביים עולם נאָך די צוויי דערפאָלגרייכע איינאַקטערס.

איך בין ארויס פון טעאַטער־זאַל „אָבל וחפוי ראש". מיין שטימונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. פון דעסטוועגן בין איך אין גאַנצן ניט געווען אראָפּגעפאַלן ביי זיך. פון דערפאַרונג האָב איך געוווסט, אז ניט שטענדיק איז דער בינע־וועג באַדעקט מיט בלומען... עס ווארפן זיך זייער אָפט דורך ביי שוי־שפּילערס צווישן בלומען אויך דערנער און איך האָב מיין האָפענונג ניט פאַרלאָרן.

איך בין געווען זיכער אז מיר וועט זיך נאָך איינגעבן אויפצוהייבן מיין פּרעסטיזש און צוריק געווינען דעם צוטרוי פון פּובליקום. ביי די ליבהאָבער האָב איך דעם צוטרוי ניט פארלאָרן. אויך די פאַרוואַלטונג פון ליטעראַרישן פאַראיין האָט מיין דורכפאַל אויסגעטייטשט ווי אַ טעות. די צוויי מאָנאָלאָגן האָב איך אויסגעפירט ארטיסטיש, נאָר דער אויסוואַל איז ניט געווען קיין צוגעפּאַסטער. די שפּעטע שעה האָט אויך צוגעהאָלפן. ועל כולם, דער יאָ־האַנעסבורגער עולם איז געווען געוויינט צו זען אַן אַקטיאָר אויף דער בינע אָן אַ גרים, אויסגעפּוצט אין אַן אָוונט־אָנצוג, און איך, בעוונותי הרבים, בין ארויפגעקומען אויף דער בינע „אויסגעפּוצט" אין מיין חבר חיים פּאָרטנאָיס אַן „אָפּגעפּאָרענעם" אָנצוג, וואָס איז געווען אויף מיר קורץ און שמאָל — כאָטש נעם און לאָך זיך פונאַנדער !...

האָב איך דען געקאָנט עפּעס אנדערש טאָן, אז איך האָב פּשוט ניט פאַרמאָגט עטוואָס שענערס אָדער בעסערס ?

די צוויי איינאַקטערס האָבן מיר געבראַכט דערפאָלג. אָבער די מאָנאָלאָגן זיינען געווען פאר מיר אַ גרויסער דורכפאַל.

* * *

אויף דער קומענדיקער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג האָט דער פאַר־זיצער עליק פּינקוס און אַלע מיטגלידער מיך גראַטולירט מיט מיין ערשטן דערפאָלג, אָבער גלייכצייטיק באַדויערט דעם ניט פּאַסיקן אויסוואַל פון די צוויי מאָנאָלאָגן. זיי זיינען אָבער אַלע געווען איינשטימיק, אז איך האָט פאַר־זייט אַ קערנדל פאַרן יידישן טעאַטער אין דרום אפריקע. סיי די פאַרוואַלטונג סיי דער גרויסער עולם וואָס האָט געזען די פאָרשטעלונג און איבערהויפּט די ענטוזיאַסטישע גרופּע־ליבהאָבער האָבן געהאָפט אז פון דעם קערנדל וועט ארויסוואַקסן עפּעס גרויס. מען האָט מיך באַפולמעכטיקט אויפצופירן

גרעסערע פּיעסן מיט אַ ליטעראַרישן אינהאַלט פון אנערקענטע יידישע דראַמאַטורגן. אונדזער ליבהאָבער־גרופּע איז באַקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „דראַמאַטישע סעקציע ביים ליטעראַרישן פאַראיין".

מיר זיינען צוגעטראָטן צו דער ארבעט. למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אז דאָ האָט ניט געהערשט דער זעלביקער ענטוזיאַזם ווי ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג מיט וועלכער אונדזער דראַמאַטישע טרופּע אין דער אלטער היים, אין „דער־מיר", איז געווען געבענטשט. עס האָט ווייט ניט געהערשט די זעלביקע דיסציפּלין וואָס איך בין געווען געוווינט צו דעם. די אלטע ליבהאָבער־פּלאָג, דאָס יאָגן זיך נאָך „הויפּט־ראָלן", וואָס האָט שטענדיק און אומעטום אומגעבראַכט ליבהאָבער־קרייזן, האָט זיך אויך דאָ ביי אונדז אין קרייז גענומען שטאַרק פילן. דער קרייז איז באַשטאַנען פון צונויפגעפאָרענע פון פאַרשיידענע שטעטלעך פון דער ליטע. יעדע שטעטל האָט געהאַט אירס אַ „סטאַר" און אירס אַ „פּרימאַדאָנע", נאָר ווו געפינט מען אַ דראַמאַטורג וואָס זאָל אָנשרייבן אַ פּיעסע וואָס זאָל האָבן נאָר „הויפּט־ראָלן ?..."

פון דעסטוועגן האָבן מיר מיט דערפאָלג אויסגעפירט פאַרשיידענע פּיעסעס. איך דערמאָן זיך אז אונטער מיין רעזשי זיינען אויפגעפירט געוואָרן אזעלכע פּיעסן ווי די „גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין, „מאָטקע גנב" פון שלום אש, „דער דוכוס" פון אַלטער קאַציזנע און נאָך וואָס אויפן מאָמענט קאָן איך זיך ניט דערמאָנען.

אמת, פון איין פאָרשטעלונג ביז דער צווייטער פלעגט צוליב פאַרשיידענע טעמים פאָרקומען אַ היפּשע הפסקה. אין יענע יאָרן האָבן געגומען אראָפּקומען יידישע טעאַטער־טרופּעס פון אייראָפּע און מיט יעדער טרופּע פלעג איך מיטארבעטן און מיטשפּילן, נאַטירלעך — צוליב מאַטעריעלע טעמים. אָבער דער דראַמאַטישער קרייז ביים ליטעראַרישן פאַראיין איז געווען טעטיק און האָט אָנגעהאלטן ביז עס האָט זיך געגרינדעט אין יאָהאַנעסבורג דער „אַרבעטער־קלוב", וועלכער האָט געשאַפן זיין אייגענעם ליבהאָבער־קרייז. אַ גרויסער טייל פון אונדזערע אַמאַטאָרן, וועלכע זיינען געוואָרן חברים פון „אַרבעטער־קלוב", האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום נייעם דראַמאַטישן קרייז פון דעם „אַרבעטער־קלוב".

אגב, איז כדאי צו דערמאָנען אז אונדזער דוד דאַנציג פון „דער־מיר" איז דורך דער צייט אָנגעקומען קיין יאָהאַנעסבורג. ער איז אריינגעטראָטן אין אונדזער דראַמאַטישן קרייז און געוואָרן אַ גרויסע הילף און צושטייער,

גאָר ווי אין די אַמאָליקע צייטן אין דער אַלטער היים. ווען דאַנציג האָט געמאַכט זיין וווין־אָרט אין בענאָני, האָט עס אים אָבער ניט אָפּגעהאַלטן צו קומען כמעט יעדן אָוונט מיט דער באַן קיין יאָהאַנעסבורג אויף פּראָבעס. וועגן דוד דאַנציג וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל.

* * *

לאַנגזאַם פאַרבעסערט זיך מיין לאַגע און מיין שטימונג איז ניט קיין געדריקטע. אויף יעדן פאַל בין איך געווען אין אַ בעסערער לאַגע פון אַנדערע „גרינע“, וועלכע זיינען אין דער זעלביקער צייט געקומען אין לאַנד און וועלכע האָבן, ווי איך, אויך ניט פאַרמאָגט קיין קרוב און קיין גואל...

צום ביישפּיל: פון קאָוונע איז אהער אָנגעקומען צמח רודינסקי ע״ה. אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכער טוער, אַ מענטש מיט אינטעליגענץ, און שוין ביי זיין אָנקומען האָט ער ניט געהאַט ווו דעם קאָפּ אווועקצולייגן. אַ דאַנק פריינד יודל לאַזאַרוס, וועלכער איז דאַן געווען דער סעקרעטאַר פון ליטע־ראַרישן־פאַראיין און אַ דאַנק זיין טיף מענטשלעכע נאַטור, האָט ער גלייך פאָרגעלייגט דער פאַרוואַלטונג, אַז ער איז גרייט איבערצוגעבן זיין שטעלע אַלס סעקרעטאַר דעם ערשט־געקומענעם צמח רודינסקי, וועלכער נייטיקט זיך אין דעם אַ סך מער ווי ער. און אַזוי איז עס געווען. מ׳האָט איבערגעגעבן די סעקרעטאַריאַט־אַרבעט צו צמח רודינסקי. פאַרשטייט זיך אַז דער גע־האַלט איז געווען אַ נישטיקער, קוים־קוים אויף דורכצוקומען, אָבער די פאַר־וואַלטונג פון ליטעראַרישן פאַראיין האָט זיך אפילו מיט דעם בידנעם געהאַלט געמוזט שטאַרק אָנשטרענגען...

## דוד פּראַם

אין דער זעלביקער צייט איז פון ליטע אויך אַריבערגעקומען דער יונ־גער דיכטער דוד פּראַם. ער, פּראַם, איז געקומען פון דער ליטע מיט אַ נאָמען, מיט א סטאַזש אלס אנערקענטער דיכטער. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ באַגאַזש מיט נאָך ניט געדרוקטע לידער און פּאָעמעס. ער האָט זיך שוין דאַן געדרוקט אין דער קאָוונער „אידישע שטימע“ אונטער דער רעדאַקציע פון פאַרשטאָרבענעם ראובן רובינשטיין, אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער“ און אין „צוקונפט“. אָנהייב די דרייסיקער יאָרן איז

דערשינען זיין ערשטלינג־בוך „לידער און פּאָעמעס". זיין גרעסערע פּאָעמע „ביים זיידן", איז באַקאַנט געוואָרן איבער דער גאַנצער יידישער ליטעראַ־רישער וועלט. מיט איין וואָרט, דרום אַפריקע און איבערהויפּט יאָהאַנעס־בורג האָט אריינגעקראָגן דעם ערשטן אָנערקענטן יידישן דיכטער מיט וועמען, ווי איך געדענק, דער דעמאָלטדיקער יידישער ליטעראַרישער פאַראיין האָט זיך זייער געגרויסט און געפרייט...

על פּי שכל הישר האָט דאָך דוד פראַם ניט געדאַרפט ארומגיין א פאַר־זאָרגטער, אַ פאַרצאָרנטער און טראַכטן וועגן „שטיקל פרנסה": ווי אזוי און צו וואָס נעמט מען זיך, כדי צו מאַכן אַ לעבן? וואָס הייבט מען אָן צו טאָן, אז ער זאָל קאָנען נאָך דער אַרבעט זיך אוועקזעצן רואיק און פאַרנע־מען זיך מיט פאָרזעצן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט?. אזוי פיל פריינד און באַקאַנטע, דערצו נאָך א סך רייכע קרובים און דאָך — דערמאָנט זיך מיר — שטענדיק ביי אונדזערע באַגעגענישן איז געווען די איין־און־איינציקע טעמע: וואָס טוט מען? וווּ קריגט מען עפּעס אַ שטעלע צו פאַרזיכערן זיך מיט אַ שטיקל ברויט?...

דוד פראַם איז ארומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער. ער האָט ניט געוווּסט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן? וווּ קריגט מען עפּעס א שטעלע צו פאַרדינען אויף דאָס נייטיקסטע? זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. ווי אין פסוק שטייט: „אם אין קמח, אין תורה". מיט א ליי־דיקן מאָגן וויל דער מוח ניט ארבעטן. דורך רעקאָמענדאַציעס האָט ער זיך קוים דערשלאָגן צו אַן „אז־אַך־און־וויי"־שטעלע אין אַ בעקעריי, וווּ ער האָט געדאַרפט ארבעטן כמעט דורך נאַכט און אַ האַלבן טאָג צו פארקויפן ברויט פאַרן נישטיקן געהאַלט פון 5 פונט אַ חודש...

„בעסער ווי פאַרוואָגלט צו ווערן ערגעץ אין אַ קאַפעריטע", זאָגט דוד, „אין אַ וויסטעניש צווישן שוואַרצע, וווּ מען זעט ניט קיין ציוויליזירטן מענטשן. ארבעטן פון פינצטער ביז פינצטער שווער און ביטער פאַר דעם פרייז פון 5 פונט פאַר גאַנצע דריי חדשים..."

* * *

ער האָט אָפּגעאָרבעט, בעסער געזאָגט, אָפּגעפינצטערט עטלעכע חדשים און האָט זיך שווין באַלד גענומען צופּאַסן צו זיין ביטערן גורל...

דערציילט דוד פראַם:

איין נאָך מיטאָג, איך שטיי אזוי הינטערן „קאַנטאָר" (בופעט) און איך

פאַרקויף לעבלעך ברויט. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין אַ הויי־כער, אַ זעקס־פוסיקער און ברייט־פּלייציקער ענגלענדער און פרעגט ביי מיר ווו קען ער זיך טרעפן מיט איינעם אַ יונגנמאַן וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון „ראַשע״ (רוסלאַנד). זיין נאָמען איז (דאָ שלעפּט ער ארויס פון זיין בוזעם־קעשענע אַ שטיקל פּאַפּיר, קוקט זיך איין און לייענט איבער) דייוויד פּראַם...

פון שרעק האָב איך באַקומען אַלערליי קאָלירן אויף מיין פּנים... ווער ווייסט צו וואָס ער פרעגט זיך נאָך אויף מיר, צו וואָס ער דאַרף מיך, אָט דער ענגלענדער... אפשר גאָר עפּעס אַ נייע צרה?... עס פעלט מיר נאָך אויס צום רומפּל!...

איך בין דייוויד פּראַם, זאָג איך אָן איבערגעשראָקענער... מיט מיין צעבראָכענעם ענגליש פרעג איך אים צו וואָס ער דאַרף מיך...

איך האָב געהערט — זאָגט ער מיט אַ פריינדלעכער מינע — אַז איר זייט אַ יידישער פּאָעט. וואָלט איך וועלן, אויב ס'איז מעגלעך, האָבן מיט אייך אַן אינטערוויו. איך בין אַ רעפּאָרטער פון דער אָונט־צייטונג „די סטאַר״.

זעענדיק מיינע אויסגעגלאָצטע אויגן האָט ער וואַרשיינלעך פאַרשטאַ־נען, אַז איך ווייס ניט וואָס דאָס וואָרט אינטערוויו מיינט. „כ'וואָלט וועלן האָבן מיט אייך אַ שמועס״, דערקלערט ער מיר שוין איינפאַך.

מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. מיין שרעק איז אין גאַנצן פאַר־שוווּנדן.

פאַרוואָס ניט — ענטפער איך שוין פרייער — מיטן שענסטן פאַרגעניגן.

ער האָט זיך ברייט אוועקגעזעצט אנטקעגן מיר, זיך באַקוועם געמאַכט און האָט ארויסגענומען פון זיין רענצל פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער. ער האָט מיר גענומען אויספרעגן פאַרשיידענע איינצלהייטן פון מיין קומען אַהער, וואָס איך טו, וויפל איך פאַרדין און צי עס געפעלט מיר דאָס נייע לאַנד ווו איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן מיין נייע היים. ער האָט אַלץ פאַרצייכנט,מיך זייער פיין באַדאַנקט און האַרציק זיך געזעגנט מיט מיר צוזאָגנדיק אַז ביי געוויסע געלעגנהייטן וועלן מיר זיך נאָך געוויס טרעפן...

עס איז ניט אריבער קיין וואָך זינט איך האָב געהאַט דעם שמועס מיטן ענגלענדער, ערשט דער באַלעבאָס פון דער בעקעריי רופט מיך דרינגענד צו זיך אין „אָפיס״.

איך טראַכט ביי זיך: וואָס קען מיר דער באַלעבאָס דאַרפֿן אַזוי דרינגענד? אפשר... ווער ווייסט... אפשר פֿאַר מיין גוטער און איבערגעגעבענער אַרבעט האָט זיך מיין באַלעבאָס ארומגעזען, אַז ער קריוודעט מיר, אַז איך באַקום אַ צו־קליינעם געהאַלט און ער האָט באַשלאָסן צו העכערן מיין געהאַלט!...

„זעץ זיך", ווייזט מיר דער באַלעבאָס אָן אויף אַ שטול קעגנאיבער אים. ער האָט ארויסגענומען פֿון זיין שופֿלאַד אַ צייטונג, וואָס פֿון דער ווייטנס האָב איך געקאָנט איבערלייענען די גרויסע אותיות ׳סטאַר׳. ער האָט ארויפֿגעטאָן אַ פּאָר ברילן אויף זיינע אויגן און האָט גלייכצייטיק גענומען מיך באַקוקן דורך די גלעזער מיט חשד, ווי איינער איז חוקר ודורש עמעצן אין אַ גנבה אָדער אין אַ פֿאַרברעכן... ער האָט ווידער אריינגעקוקט אין דער צייטונג און אין אַ ווײַלע ארום רופֿט ער זיך סאַרקאַסטיש אָפּ צו מיר: „איך האָב גאָרניט געוווּסט אַז ביי מיר אין דער בעקעריי ארבעט אַזאַ גרויסער מענטש... דו ביזט דאָך, ווי איך לייען דאָ, אַ גאַנצער ׳פּיסאַטעל׳. איז זאָג זשע מיר: דאָס האָסטו אָנדערציילט אַלע מעשיות פֿאַרן רעפּאָרטער פֿון ׳סטאַר׳?

„וואָסערע מעשיות", פֿרעג איך פֿאַרוואונדערט...

„די גאַנצע ׳בלעקמייל׳", רעדט ער שוין מיט כעס.

„וואָס איז דאָס ׳בלעקמייל׳", פֿרעג איך.

„אַז דו ארבעטסט ביי מיר פֿון איינס אזייגער ביינאַכט ביז אַכט אין דערפֿרי און אַז דערנאָך קומסטו נאָך ווידער אין דער בעקעריי צו העלפֿן פֿאַרקויפֿן דאָס ברויט און דאָס אַלץ — פֿאַר 5 פֿונט אַ חודש?..."

„דאָס איז דאָך אַלץ אמת", רוף איך זיך אָפּ אַ ביסל צעשראָקן.

„יאָ", זאָגט ער, „דאָס איז טאַקע אַלץ אמת און דעריבער פּאַק זיך איין. דאָ האָסטו וואָס עס קומט דיר און גיי געזונטערהייט. קיין פּאָעטן דאַרף איך אין מיין בעקעריי ניט האָבן!..."

און אָט די „וואונדערבאַרע" שטעלע האָב איך אויך פֿאַרלאָרן צוליב מיינע דיכטונג...

נאָך אַ לאַנגער צייט מעסטן די גאַסן, נאָך לאַנגע מאַטערנישן און זוכענישן האָט פֿראַם דורך אַ סך רעקאָמענדאַציעס סוף כל סוף ווידער געקראָגן אַ שטעלע אין אַ הורט־סקלאַד פֿון מעדיצינישע ארטיקלען, מיט אַ בעסערן געהאַלט.

איך, דאַקעגן, בין געווען אין גאָר ניט קיין שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע. אויף מיר האָט מען טאַקע געקאָנט זאָגן „אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות״. אָבער אין פאַרגלייך מיט אנדערע „גרינע״ בין איך געווען, מ׳קען זאָגן, אין אַ פּיל בעסערער פּאָזיציע. ערשטנס האָב איך געהאַט אַ שטענדיקע שטעלע צו זינגען אין אַ שול־כאָר. די ערשטע צייט האָב איך געזונגען אין יעאָוויל שול־כאָר, ווו דער חזן איז געווען מיין חבר און פריינד פון דער היים, אידל קאַמינאַר ע״ה. שפּעטער בין איך אריבער זינגען אין דער וואָל־מאַראַנס־שול־כאָר. דאָרט האָב איך שוין געהאַט א דורכשניטלעכע הכנסה מיט אַ באָנוס פאַר ימים־נוראים און חתונות ארום 8 פונט אַ חודש. אין יענע יאָרן, אין די סוף 20ער און אָנהייב 30ער, איז דאָס געווען אַ גאַנץ פיינער געהאַלט אויף דורכצולעבן זיך. דאָס האָט געדעקט מיין גאנצע חודש הוצאה פאַר „באָארד און לאָדזשינג״ (עסן, טרינקען און שלאָפן) און ס׳איז מיר נאָך פאַרבליבן אמאָל אויף אויסצולייען א נויטבאַדערפטיקן חבר אַ פונט.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט פלעגן אין יענע יאָרן זייער אָפט קומען אהער יידישע פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס פון איראָפּע און מיט יעדער טרופּע האָב איך מיטגעאַרבעט. איך בין געווען ביי זיי דער ראָלן־שרייבער, דער סצענאַריוס, טיילמאָל דער סופליאָר. אז ס׳האָט אויסגעפעלט אַן אַקטיאָר בין איך זיי גוט צונוץ געקומען. אין אַ גוטן סעזאָן פלעג איך באקומען גוט באַצאָלט, אָבער עס האָט קיינמאָל ניט געטראָפן, אז אַ טרופּע זאָל מיר ניט בלייבן קיין בעל־חוב פאר מיין שווערער ארבעט. עס האָט איינמאָל גע־טראָפן, אז אַ דירעקטאָר איז מיר שולדיק געבליבן די סומע פון 50 פונט, נאָך וועלכע איך האָב געקאָנט אָפּזאָגן אַ „רבנן־קדיש״. דערצו נאָך בין איך גע־וואָרן אַ שותף אין אַ פאַבריקל מיט מיין אלטן פריינד וועמען איך האָב פריער דערמאָנט, וואָס ער אליין האָט מיט מאַטערניש אָנגעפירט. געאַרבעט האָבן דאָרט סך־הכל צוויי קאָלירטע סטאָליאַרעס — מעבל־מאַכער.

# איך ווער אַ סטאָליער

א
יך האָב זיך צוגעכאַפּט מיט גרויס חשק צו לערנען סטאָלעריי. געטראַכט האָב איך, אז כדי צו קאָנען טאָן געשעפטן מיט מעבל מוז מען די ערשטע זאַך אליין זיין באַהאַוונט אין דעם פאַך און מען מוז אליין זיין אַ פאַכמאַן. דעריבער האָב איך אָנגעטאָן א פארטוך, גענומען הובלען און זעגן ברעטער און עס האָט לאַנג ניט גענומען ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט צו מאַכן אַ שטול, אַ קיך־אַלמער. מיין „לערער", אַ קאָלירטער, קוועלט אָן פון מיינע פעאיקייטן. ער זאָגט בביאות אז פון מיר וועט גאָר אין גיכן ארויסקומען אַ סטאָליער, א ספּעציאַליסט...

איך האָב זיך אויך גענומען אריינמישן אין די געשעפטלעכע ענינים פון מיין אַלטן שותף. דאָס הייסט, אין די אויסגעאַרבעטע מעבל וואָס מיר האָבן אויסגעאַרבעט. מיין שותף, מ״ר האַרט, איז געווען גאַנץ צופרידן מיט מיינע פאָרשלאַגן.

ביי מיר איז די גאַנצע „מעבל־פאַבריק״ געווען אויסגעשריבן אויף אַ העפט וואָס איך האָב עס פון אויג ניט אָפּגעלאָזט. יעדע קלייניקייט איז אין דעם העפט געווען פאַרצייכנט. די קאָסטן און דעם פּראָפיט פון יעדן אויס־געאַרבעטן אַרטיקל איז געווען ביי מיר אויסגעחשבונט, און איך האָב עס גלייך געהאַט אויף דער האַנט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָך אַ פּאָר־זיכטיקן אויסחשבונען פון דער ערשטער וואָך וואָס מיר זיינען געווען שות־פים, איז געווען גאָר ניט שלעכט. איך מיט מיין שותף האָבן פאַרדינט פינף פונט יעדערער פאַר דער ערשטער וואָך.

לויט אונדזער אָפּמאַך האָב איך געקראָגן 3 פונט. דאָס זעלבע אויך מיין שותף. דאָס איבעריקע האָט געדאַרפט בלייבן אין געשעפט. איך בין געווען צופרידן, ווייל איך האָב פאָרויסגעזען גרויסע מעגלעכקייטן אַז דאָס פאַבריקל קאָן פּראָגרעסירן. איך האָב אין דעם געשעפט געזען אַ גרויסע צוקונפט. פאַר מיין שותף איז אַזאַ נישטיקע סומע ווי דריי פונט אַ וואָך גע־ווען ווייניק. אַן אַלטער אַפריקאַנער, געפירט אַן אייגענע הויז, האָט ער זיך ניט געקאָנט באַנוגענען מיט דריי פונט אַ וואָך. אָבער ער האָט מסכים גע־ווען אַז עס איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר גרעסערע אַנטוויקלונגען און — ער האָט געשוויגן...

אין די וויטערדיקע עטלעכע וואָכן האָבן זיך שוין באַוויזן גאַנץ קאָנקרעט־קע סימנים פון פּראָגרעס. מיטן יעדן טאָג ווער איך מער באַהאַוונט אין דער אַרבעט. מיינע הענט האָבן געוווינט באַזיגן דעם הובל, דעם האַמער און זעג. דאָס געשעפט הייבט אָן ביסלעכווייז צו דראַפּען זיך אַרויפצו אויפן לייטער פון דערפאָלג. מיט איין וואָרט, איך בין שוין אויפן וועג פון מאַכן אַ לעבן. וואָס פעלט מיר ? איך בין אַ שותף אין אַ מעבל־פאַבריקל, איך זינג אין אַ שול־כאָר, פון צייט צו צייט שפּיל איך מיט אַ טרופּע אַקטיאָרן און פאַרדין גאַנץ פיין. און ווען קיין טרופּע אַקטיאָרן זיינען ניטאָ, פיר איך אַליין אויף אַ פאָרשטעלונג מיטן דראַמאַטישן קרייז און פון אַלץ מיט אַלעמען פאַרדין איך און לעב זיך דורך גאַנץ פיין. יעדן חודש שיק איך געלט אהיים. איך האָב גענוג צו באַצאָלן פאַר מיין קוואַרטיר, פאַרן עסן און שלאָפן און דער־צו שפּאָר איך נאָך אַ פּאָר פונט אויך...

מסתמא איז אָבער געווען אָנגעחתמעט פון אויבן, אַז פאַר מיר איז נאָך ניט געקומען די צייט איך זאָל קאָנען גיין אויף אַ גלאַטן וועג און האָבן אַ ביסל דערפאָלג אין לעבן. ווי עס ווייזט אויס זיינען נאָך פאַר מיר געווען היפּשע

שטרויכלונגען, וואָס איך האָב געדאַרפט דורכמאַכן אויף מיין לעבנס־וועג...
אויף מיין שלימזל איז פון אמעריקע אָנגעקומען קיין יאָהאַנעסבורג מיין שותפ'ס א פלימעניק. ער האָט קאַנטיק מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גאַנץ היפ־שע „מטבע" און האָט אָנגעהייבן דאָ זוכן געשעפטן. מיר פלעגן אים זייער אָפּט האָבן אלס גאַסט אין אונדזער פאַבריקל. ער פלעגט קומען כלומרשט זיך האַלטן אַן עצה מיט זיין אָנקל וואָס ער זאָל אָנהייבן טאָן? דערווייל האָט ער געוואָרפן אַן אויג וואָס עס טוט זיך אין זיין אָנקלס קליינעם פאַב־ריקל. קאַנטיק אז ער, דער אמעריקאַנער, האָט געהאַט א חוש פאַר גע־שעפט און געזען, אז מיט געלט קאָן מען אַ סך אויפטאָן אין דער מעבל־בראַנזשע. ער פלעגט קומען כמעט יעדן טאָג און פירן לאַנגע שמועסן מיט מיין שותף, אין ענגליש פארשטייט זיך, כדי איך זאָל זיך ניט כאַפּן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. צום סוף האָבן זיי ביידע באשלאָסן מיך ארויסצו־שטופּן פון דער פאַבריקל, זיך איבערקלייבן אין אַן אנדער געביידע און עפּע־נען א גרויסע מעבל־פאַבריק. מיט זיין געלט וועט ער, דער יונגער אמערי־קאַנער, מיט דער צייט אנטוויקלען א גרויסן געשעפט.

איז וואָס זשע האָב איך, אַן אָרעמער „גרינער", געקאָנט אויפטאָן מיט אַ פאַרטיקן אַמעריקאַנער „אַלרייטניק?" איך בין געווען צופרידן, וואָס זיי האָבן מיר ארויסגעצאָלט צוריק מיינע 50 פונט וואָס איך האָב אריינגע־לייגט און . . . „בגפו יבוא, בגפו יוצא"... איך בין שוין ווידער אַ ליידיקגייער.

ניט צו לאַנג בין איך ארומגעגאַנגען ליידיק. פאַר דער קורצער צייט וואָס איך בין געווען אין דער קליינער פאַבריקל האָב איך עפּעס יאָ געלערנט. איך האָב געכאַפּט דעם שניט ווי אזוי עס ווערן אויסגעאַרבעט מעבל, און מיט די 50 פונט אין קעשענע האָב איך ביי זיך באשלאָסן אליין אויפצושטעלן אַ קליינע פאַבריקל פון מעבל. איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט דעם „קאָ־לירטן", וואָס איז ביי מ"ר הארטן געווען דער גאַנצער „אוטשאָני יעוורעי" און ער איז געווען זייער צופרידן צו פאַרלאָזן מ"ר הארט דערפאַר ווייל ער האָט ניט געקאָנט אויסקומען מיט זיין נייעם באַלעבאָס, דעם אמעריקאַנעץ און איז געווען גרייט צו אַרבעטן מיט מיר, ווען נאָר איך וועל אים אַ רוף טאָן...

איך האָב געדונגען אַ „שאַפּ" (א קראָם) אין דזשעפּי, אַן אָרעמע געגנט פון יאָהאַנעסבורג, ווו מען האָט געקאָנט קריגן א דערלויבעניש צו עפענען אַ פאַבריקל פון מעבל. איך האָב געעפנט א „קאָנטאָ" מיט אַ געהילץ־סוחר,

געבראַכט מיין פריינד דעם „קאַלירטן“ און צוזאַמען האָבן מיר דאָס ערשטע צונויפגעקלאַפּט צוויי וואַרשטאַטן און האָבן זיך אויסגעשטעלט פּראָדוצירן מעבל. דעם ערשטן האַלבן טאָג פלעג איך ארויסגיין באַשטעלן די נייטיקע האָלץ, זיך טרעפן מיט קרעמער וועגן באַשטעלונגען, ווי אויך אָפּפירן דאָס האָלץ אין זעג־מיל, עס צעשניידן אויף די אָנגעגעבענע מאָסן. דעם צווייטן האַלבן טאָג פלעג איך אויך אָנטאָן מיין סטאָליערישן פאַרטוך און טאָן וואָס איך פלעג נאָר קענען. איך האָב אויך אָנגעשטעלט אַ שוואַרצן ער זאָל אונדז העלפן טאָן אַלץ וואָס עס איז אים דערלויבט געווען ,לויטן געזעץ...

* * *

מיינע אויגן זעען שוין אַ העלערע צוקונפט. אַ דאַנק דער השגחה איז די התחלה געמאַכט געוואָרן... פון אָנפאַנג טאָקע זייער לאַנגזאַם, אָבער עס האָבן זיך גענומען באַווייזן העלערע פּערספּעקטיוון. ביי מיר אין מוח האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן פּלענער וועגן איינשאַפן זיך אַ זעג־מאַשין צו שניידן האָלץ, כדי איך זאָל ניט דאַרפן גיין אַלע טאָג אין זעג־מיל און פּטרן אַ סך צייט, ביז וואַנען איך קריג ארויס דאָס צעשניטענע האָלץ. אַ חוץ דעם — מיט אַן אייגענער מאַשין, וואָס מ׳קריגט אויף אויסצוצאָלן, וועל איך באַפרייט ווערן פון אַזאַ גרויסער אויסגאַבע. ווייל דאָס צעשניידן דאָס האָלץ איז דאַן געווען פאַרבונדן מיט גאָר גרויסע הוצאות.

אָבער וואָס פאַראַ נוצן קאָן אַזאַ זעג־מאַשין ברענגען אויב מ׳ווייסט ניט ווי זיך אומצוגיין מיט איר און מ׳ווייסט ניט ווי צו שניידן האָלץ. איך האָב געפּועלט ביי דעם באַלעבאָס פון דער זעג־מיל (אגב, מיינער אַ לאַנדסמאַן) ער זאָל מיר דערלויבן אליין צו שניידן מיינע האָלץ, מיט דעם אויסרייד אז ראשית וועל איך ניט דאַרפן פּטרן אַזוי פיל צייט, און צווייטנס וועל איך דערווייל באַפרייען זיינעם אַן אַרבעטער, וועלכער איז שטענדיק געווען פאַרנומען. איך האָב אָבער דערביי געהאַט מיין אייגענעם חשבון. איך וועל זיך אויסלערנען אליין שניידן האָלץ און במילא פאַרשפּאָרן אָנצושטעלן אַ ווייסן זעג־מיל ארבעטער, וואָס איז שוין דאַן געווען פאַרבונדן מיט אַ הויכער געהאַלט. דער באַלעבאָס פון זעג־מיל האָט דאָס מיר דערלויבט צו טאָן.

ווער איז שוין איצט גלייך צו מיר? מיין קליינע מעבל־פאַבריק וואַקסט. מיינע חברים און פריינד קומען גאַנץ אָפט צו מיר אין פאַבריקל זיך צוקוקן צו דעם וואונדער וואָס עס איז געוואָרן פון דעם היימישן לערער און פאַר־

וואַלטער פון אַ זעקס־קלאַסיקער יידישער פאָלק־שול אין דער אלטער היים, פון דעם איצטיקן רעזשיסאָר פון דער דראַמאַטישער סעקציע ביים ליטעראַרישן פאַראיין, פון דעם זינגער און אַקטיאָר...

צווישן די נייגעריקע איז אויך איינמאָל געקומען מיך טרעפן דער ניט־לאַנג אריבערגעקומענער העברעאישער לערער פון ווילנע, דער באַקאַנטער פעדאַגאָג ה׳ וו. ריבקאַ ע״ה. מיר האָבן זיך גאַנץ נאָענט באַפריינדעט און איך געדענק ווי ער האָט זיך געבעטן ביי מיר איך זאָל אים ארייננעמען אין דער פאַבריקל און אים מאַכן פאַר אַ סטאָליער... ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט, אז ער האָט געשריבן אַן אַרטיקל אין „ווילנער טאָג״ וועגן זיינע ערשטע איינדרוקן פון דרום אפריקע, ווו ער באשרייבט זיין באַגעגעניש מיטן געוועזענעם לערער און פאַרוואַלטער פון דער מירער יידישער פאָלקשול, וואָס איז געוואָרן אין אפריקע אַ סטאָליער. דאָס קאַפּל פון ארטיקל האָט געהייסן: „דער לערער וואָס איז דאָ פאַרסטאָליערט געוואָרן״. זיין המצאה האָט מיך הנאה געטאָן. זאָל די וועלט וויסן, אז אַ געוועזענער „מלמד״ איז אויך ניט קיין פאַרפאַלענער מענטש. אז אַ „מלמד״ קאָן אויך ווערן אַ באַלמעלאָכע און האָבן חיונה...

איך מאַך פּלענער ווי אזוי זיך ארויסצואַרבעטן און אריינשטעלן די נייטיקע זעג־מאַשין אין מיין פאַבריקל. שניידן דאָס האָלץ, דוכט זיך מיר, קאָן איך שוין, והראיה: ס׳זיינען שוין אריבער עטלעכע וואָכן ווי איך צעשנייד אליין אלע מיינע געהילץ וואָס מען ברענגט פאַר מיר. דער באַלעבאָס פון דער זעג־מיל, מיין לאַנדסמאַן, קען זיך גאָר ניט אָפּלויבן ווי גיך איך האָב געכאַפּט דעם שניט און ווי אזוי איך שנייד דאָס געהילץ — שוין ווי גאָר אַ געניטער „מייסטער״.

פּלענער האָבן זיך גענומען וועבן אין מיינע געדאַנקען אויף אריבערצוברענגען אַהער מיין ווייב און מיינע דריי קליינע קינדער. לויט מיינע חשבונות און פאַרויסגעזעענע אויסזיכטן איז מיר אויסגעקומען, אז ס׳איז שוין געקומען די צייט. ביז דעם טאָג ווען זיי וועלן אַראָפּקומען וועל איך שוין זיין „אַ מאַן אויפן פּלאַץ״. דאָס הייסט, איך וועל שוין דאַן זיין געזיכערט מיט „מאַכן א לעבן״, ווי מען רופט עס דאָ.

אַ מענטש אָבער איז אויף דער ערד און טראַכט, פלאַנעוועט און מאַכט חשבונות און גאָט איז אויבן אויפן זיבעטן הימל און לאַכט... שטיי איך אזוי איין פרימאָרגן אין דער זעג־מיל און שנייד זיך אזוי פלייסיק די שווערסטע,

די דינסטע ברעטלעך. אָנגעשניטן אַ גאַנץ הויכן באַרג. און ווי אויף צו־להכעיס, דאָס לעצטע ברעטל האָט זיך דורך מיין אומפאָרזיכטיקייט אַ דריי געטאָן פון מיין האַנט און פיר פינגער פון מיין לינקער האַנט האָבן פארבלאָנדזשעט צו דער רוצחישער זעג מיט אירע שאַרפע ציין און זיי האָבן געטאָן צו מיינע פינגער זייער רעכט... ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב האָב איך זיך געפונען אין שפּיטאָל מיט א פאַרבאַנדאַזשירטער לינקער האַנט און מיט גרויסע ווייטיקן...

* * *

אַלע מיינע חלומות און פּלענער זיינען אויסגערונען מיט מיין בלוט, וואָס די רוצחישע זעג האָט ביי מיר אויסגעצאַפּט. ווען איך בין ארויס פון שפּיטאָל מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט און מיט אָנווייזונגען ווי אזוי איך זאָל זיך באַגיין מיט מיין האַנט, ווי אויך אז איך מוז די ערשטע צייט זיך מעלדן אין שפּיטאָל יעדן טאָג אויף איבערבינדן די ווונדן און שפּעטער־צו אַלע איבערטאָג, האָב איך געפונען מיין „פאַרמעגן״, מיין אָרעמע פאַבריקל, אַ פאַרשלאָסענע, אַן אויסגעליידיקטע. אין טרויער האָבן אירע פוסטע ווענט געוואַרט אויף איר צעקאַליעטשעטן באַלעבאָס. אַ פינצטערניש האָט אָנגע־פילט די פוסטע ליידיקייט פון פאבריקל. קיין זכר פון די עטלעכע ארבעטער. זיי זיינען אַוועק אַרבעטן ערגעץ אַנדערשוווּ, מיטנעמענדיק מיט זיך אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט און פון וואָס מען האָט געקענט מאַכן אַ נוץ. עס האָט זיי געקומט שכירות, האָבן זיי זיך געמאַכט אַ היתר און אַלץ צוגענומען. איבערגעלאָזט האָבן זיי בלויז די צוויי ליידיקע ווארשטאַטן...

צוריק צו מיין אָרעמען צימער בין איך שוין ניט געגאַנגען. איך האָב ניט געהאַט די דרייסטקייט. איך האָב דער באַלעבאָסטע געקומט דירה־געלט און פארן עסן, און ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן... איז דאָך שוין מיין הימל געלעגן אין גאַנצן אויף דער ערד... פון דעסטוועגן האָב איך מיין מוט און האָפענונג ניט פאַרלוירן... איך האָב מיט גוואַלד זיך גענומען אין די הענט אריין און מיט מיין שוואַכן כוח האָב איך גענומען דורכברעכן די פינצטערע כמאַרעס ארום מיר און ווידער גענומען זוכן אַ ליכטיקן שטראַל אין דער פינצטערקייט ארום מיר. איך האָב זיך געווענדעט צו אייניקע לאַנדסלייט, צו עטלעכע פריינד, און מיט זייער הילף האָב איך אין מייפער גמילות־חסד באַקומען אַ נייע הלוואה... איך האָב אויסגעלייזט מיין אָרעמען „פאַרמעגן״ און זיך אריינגעקליבן אין דעם ליידיקן פאַבריקל. דעם וואר־

שטאַט האָב איך געמאַכט פאַר מיין געלעגער, אַ מינעראַל־קעסטל פאַר אַ שטול צום זיצן און ס'איז גענוג געווען עטלעכע שילינג דורכצושטופן דעם טאָג. מיין גאַנצע הוצאה איז דאַן באַשטאַנען פון צוויי מאָל אין טאָג קויפן, ווי מען רופט עס דאָ, „פיש און טשיפּס" (געפּרעגלטע פיש מיט פּענעצלעך פון קאַרטאָפל) פאַר פיר פּענעס און אַ פּעקל פּאַפּיראָסן. אַזוי בין איך אויס־געקומען... און אַזוי לעבנדיק האָב איך געהאַט גענוג צייט צו זיין מיט מיינע מחשבות, זיך געאַמפּערט מיט זיי. אַמאָל האָב איך זיי נאָכגעגעבן, אַמאָל האָבן זיי מיר נאָכגעגעבן, אַמאָל געקומען צו אַ פּשרה, ביז... ווי זאָגט דאָס ווערטל: „אַז עס ווערט שוין אין גאַנצן חושך, אַז מען קען שוין דאָס פינצ־טערניש אָנטאַפּן מיט דער האַנט, רוקט זיך מיט אַמאָל ארויס פון ערגעץ־ווו אַ שטראַל ליכט..."

אין דרויסן רעגנט. עס גיסט עמערווייז, ניט דורכצוגיין אַ גאַס. אָבער איך גיי. ס'האַלט מיך קיין זאַך ניט אָפּ. קיין באַשטימטן ציל אין מיין גיין איז ניט געווען. ארויפגערוקט דעם קאָלנער פון מיין רעקל, דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזן צו דער ערד, דורכגענעצט פון קאָפּ ביז די פיס, באָד איך זיך אין גוס־רעגן.

ווייזט אויס אַז דורך אַ פענצטער האָט מיך אַ פרוי דערקענט. זי קלאַפּט אין שויב. איך דריי זיך אום, זע איך ווי זי ווינקט צו מיר איך זאָל אריינגיין. איך קוק זיך גוט צו: אַ באַקאַנט פּנים פון אַ פרוי... אין איילעניש גיי איך אריין אין שטוב. טראָפּנס רעגן טריפן פון מיר, פון מיינע בגדים, פון מיין פּנים, פון מיינע האָר... איך בלייב שטיין פּנים אל פּנים מיט דער פרוי. זי קוקט זיך גוט איין אין מיר, עפּעס איז זי ניט זיכער... איך גיב איר אַ פרעג: פרוי רבקה פּאָזניאַק? די פרוי האָט ארויסגעלאָזן אַ היסטערישן אויסגעשריי:

„מענדל טאַבאַטשניק!!! דאָס זייט איר טאַקע? איך האָב קוקנדיק דורכן פענצטער געצווייפלט... אָט דאָס איז געוואָרן פון אונדזער מענדל טאַ־באַטשניק?" מיט פאַרבראָכענע הענט האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין... „איך האָב געהערט פון לאַנדסלייט, אַז איר זייט דאָ אין יאָהאַנעסבורג, אַז איר פּלאָגט זיך. אָבער צו טרעפן אייך אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן... וויי און ווינד איז מיר... וואָס פון אַזאַ מענטשן קאָן ווערן אין דער פאַרשאָלטענער אפריקע!..."

זי האָט מיר געהאָלפן אויסטאָן מיין רעקל, אראָפּגענומען די שיך און איז גלייך פאַרשוונדן אין קיך צו מאַכן פאַר מיר אַ גלאָז טיי, צו דערוואַ־

רעמען מיך. זי האָט מיר געבראַכט אַ האַנטוך. איך האָב זיך ארומגעווישט, אַ ביסל אָפּגעטרינקנט און ביי אַ גלאָז טיי האָב איך איר אין קורצן דערציילט געגוי מיין טרויעריקע לאַגע...

„איר וועט אויף אייער סטאָליארסקן וואַרשטאַט מער ניט שלאָפן! איר זעט אָט דעם צימער? דאָ שטייט ביי מיר 'באַארד און לאָדזשינג' אַ לאַנדס־מאַן. איך וועל ארייגשטעלן נאָך אַ בעטל און איר וועט דאָרט אויך שלאָפן. און פון הונגער וועט איר אויך ניט שטאַרבן ביי אונדז. מיר זיינען ניט קיין רייכע מענטשן, אָבער וואָס מיר וועלן עסן וועט פאַר אייך אויך קלעקן. ניט געדאגהט, די וועלט גייט נאָך ניט אונטער. איר וועט דאָ ניט פארלאָרן גיין. אַן 'עקסידענט' (אומגליקספאַל) קאָן טרעפן מיט יעדן איינעם. אייער האַנט וועט זיך אויסהיילן, איר וועט קומען צו זיך און איר וועט זיין צוריק דער זעלביקער מענדל..."

דאָס ערשטע מאָל זינט איך בין אין יאָהאַנעסבורג האָבן אירע טרייסט־ווערטער ביי מיר ארויסגערופן אַ שטראָם מיט טרערן. ריידן האָב איך ניט געקאָנט, דאָס לשון האָט ביי מיר אָפּגענומען. איך בין געווען גערירט פון דער אָרעמער פרויס האַרציקייט. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט און אָנגענומען איר האַרציקן פאָרשלאָג...

מיין לאַנדס־מיידל, שפרה סינדער (איצט סטריקאָווסקי), וועלכע איז געווען אַן אָנגעזעענע ליבהאָבערין פון דער דראַמאַטישער סעקציע אין דער אַלטער היים, איז געקומען מיך באַזוכן אויף מיין נייעם וווין־אָרט ביי רבקה פּאָזניאַק. זי האָט זיך דערוווּסט פון רבקהן וואָס איך האָב דורכגעמאַכט די לעצטע צייט. רבקה האָט איר אויך דערציילט אַז איך האָב ביי איר אַ צימער. אמאָל עס איך ביי איר און אויך וועגן דער קאַטאַסטראָפע מיט מיין האַנט.

ווו האָט זיך עס גענומען צו אַ יונגער מיידל אַזוי פיל חכמה, אַזוי פיל טאַקט? וויפל האָט אָט די יונגע שפרה סינדער אין מיר ארייגערעדט יע־נעם פרימאָרגן? פון וואַנען האָט זיך עס גענומען ביי איר אַזוי פיל איי־דעלן מוסר וואָס זי האָט אין מיר ארייגגעטענהט יענעם טאָג?... איך האָב איר בעת מעשה גאָרניט געענטפערט. פשוט, איך האָב ניט געהאַט וואָס איר צו ענטפערן. זי איז געווען פולשטענדיק געדערעכט מיט אירע דערמונטערנ־דיקע רייד צו מיר. דער איינציקער ענטפער מיינער איז געווען — אַן אויס־ברוך פון טרערן, וואָס איז מיר שווער געווען אָפּצושטעלן. נאָכן אויסוויינען זיך האָט דאָס מיידל מיך אַלץ ניט אָפּגעלאָזן און זי האָט אין מיר אריינ־

געגעבן אזוי פיל מוט און האָפענונג, אז מיין גאַנצע פערזענלעכקייט האָט זיך ממש געביטן...

ביים אוועקגיין האָט זי מיר אָנגעזאָגט, ווי אַ גוטע אָבער שטרענגע מאַ־מע, אז ביי זיי אין הויז וואַרט אויף מיר אַ וואַרעמע היים, עסן, טרינקען, — אין גאַנצן אָן געלט... דערביי האָט זי צוגעגעבן: „אָבער איך קען דאָך אייך... פאַרזיכער איך אייך, אז ווען אייער לאַגע וועט פאַרבעסערט ווערן, איר וועט געהאָלפן ווערן — וואָס אין דעם בין איך זיכער — וועט איר אונדז אָפּצאָלן וואָס איר וועט אונדז שולדיק זיין. מיר וועלן האַלטן אַ חשבון", האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

זי האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקע ווירקונג. זי האָט אין מיר אריינ־געגעבן אזוי פיל מוט. איך האָב זיך געפילט דערהויבן און בשעת מעשה האָב איך געטראַכט: אפשר האָב איך שוין געהאַט גענוג פינצטערניש אין מיין לעבן. אפשר הייבט שוין אָן פאַר מיר אויך שיינען די זון?..

# איך ווער אַ פּראָפּאַגאַנדיסט

אייך פּרימאָרגן בין איך אַרויס פון שפּיטאָל נאָכן איבערבינדן מיין האַנט, זע איך צמח רודינסקי וואַרט אויף מיר.

„ווו ביזטו דאָס פאַרלאָרן געגאַנגען און וואָס איז מיט דיין האַנט? מיר האָבן דיך ארומגעזוכט איבער דער גאַנצער שטאָט. מיר האָבן זיך נאָכגע־פרעגט אויף דיר אין דער וואָלמאַראַנס־שול, ביי די ליבהאָבער פון דראַמאַ־טישן קרייז — קיינער האָט ניט געוווסט וואָס מיט דיר האָט געטראָפן. מיר האָבן זיך אפילו נאָכגעפרעגט ביי דער פּאָליציי. ענדלעך האָבן מיר זיך דער־וווסט פון שפּיטאָל, אַז דו ביזט געווען דאָרט אַ קורצע צייט און אַז דו קומסט דאָרט טעגלעך איבערצובינדן דייך האַנט. דערצייל, וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט?..."

איך האָב אים דערציילט אַלע איינצלהייטן פון „עקסידענט". שפּעטער, ווען איך האָב געפונען מיין פאַבריקל ליידיק בין איך געוואָרן אזוי דערשלאָגן,

אז איך האָב קיינעם ניט געוואָלט זען, מיט קיינעם זיך ניט טרעפן ביז דער קאָשמאַר וועט אריבער און מיין האַנט וועט אויסגעהיילט ווערן.

צמח איז געווען אויסער זיך פון כעס. ער האָט מיר געגעבן אַ רעכטע פאָרציע מוסר, דערנאָך מיך אויפגעמונטערט: „ניט אזוי האַנדלט אַ מענטש אין אַן עת־צרה. מען טאָר די האָפענונג ניט פאַרלירן". אדרבה, ער איז איצט געקומען צו מיר מיט אַ פאָרשלאָג, וואָס וועט מיך אויפמונטערן און דער־הייבן... ער דערציילט מיר, אז דאָ אין יאָהאַנעסבורג האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט צו העלפן יידן זיך באַזעצן אויף ערד אין רוסלאַנד, אונטערן נאָמען „יידישע קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד". ער רעכנט אויס אַלע נעמען פון פערזאָנען וואָס זיינען פארטראָטן אין קאָמיטעט. עס איז שוין פאָרגעקו־מען דער ערשטער צוזאַמענטרעף ווו ער איז אויך בייגעווען. עס האָט זיך אויף דעם צוזאַמענטרעף געשטעלט די פראַגע וועגן אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר דער געזעלשאַפט, וועלכער זאָל באַזוכן דאָס לאַנד מיטן צוועק צו שאַפן געלט פארן פאָנד. דאָס געלט וועט איבערגעשיקט ווערן צום „דזשאָינט" אין אַמעריקע, וואָס האָט גענומען אויף זיך די אָרגאַניזירונג־אַרבעט פון קאָלאָניזירן יידן אין רוסלאַנד.

„איז וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט מיר?" פרעג איך אים פאַר־וווּנדערט.

„גאַנץ פשוט", ענטפערט צמח. „איך האָב פאָרגעשלאָגן דיין קאַנדי־טאַטור פארן פּראָפּאַגאַנדיסט. אזוי ווי קיין אנדער קאנדידאַט איז ניט נאָ־מינירט געוואָרן, איז אין פּרינציפּ באַשלאָסן געוואָרן דו זאָלסט זיך טרעפן מיט דעם הויפּט־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, פריינד אוועדאָף, פאַר אַן אינטערוויו. בכן, נעם זיך אין די הענט אריין און זיי ניט אזוי פאַר־צווייפלט.. איך וועל מאַכן אַן 'אַפּוינטמענט' (אַ באַשטעלונג) מיטן סעקרע־טאַר און וועל דיר לאָזן וויסן ווען דו זאָלסט אים טרעפן. איך וועל מיטגיין מיט דיר און דיך באַקענען מיטן סעקרעטאַר".

דער באַשטימטער טאָג איז געקומען. איך האָב אויסגעבאַרשט מיין איינציקן אָפּגעטראָגענעם אַנצוג, איך האָב זיך אַ ביסל צורעכט געמאַכט און איך מיט צמחן פאָרן זיך טרעפן מיטן הויפּט־סעקרעטאַר, פריינד אוועדאָף.

אַוועדאָף איז געווען זייער א קולטורעלער מענטש, אַ באַגאַבטער אין אַ סך הינזיכטן. ער איז געווען א גוטער זשורנאַליסט און רעדנער. ער איז

דאַן אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „עברי אנוכי״, וואָס איז דערשינען אין ענגליש מיט דער הילף פון „באָארד אָוו דעפּיוטיס״.

אַוועדאָף האָט שוין געוואַרט אויף אונדז. מיר האָבן געהאַט אַ לאַנגן און אינטערעסאַנטן שמועס. ווי צמח האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָב איך אויף אים געמאַכט אַ גאַנץ גוטן איינדרוק, נאָר . . . מיין הולך איז אים ניט געפעלן געוואָרן...

„פאַרמאָגט ער גאָרניט קיין בעסערן אָנצוג ?״ האָט ער געפרעגט צמחן.

„ווען ער וואָלט געהאַט עטוואָס בעסערס וואָלט ער עס זיכער אָנגעטאָן״, האָט אים צמח פאַרזיכערט. „אָבער ׳אַל תסתכל בקנקן אלא מה שיש בו׳״, האָט צמח מיט איראָניע כלומרשט אַ זאָג געטאָן. „דער יונגערמאַן פאַר־מאָגט אַ סך אינטעליגענץ. ער איז געווען אַ פאַרוואַלטער אין איינער פון די באַרימטע צ.י.ש.א.־שולן אין פּוילן. אַ טעאַטער־מענטש, אַן אויסגע־צייכנטער רעזשיסאָר, וואָס האָט פאַרנומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין טעאַטער ביי דער ראַטן־מאַכט. איך צווייפל אויב איר האָט דאָ אין יאָהאַ־נעסבורג נאָך אַזאַ איינעם. איך פאַרזיכער אייך, אז ער איז דער איינציקער צוגעפּאַסטער קאַנדידאַט פאַרן מין פּראָפּאַגאַנדיסט וואָס איר זוכט״.

„וועט ער זיך ניט באַליידיקן ווען מיר וועלן אים באַקליידן מיט אַ נייעם אָנצוג ? מען קאָן דאָך אַ מענטשן אין אַזאַ הולך ניט ארויפלאָזן אויף אַ פּלאַטפאָרמע צו ריידן פאַר אַן עולם !״

„ער וועט זיכער זיך ניט באַליידיקן״, האָט אים צמח געענטפערט. „אָרעמקייט איז ניט קיין שאַנדע !״

אַוועדאָף האָט זיך אָפּגערעדט צו טרעפן מיט מיר אַ צווייטן מאָל אין זיין ביוראָ. און נאָך אַ קורצן שמועס האָט ער מיר געגעבן איבערצולייענען אַ בראָשור וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד און געפרעגט, אויב איך וואָלט זיך אונטערגענומען אָנצושרייבן אַ שעהאיקן רעפעראַט וועגן דער טעמע. איך האָב אים צוגעזאָגט צו ברענגען דעם רעפעראַט אין אייניקע טעג ארום און עס פאָרלייענען פאַר אים.

* * *

איך האָב זיך איינגעשאַפט פּאַפּיר, טינט־און־פעדער און כדי ניט גע־שטערט צו ווערן בין איך אַוועק אין מיין געוועזענער פאַבריקל, וואָס איז נאָך געשטאַנען ליידיק און פאַריתומט. אויף איינעם פון די אָפּגעליידיקטע וואַרשטאַטן האָב איך זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט און זיך אַוועקגעזעצט

שרייבן דעם איין־שעהאיקן רעפעראַט. איך האָב געפילט אז דאָס שרייב איך מיין אייגענעם אורטייל: לעבן אָדער אונטערגאַנג. וועל איך קריגן די שטע־לע, האָט דאָס געמיינט פאַר מיר אַ לעבן פון דאָסניי...

אַ שטעלע ארומצופאָרן איבערן לאַנד מיט אזא געהאַלט און געדעקטע הוצאות, ווי האָטעל, באַן־בילעטן און אנדערע הוצאות איז צו יענער צייט ניט געוועזן קיין טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. איך האָב גענומען מאַכן חשבונות וואָס איך וועל טאָן מיט דעם געהאַלט וואָס איז באַשטאַנען פון 20 פונט א חודש. וויפל עס וועט מיר איבערבלייבן יעדן חודש. איך בין דאַן געווען איינגעטונקט אין חובות. אינעם גמילות־חסד געקומט געלט, דעם געהילך־סוחר מ"ר קנעפ און אויך די ברידער פעלדמאַן. מיין ווייב און קינדער אין דער היים שוין חדשים קיין פענע ניט געשיקט... וואָס פאַר אַ ראָזע, פאַרביקע צוקונפט די צוואַנציק פונט יעדן חודש האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט.. איך וועל מיט דער צייט אָלעמען אָפּצאָלן, באפרייען זיך פון די חובות וואָס האָבן מיך געפּלאָגט. איך וועל ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך און קאָנען ארומגיין מיט אַ געהייבענעם קאָפּ. אָבער... טאָמער חלילה קריג איך ניט די שטעלע? טאָמער האַלט איך ניט אויס מיין עקזאַמען? און די געדאַנקען מאַטערן מיך, שלעכטע מחשבות עקבערן אין מוח — כאָטש נעם און טרינק זיך אָדער פאַרסם זיך!...

איך זיץ און שרייב. אויפן האַרצן איז טרויעריק. איך פאַרבינד מיין געמיט מיט דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, וועמען די רוסישע באָלשע־וויסטישע מאַכט האָט געשטעמפּלט פאַר ניט קיין פּראָדוקטיווע עלעמענטן, פאַר לופט־מענטשן. איך שטעל זיך פאָר ווי די־אַ מענטשן פּלאָגן און מאטערן זיך, און קיין הילף פון דער רויטער מאַכט קענען זיי ניט דערוואַרטן. און כדי צו באַזאָרגן ווייב און קינדער מיט אַ שטיקל ברויט מוזן זיי זיך פאַר־נעמען מיט אומלעגאַלע מסחרים, מיט קאָנטראַבאַנדע, מיט ספּעקולאַציע. און ווען מען כאַפּט אַ יידן ביי אזא „פאַרברעכן" ווערט ער פאַרשפּאַרט אין תפיסה, צוזאַמען מיט די ערגסטע פאַרברעכערס...

איך מאָל אַ שרעקלעך בילד פון אונדזערע מיליאָנען ברידער אין סאָ־וועטן־פאַרבאַנד. איך לייען איבער דעם רעפעראַט איין מאָל און נאָך אַמאָל פאַר זיך, און ביים לייענען קומט מיר אויפן געדאַנק מיין אייגענע טרוי־עריקע לאַגע אין וועלכער איך געפין זיך. איך קען זיך ניט באַהערשן און וויין זיך גוט אויס... ווען איך האָב פאַרענדיקט דעם רעפעראַט האָב איך מיט

אַ ציטערדיקע שטימע טעלעפאָנירט דעם סעקרעטאַר מר״ אָוועדאָף און גע־מאַכט מיט אים אַ באַשטעלונג ווען עס פּאַרצולייענען פאַר אים.

די עטלעכע נעכט ביז מיין טרעפן זיך מיט מ״ר אָוועדאָף האָט איך ניט געקאָנט שלאָפן. ליגנדיק אין בעט ביז די פריע שעהן האָב איך געלייענט פאר זיך דעם רעפעראט, פאררירכט, אויסגעבעסערט. איך האָב זיך דערוווסט פון מיין פריינד צמח, אז צו דער פאָרלעזונג וועלן אויך קומען איניקע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

איך האָב אזוי פיל געאַרבעט איבער מיין רעפעראַט, אז איך האָב אים כמעט געקאָנט אויסנווייניק. דער טאָג איז געקומען. צמח פירט מיך אריין און שטעלט מיך פאָר פאַר דער עקזעקוטיווע. איך זע דאָרט צווישן די אומ־באַקאַנטע פּנימער מיין פריינד רחמיאל פעלדמאן. עס ווערט מיר א ביסל לייכטער אויפן האַרצן. נאָכן אריינפיר־וואָרט פון מ״ר אָוועדאָף האָט מען מיר געבעטן לייענען דעם רעפעראַט.

איך לייען. פון אָנהייב ציטערט אַ ביסל מיין שטימע. אָבער איך גע־וויין זיך צו צו דער אַטמאָספער, וואָס ס׳האָט געהערשט אין ביוראָ פון מ״ר אָוועדאָף. איך הייב אָן לייענען מיט געפיל, מיט אַרטיסטישער אינטאָנאַ־ציע. מיינע צוהערערס זיצן ווי פאַרשטיינערט. אַלעמענס אויגן זיינען גע־ווענדט צו מיר. איך פיל ביי זיך אז איך מאַך אַן איינדרוק. ווען איך קום צו די שילדערונגען פון דער טרויעריקער לאַגע פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין רוסלאַנד, און מיין שטימע הייבט זיך אָן אַ ביסל ברעכן פון דעם טרויער, האָב איך באַמערקט ווי איניקע פון זיי, בתוכם אויך מיין פריינד רחמיאל פעלדמאַן, האָבן ארויסגענומען ווייס־קלאָרע נאָז־טיכלעך און זיך געווישט די אויגן...

ווען איך האָב געענדיקט לייענען האָבן די אַפּלאָדיסמענטן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט... ווען עס איז שטיל געוואָרן האָט מיר מ״ר אוועדאָף געבעטן קומען אין זיין ביורא אויף מאָרגן 10 אזייגער פרי.

## מיין ערשטער ארויסטריט

איך זיץ און וואָרט מיט אומגעדולד אויף דעם פסק־דין. איך האָב אָבער דאָס געפיל, אז די שטעלע איז מיינע. איך בין געווען זיכער אז מיין פאָר־לייענען דעם רעפעראַט האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק. מ״ר אָווע־דאָף באַגעגנט מיר מיט אַ שמייכל און לאַדט מיך איין צו אים אין ביוראָ.

„מיין ליבער פריינד", ווענדט ער זיך צו מיר, „די שטעלע וועט וואַר־שיינלעך זיין אייערע. אָבער פאָרלויפיק קאָנען מיר אָפיציעל אייך נאָך ניט אָננעמען. ניט אָפיציעל זייט איר שוין פון דעם קומענדיקן חודש אָנגע־שטעלט אלס פּראָפּאַגאַנדיסט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן באַ־שלאָסן צו רופן אַ מאַסן־מיטינג דעם זונטיק אָונט אין זאַל פון דער דאָרנ־פאָנטיינער תלמוד־תורה, ווו איר וועט זיין איינער פון די רעדנערס. איר וועט אויפטרעטן ניט מיט אייער פולן רעפעראַט וואָס איר האָט נעכטן געלייענט, נאָר איר וועט דאַרפן ריידן ארום 20—15 מינוט. ס'איז אָבער דאָ אַ קליינע מניעה וועגן אייער אויפטריט. איך האָב געהערט, אז מער ווי דעם איינציקן אָפּגעטראָגענעם אָנצוג וואָס איר טראָגט, פאַרמאָגט איר ניט. כדי אויפ־צוטרעטן פאַר אַ יאָהאַנעסבורגער עולם דאַרף מען זיין לייטיש אָנגעטאָן. מיר האָבן נעכטן באַשלאָסן איר זאָלט זיך באַשטעלן אַ נייעם אָנצוג אויף אונדזער חשבון. אָבער איר מוזט עס פאַרטיק האָבן ביז דעם פאַרשטיי־ענדיקן מיטינג. אלזאָ, מיין פריינד, אײַלט זיך צו און זעט אז צום מיטינג זאָלט איר קומען אַ ביסל 'אויסגעפּוצט', מיט אַ ווייסער העמד און מיט אַ שניפּס. איך בין זיכער אז מיט אייער דרשה וועט איר אונדז ניט פאַרשעמען".

איך האָב זיך חס־וחלילה ניט באַליידיקט. פאַרקערט, איך בין געווען צופרידן צו זיין אָנגעטאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין. געטראַכט האָב איך, אז ווען איך וועל אָנהייבן פאַרדינען וועל איך זיי צוריקצאָלן פאַרן אָנצוג. דער קאָמיטעט האָט אָבער דאָס געלט פון מיר ניט גענומען. זיי האָבן מיר דער־קלערט, אז דעם אָנצוג האָבן זיי מיר געגעבן אַ מתנה...

אין דעם פרייטיקדיקן נומער פון „דער אַפריקאַנער" צייטונג איז געווען געמאָלדן וועגן זונטיקדיקן מיטינג אין זאַל פון דער דאָרנפאָנטיינער תלמוד־תורה, ווו צווישן די רעדנערס האָט פיגורירט אויך מיין נאָמען.

דאָרנפאָנטיינער תלמוד־תורה זאַל איז געפּאַקט. מ'קאָן זיך קוים דורכ־שלאָגן אַ וועג צו דער פּלאַטפאָרמע. איך באַגעגן אין זאַל באַקאַנטע פּנימער, אייניקע שיפס־ברידער, וועלכע באַגריסן זיך זייער פריינדלעך מיט מיר.

דער פאָרזיצער האָט ניט געוווסט מיינע פעאיקייטן אלס רעדנער. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן גרויסן עולם און מיר געגעבן דאָס ערשטע וואָרט. זיין חשבון איז געווען אַ פּשוטער. ער האָט געטראַכט בײַ זיך: ווער ווייס וואָס פאַר אַ רעדנער איך בין? אויב איך וועל מיט מיין רעדע קאַליע מאַכן, וועלן די רעדנערס נאָך מיר האָבן אַ מעגלעכקייט עס צו פאַר־

ריכטן. איך אָבער האָב דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ כבוד צו ריידן דער ערש־טער. איך האָב זיך לחלוטין ניט געשראָקן פאַר מיין ערשטן ארויסטריט אַלס רעדנער. גלייכצייטיק האָט דער גרויסער עולם מיך אויך ניט געשראָקן. דאָס רוב פון זיי זיינען געווען ערשט־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וואָס האָבן געלעכצט צו הערן אַ יידישן וואָרט אין דעם נייעם לאַנד. איך האָב גערעדט מיט אַ היימישן ענטוזיאזם. די צרה איז אָבער געווען, וואָס מען האָט מיר בלויז צוגעטיילט 20 מינוט.

דער ערשטער אויפטריט מיינער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. דאָס האָט באַשטעטיקט די לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. דער פרעזידיום־טיש האָט אַפּלאָדירט שטאַרקער און לענגער פון אלעמען. די ווייטערדיקע רעדעס זיינען שוין געווען בלאַס און בלוט־אָרעם לגבי מיין אויפברויזנדיקער און ענטוזיאסטישער רעדע. דעם טעות האָט דער פרעזידיום שפּעטער אליין אָנערקענט.

מיין דערפאָלגרייכע רעדע אויפן מאַסן־מיטינג אין דאָרנפאָנטיינער תלמוד־תורה זאָל איז נאָך אַלץ ניט גענוג געווען אז דער קאָמיטעט זאָל מיך אָפיציעל באשטעטיקן אלס זייער אָפיציעלער פּראָפּאַגאַנדיסט. איך האָב געדאַרפט דורכמאַכן נאָך אַ צווייטע, א שווערערע פּראָבע.

דאָס שטעטל מידלבערג אין טראַנסוואַל איז פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדיסט גע־ווען פאַררעכנט פאַר איינע פון די שטאַרקסטע פעסטונגען איינצונעמען. א סך ציוניסטישע „גדולים" האָבן אין מידלבערג געהאַט דורכפאַלן. די יידן פון מידלבערג האָט מען אַ נאָמען געגעבן: „יידן מיט שטיינערנע הער־צער"... מיין שיף־ברודער, דער פּאָפּולערער רעדנער בערל פּאַדאָוויטש ע"ה, איז קומענדיק קיין אפריקע גלייך אָנגענומען געוואָרן ביי דער ציוניסטישער פעדעראציע אלס זייער אָפיציעלער רעדנער און פּראָפּאַגאַנדיסט. ער האָט באַזוכט מידלבערג און ניט געהאַט דאָרט קיין גרויסן דערפאָלג. די פּאַרוואַל־טונג פון דער „יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד" האָט באַשלאָסן מיך שיקן קיין מידלבערג, און דאָס וועט זיין מיין לעצטער עקזאַמען...

* * *

מ"ר אַוועדאָף האָט מיך באַזאָרגט מיט די נייטיקע דאָקומענטן וועלכע האָבן באַוויזן קלאָר אז איך בין דער אָפיציעלער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער „יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד" און איך בין מיט גליק אָנגעקומען קיין מידלבערג. דאָס איז געווען מיין ערשטער ארויספאָר און אויפטריט

מחוץ יאָהאַנעסבורג. איך האָב אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אזוי איך זאָל אָנגיין מיט דער אַרבעט. ראשית האָב איך זיך געטראָפן מיטן רב פון שטעטל. דורכן רב האָב איך זיך באַקענט מיטן פּרעזידענט פון דער דאָרטיקער „קאָנגרעגיישאָן". נאָכדעם מיטן פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־זאַציע. ביי אַ גלעזל טיי ביים פּרעזידענט אין הויז, ווו עס זיינען געווען אויך אַנדערע געסט, האָב איך געפּועלט ביי זיי, זיי זאָלן איינאָרדענען פאַר מיר אַ מיטינג פון אַלע יידישע באַלעבאַטים פון שטעטל ווי אויך פון די ארומיקע יידישע גוט־באַזיצערס (פאַרמערס). זיי האָבן מיר צוגעזאָגט דאָס איינצו־אָרדענען דעם קומענדיקן זונטיק פרי אין זייער שול־זאָל און זיי וועלן זיך באַמיען צו ווירקן אויף אַלע יידן זיי זאָלן קומען מיך אויסהערן.

צו מיין גרויסער איבערראַשונג האָב איך זונטיק פרי געפונען אַ פול־געפּאַקטן זאַל מיט נייגעריקע יידן, וועלכע זיינען געקומען הערן אַ גרוס פון די יידן אין רוסלאַנד, איבערהויפּט טרעפן דעם „רוסישן באָלשעוויק", ווי זיי האָבן מיך אַ נאָמען געגעבן...

מיין רעדע וואָס איך האָב שוין געקענט אויף אויסווייניק, האָט איבער־געלאָזן אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. די יידן מיט די „שטיינערנע הער־צער" האָבן מיך אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס. די וויניק פרויען וועלכע זיינען געווען אין זאַל, האָבן זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן געכליפּעט אויפן קול. אויך מענער האָבן זיי צוגעהאָלפן אזוי, אז צייטנווייז האָט דער פאָרזיצער, דער פּרעזידענט פון דער „קאָנגרעגיישן", געמוזט אַפּעלירן צום עולם זיי זאָלן דעם רעדנער לאָזן ריידן אומגעשטערט.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערפילט אין זיך אזא כוח־הדיבור. איך האָב אליין איבערגעשטיגן מיינע אייגענע דערוואַרטונגען. זינט מיין עפנטלעכן ארויסטריט אין מידלבערג איז מיין נערוועזיטעט און צווייפל אין מיין ריידנס־קראַפט פאַרשוווּנדן.

אַ באַגייסטערטער עולם האָט מיך באַשאָנקען מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. איך געדענק נאָך ביזן היינטיקן טאָג, ווי בעת דער פאָרזי־צער האָט מיך באַדאַנקט פאַרן עפענען זיי די אויגן וועגן דער יידישער לאַ־גע אין רוסלאַנד, האָט ער צו די פאַרזאַמלטע מיט באַגייסטערונג דערקלערט: „די יידן פון רוסלאַנד האָבן קיין בעסערן אַדוואָקאַט ניט געקאָנט אויסקלייבן פאַר זיך, און ער האָפט אז מיין שליחות וועט געקרוינט ווערן מיט גרויס דערפאָלג !..."

דער עולם האָט גלייך אויפן אָרט זיך גאַנץ פיין באַשטייערט. מען האָט אויסגעקליבן אייניקע חשובע באַלעבאַטים, מיטן פרעזידענט פון דער „קאָנגרעגיישאָן" בראש, זיי זאָלן אין די נאָענטסטע טעג גיין מיט מיר איינקאַסירן די באַשטייערטע געלט, ווי אויך באזוכן יידן ,וועלכע זיינען ניט געקומען צום מיטינג.

אויף מאָרגן האָב איך טעלעפאָנירט מ"ר אוועדאָף. איך האָב אים אָפּגעגעבן אַ געגויעם באַריכט פון דעם מיטינג און פון דעם גרויסן דערפאָלג וואָס איך האָב געהאַט ביי מיין ערשטן ארויסטריט. מ"ר אַוועדאָף האָט זיינע אויערן ניט געגלויבט און האָט מיט צופרידנהייט געזאָגט, אז ער ווארט מיט אומגעדולד אויף מיין צוריקקערן זיך אין שטאָט...

מ"ר אַוועדאָף האָט מיך אויפגענומען ווי אַ קעניג נעמט אויף אַ גענעראַל, וואָס האָט ערשט געוווּנען אַ שווערע מלחמה. ווען איך האָב אים דערלאַנגט די טשעקס וואָס איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך, האָט ער זיינע אויגן ניט געגלויבט. ער האָט מיר דאַן פאַרטרויט דעם סוד פאַרוואָס מען האָט מיך געשיקט קיין מידלבערג. ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן די דורכפאַלן וואָס די גרעסטע „גדולים" פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע האָבן געהאַט אין מידלבערג. אז איך האָב געקאָנט באַוויזן דעם אָ וווּנדער פון ברעכן און ווייך מאַכן די „שטיינערנע הערצער" פון מידלבערג, ווער איך איצט אָנגענומען — לויט אַ פריערדיקן באַשלוס פון דער עקזעקוטיווע — ווי דער אָפיציעלער פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר דער „יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד" מיט אַ חודשלעכן געהאַלט פון 20 פונט אַ חודש און אלע הוצאות פריי.

מ"ר אַוועדאָף האָט מיר געזאָגט, אז אין אייניקע טעג ארום וועל איך קריגן אַן אויסגעארבעטן פּלאַן צו באזוכן אַלע שטעט און שטעטלעך אין טראַנסוואַל, דערנאָך די פרי־סטייט, נאַטאַל און שפּעטער די קייפ־פּראָווינץ.

ווער האָט זיך דאַן געקאָנט גלייכן צו מיר ? אזא פאַרמעגן איז מיר אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון אויבן... פון דער השגחה אליין... איך בין גלייך אוועק זיך טיילן מיט מיין שמחה צו דער פאַמיליע סינדער אין דאָרנפאָנטיין און צו דער פאַמיליע פאָזניאַק אין דזשעפּי. אויף דעם סמך האָב איך זיך איינגעשאַפּט נאָך אַן אָנצוג און אנדערע זאַכן, איך זאָל לכל־הפחות זיין אָנגעטאָן לייטיש, ווי עס פּאַסט פאַר איינעם וואָס דאַרף זיך ווייזן פאַר לייטן.

# איך הייב אָן מיין נייע קאַריערע

איך האָב זיך אריינגעוואָרפן אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט בלב־ונפש, מיט דער גאַנצער ענערגיע און איניציאַטיוו וואָס איך האָב דאַן פאַרמאָגט. מיין ארבעט האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט לחלוטין אנדערש ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. געמיינט האָב איך אז איך וועל זיין אוועק פון יאָהאַנעסבורג פאַר אַ לענגערער צייט. ס'האָט זיך אָבער געמאַכט אזוי, אז איך פלעג דאַרפן צוריקקומען אין שטאָט זייער אָפט. ערשטנס, אָפּצוגעבן באַריכטן פון מיין אַרבעט, פון מיינע דערגרייכונגען. צווייטנס האָט מען מיך נייטיק געהאַט זייער אָפט אויפצוטרעטן אין די נאָענטע, ארומיקע שטעטלעך ניט ווייט פון יאָהאַנעסבורג ווי בענאָני, באָקסבורג, דזשערמיסטאָן, קרוגערסדאָרפּ, ראַנדפאָנטיין א״א, ווי אויך גאַנץ אָפט אין שטאָט גופא.

מיין שעהיקער רעפעראַט האָט זיך אויסגעשפרייט, אויסגעבעסערט, מיט

אריינגעפּאַסטע משלים, אזוי ארום אז איך פלעג האַלטן דעם עולם וואָס איז געקומען מיך אויסהערן, געשפּאַנט גאַנצע צוויי שעה. די דערפאַרונג האָט מיך געלערנט ווי אזוי זיין גרייט מיט געלונגענע ענטפערס אויף געשטעלטע פראַגעס פון עולם, מיט צוגעפּאַסטע פאָלקס־וויצן און פאָלקס־ווערטלעך, וואָס פלעגן זייער אויסנעמען ביים עולם. איך האָב באַזוכט יעדע שטאָט און שטעטל, מען קען זאָגן „באַאַרבעט" גאַנץ טראַנסוואַאַל. אומעטום זיינען מיר מיינע דערפאָלגן געקומען אנטקעגן. יעדע שטאָט און שטעטל האָט פון אונדזער הויפּט־ביוראָ געקראָגן ידיעות פון פאָרויס וועגן מיין קומען, וועגן מיינע ארויסטרעטן און וועגן מיינע דערפאָלגן. אָפּטמאָל פלעגט שוין דער וועג זיין אויסגעפלאַסטערט און דער באָדן צוגעגרייט פאַר מיר.

איך גרייט זיך אין וועג אריין צו די פרי־סטייט. מיינע רעפּעראַטן זיינען געוואָרן אַ „שם־דבר" און האָבן שוין אפילו דערגרייכט די פרי־סטייט. חוץ פון די מעלדונגען פון אונדזער הויפּט־ביוראָ האָט איין שטעטל זיך דערוווסט פון אַ צווייטער שטעטל וועגן מיר, ווי וועגן דעם פאַרטרעטער פון דעם רו־סישן יידנטום. מען האָט מיך באַטראַכט ווי אַן אויסטערלישן באָלשעוויק. אַ באָלשעוויק וואָס ווייטיקט פאַר די יידן אין רוסלאַנד און פאַרן יידישן כלל; אַ באָלשעוויק וואָס וואַרפט מיט פסוקים פון גמרא, פון תנ"ך און פון תלמוד — גאָר ניט אזא ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט אין יענע צייטן, גלייך נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש.

עס דערמאָנען זיך מיר אייניקע עפּיזאָדן, וועלכע עס איז כדאי צו פאַר־צייכענען:

איך בין אָנגעקומען אין דעם שטעטל הענעמאַן, אין די פרי־סטייט. די פּראַקטיק האָט מיך געלערנט, דאָס ערשטע זיך באַקענען מיטן „רעווערענד" אָדער רב פון שטעטל. ער פלעגט שוין מיר העלפן און מיך פאָרשטעלן פאַרן „טשערמאַן" פון דער „קאָנגרעגייטאָן", ווי אויך פאַרן „טשערמאַן" פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט וועמען איך פלעג אין אַ סך פאַלן האָבן אַ גאַנץ שווערע הלכה איבערצייגן זיי אין דער נויטיקייט צו העלפן דאָס רו־סישע יידנטום צו באַזעצן זיך אויפן באָדן און אליין עס באַאַרבעטן. מאַכן פון די לופט־מענטשן פּראָדוקטיווע ארבעטער, פּויערים. איך פלעג די ציו־ניסטישע פירער דאַרפן איבערצייגן, אז אונדזער ארבעט איז קיין שום שטער ניט צום ציוניזם און סוף כל סוף, נאָך לאַנגע ארגומענטן, פלעגט זיך מיר דאָך איינגעבן אריבערציען זיי אויף מיין זייט.

אין הענעמאַן האָט מען שוין געהערט וועגן מיר. די ברידער דאָרפּמאַן האָבן זיך זייער פּאַראינטערעסירט מיט מיר. איך געדענק אויך דעם טייערן פאָלקס־מענטש חיימאָוויטש, וואָס האָט מיר א סך געהאָלפן. זיי האָט זיך באמת איינגעגעבן צונויפצוברענגען כמעט אלע יידן פון גאַנצן געגנט ארום צו מיין מיטינג. איך האָב איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אויף די צוהערערס און אויך געהאַט א מאַטעריעלן דערפאָלג.

פון הענעמאַן בין איך געפאָרן קיין קראָנשטאַדט, ווו איך האָב זונטיק געדאַרפט אויפטרעטן. די הענעמאַנער האָבן זיך דערוווסט אז איך וועל זונטיק ריידן אין קראָנשטאַדט, איז אַ גאָר גרויסער טייל געקומען מיך הערן אַ צווייטן מאָל. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז דעם זעלבן זונטיק ווען איך האָב געדאַרפט האַלטן מיין מיטינג פאַר דער „יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד" איז נאָך פון פריער באשטימט געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ סימפּאָזיום־מיטינג אויף דער טעמע „חתונה און פארהייראַטער לעבן", אויף וועלכן ס'האָבן געזאָלט אָנטיילנעמען אייניקע באַקאַנטע רעדנערס פון יאָהאַנעסבורג.

דער מיטינג אויף וועלכן איך האָב געדאַרפט אויפטרעטן איז אָפּגערופן געוואָרן און איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי צו גיין צום סימפּאָזיום. ווען די הענעמאַנער יידן האָבן מיר דערזען אין זאַל, האָבן זיי אונטערגעטראָגן דעם פאָרזיצער פונעם אָוונט אַ „מסירהלע", אז דאָ אין זאַל געפינט זיך איינער פון די פיינסטע רעדנער וואָס זיי האָבן ווען עס איז געהערט. פאַרשטייט זיך, אז איך האָב פון דער „מסירהלע" קיין אנונג ניט געהאַט. איך זיץ צווישן עולם, הער מיר אויס די ארגומענטן פון „חתונה האָבן און ניט חתונה האָבן". מיט אַמאָל הער איך ווי דער פאָרזיצער מעלדעט דעם עולם, „דאָ געפינט זיך אין זאַל ניט קיין אַנדערער ווי דער באוווסטער רעדנער, דער אָפיציעלער פראָפּאַגאַנדיסט פאַר דער 'יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד', מענדל טאַבאַטשניק". הכלל, ער בעט מיך צו דער פלאַטפאָרמע און ער וויל הערן מיין מיינונג וועגן דער פראַגע...

דער אומגעריכטער ארויסרוף האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער. אַזאַ פרעמדע טעמע פאַר מיר און דערצו נאָך אָן קיינע צוגרייטונגען... וואָס טוט מען? אנטזאָגן זיך האָב איך ניט געוואַגט... וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך באַקומען אין אזא שטאָט ווי קראָנשטאַדט? ווער וועט שוין קומען צו מיין פאָרשטייענדיקן מיטינג אויף וועלכן איך לייג גרויסע האָפענונגען? די הע־

נעמאַנער יידן פּאַטשן הילכיק, און אויף זיי קוקנדיק — דער גאַנצער גרויסער עולם... נו, האָב איך דען אַ ברירה געהאַט? איך לאָז זיך צו דער פּלאַטפאָרמע אויף גאָטס באַראָט. און גייענדיק אַזוי פּאַלט מיר איין... איך האָב עס! „יאָ חתונה האָבן, ניט חתונה האָבן״ פון טונקעלען. אין יענע יאָרן איז מיין זכרון געווען מיין „בעסטער פריינד״. ער איז פון מיר קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטן. ווען איך בין געווען יונג האָב איך געהאַט אַ טבע אויסצולערנען אויף אויסווייניק אָפּגעקליבענע ליטעראַרישע ווערק. איך האָב די מערסטע פון י. ל. פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״ געקענט אויסווייניק. זייער פיל פון שלום־עליכמס הומאָרעסקעס האָב איך געלייענט אויסווייניק. איך פלעג זיך דערמיט באַנוצן אין די עלטערע קלאַסן פון אונדזער פאָלקסשול, וווּ איך פלעג עס מיט די קינדער לערנען. איך האָב אויך געוווּסט די די בעסערע הומאָרעסקעס פון „טונקעלען״ און אַנדערע הומאָריסטן פאַר דעקלאַמאַציע־צוועקן און פאַרלעזונגען. אויסצולערנען אויסנווייניק אַ זאַך איז ביי מיר געווען איינע פון די לייכסטע זאַכן. אייניקע מאָל איבערגעלייענט און — איך קען שוין דאָס.

איז מיר גראָדע אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק דעם טונקעלערס הומאָריסטישע דערציילונג „יאָ חתונה האָבן, ניט חתונה האָבן״. האָט מען געדאַרפט אַ בעסער־צוגעפּאַסטע הומאָרעסקע פאַר דעם היינטיקן סימפּאָזיום? איך פאַרטרוי דעם פאָרזיצער אַ סוד, אַז „בעוונותי הרבים״ בין איך נאָך אַ „גרינער״ אין דעם לאַנד און קאָן נאָר אָנטיילנעמען אין מאַמע־לשון יידיש...

ביים פאָרזיצער האָבן זיך די אויגן בררייטער צעעפנט פון שמחה:

„סטייטש״, זאָגט ער, „איר זייט אונדז פשוט פון הימל אַראָפּגעפאַלן! מיר האָבן געזוכט אַ רעדנער וואָס זאָל זיך באַטייליקן אין יידיש און ניט געפונען, און איר מיינט גאָר אַז ס׳איז אַ חסרון? אויב אַזוי וועלן מיר פרעגן ביים עולם...״ אַז דער עולם האָט דערהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז געוואָרן אַ פּאַטשעריי מיט אַ פייפעריי, וואָס האָט באַשטעטיקט די גרויסע צופרידנקייט, וואָס מען וועט דאָ אויך הערן אַ יידיש וואָרט. קאָנטיק, אין זאַל האָבן זיך געפונען אַ היפּשע צאָל ניי־געקומענע אימיגראַנטן.

איך האָב רעציטירט „יאָ חתונה האָבן, ניט חתונה האָבן״. דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער. אגב, האָט עס זיך זייער גוט אַריינגעפּאַסט אין דעם סימפּאָזיום. ס׳איז געווען אַן אומגעריכטער דערפאָלג!

ביים באַדאַנקען מיר פאַרן אַריינברענגען אַזוי פיל הומאָר האָט דער

פאַרזיצער גלייכצייטיק געמאַלדן וועגן מיין פאַרשטייענדיקן מיטינג. און מיט אַ דערפאָלג בין איך שוין ווידער געווען געזיכערט.

* * *

איך געפין זיך אין שטעטל ליידיבראַנד, אויך אין די פרי־סטייט. ס'איז געווען זומער, דער טאָג איז געווען אַ הייסער. דער אייגנטימער פון האָטעל ווו איך בין איינגעשטאַנען איז געווען אַ האַרציקער ייד.

„וואָס זיצט איר אין האָטעל אין אזא הייסן טאָג? קומט מיט מיר! איך גיי איצט צום שווים־באַסיין, ווו מיטוואָך דאַרף פאָרקומען אַ שווים־גאַלאַ (פאַרמעסט) פון שווימער פון גאַנצן געגנט ארום. איך בין דער אָרגאַניזירער פון דער גאַלאַ. האָט איר דאָ מיט זיך אייער שווים־קאָסטיום, טאָ נעמט עס מיט. אויב ניט וועל איך אייך געבן מיינעם אַ קאָסטיום. קומט און קילט זיך אָפּ! שווימען מוזט איר דאָך אוודאי קענען. אויב ניט וועט איר זיך לכל הפחות אָפּקילן...״

איך בין אריינגעקראָכן אין דעם האָטעל־אייגנטימערס שווים־קאָסטיום ווי עס וואָלט געווען געניית ספּעציעל פאַר מיר. איך בין אַ לעבעדיקער גע־וואָרן. איך וואַרף זיך אריין אין בלויען וואַסער, הייב אָן צו דערלאַנגען קלאַפּטער אויפן רוסישן שטייגער. איך הייב אָן פּראַווען מיינע אַמאָליקע קונצן: איך צי זיך אויס אויפן פּלייצע, די הענט פאַרלייג איך הינטער דער פּאַטעליניצע און בלייב ליגן אויסגעצויגן, אומבאַוועגלעך אויפן וואַסער אַ היפּשע ווײַלע. דאַן דריי איך זיך איבער, הייבן אָן מאַכן קאָזשעלקעס, דער־ביי ארויסלאָזנדיק פון מויל אַ לאַנגן שטראָם וואַסער ווי פון אַ פאָנטאַן. ווי־דער לייג איך קלאַפּטער, האַלטנדיק מיין איבערשטן האַלבן קערפּער ארויס פון וואַסער. איך זע מיין באַלעבאָס פון האָטעל מיט נאָך איניקע אָרגאַניזי־רער פון דער גאַלאַ שטייען, קוקן און באַוואונדערן דעם „ראַשן״־שווימער.

פאָרנדיק צוריק צום האָטעל זאָגט צו מיר דער באַלעבאָס: „איר זייט דאָך גאָר אַ 'כלי', א מומחה אין שווימען. איר האָט אונדז גאָר געדאַרפט מהנה זיין מיט אַ נומער פון 'רוסישן סטיל־שווימען'.״

איך האָב זיינע רייד אויפגענומען ווי אַ באַמערקונג, ניט קיין איינלאַדונג, אויף וועלכער איך האָב געענטפערט מיט אַ שמייכל און מיט אַ „ווייס־איך־וואָס?״ האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן אז ער האָט דאָס געמיינט אויף אַן אמת.

הונדערטער מענטשן, אפריקאַנער, ענגלענדער און אויך געציילטע יידן

זיינען געקומען צו דער גרויסער „גאַלאַ־שווים". איך בין געזעסן אין מיין שווים־קאָסטיום און מיט אינטערעס זיך צוגעקוקט צו די פאַרמעסטן. איך הער דער „הויך־ריידער" רופט אויס מיין נאָמען און דערקלערט, אז איך בין אַ „ראשון־שווימער" און ער פאַרבעט מיר צו געבן פארן עולם אַ „מוסטער סטיל" פון רוסישע שווימערס.

דער באַלעבאָס פון האָטעל, דער אָרגאַניזירער פון דער „גאַלאַ", איז געשטאַנען לעבן מיר און מיך געבעטן איך זאָל איבערחזרן דאָס, וואָס איך האָב געטאָן ווען ער האָט מיך געבראַכט אהער דאָס ערשטע מאָל...

„אָט האָט איר פאַרקאָכט אַ קאַשע", זאָג איך צו אים. „איך האָב גע־מיינט, אז איר האָט עס געמיינט אין שפּאַס!"

איך שווים סאָלאָ. צוערשט רוסישע קלאַפּטער, דער אויבערשטער טייל פון קערפּער ארויס פון וואַסער. דערנאָך אויסגעצויגן אויפן פּליצע, איך בלייב ליגן אומבאַוועגלעך. מען אַפּלאָדירט שטאַרק... איצט קומען די „קאָ־זשעלקעס" מיט פאַנטאַן־שפּריצן. דער עולם האָט לאַנג אַפּלאָדירט...

ביים מיטינג, ווען דער פאָרזיצער האָט מיר פאָרגעשטעלט פארן עולם, האָט ער צוגעגעבן, אז ניט נאָר האָבן די רוסישע יידן געשיקט אהער אַ גוטן „מליץ־יושר" פאַר זיי, נאָר אויך אַ גוטן ספּאָרטמאַן, און האָט גלייך אויף אַן אָרט דערציילט וועגן די קונצן וואָס איך האָב באַוויזן אויף דער „שווים־גאַלאַ" און וועגן דעם דערפאָלג וואָס איך האָב געהאַט. ביי ענגלישע און אפריקאַנער יידן איז אַ ספּאָרטמאַן זייער אַ גרויסער יחסן. דאָס האָט אויך אַ סך צוגעהאָלפן צום דערפאָלג פאַרן „קאַמפּיין".

נאָך אַן עפּיזאָד, אָבער פון אַ גאַנץ אנדערן כאַראַקטער:

איך קום אין שטעטל היילבראָן, אויך אין די פרי־סטייט. דאָס ערשטע, ווי מיין טבע איז, געפין איך אויס ווו דער רב לעבט. איך קלינג אין טיר. עס דערהערן זיך לייכטע טריט. די טיר עפנט אַ פרוי. זי קוקט זיך גוט איין אין מיין פּנים און קומט ארויס מיט אַ שטאַרקן קוויטש: „יוסף, יוסף! גיכער, קום זע ווער ס'איז דאָ! מענדל, ווי קומסטו אַהער ?..."

ר' יוסף, דער רב פון היילבראָן, איז ניט קיין אנדערער ווי אונדזער ר' יוסף קאַפּלאַן פון דער מירער ישיבה, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אונדזער רחלע קאַפּלאַן און גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען זיי אוועק־געפאָרן קיין אפריקע, ווו רחלס פאָטער איז דאָ געווען אַ משולח פאַר אַ ישי־בה אין פּוילן. דאָס האָט טאָקע זי, רחלע, אַ געשריי געטאָן פון איבערראַשונג

ווען זי האָט מיך פּלוצלינג דערזען ביי איר טיר, אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין די פרי־סטייט, אין אפריקע.

אין „דער־מיר" זיינען מיר צוזאַמען געזעסן אין דער קהילה. איך, ווי דער וויצע־פּאַרזיצער פון דער לינקער פראַקציע און ר' יוסף קאַפּלאַן, אַ קאָמיטעט־מיטגליד פון דער רעליגיעזער פראַקציע. שטענדיק זיינען מיר געווען אין אָפּאָזיציע, זיך געאַמפּערט, זיך איבערגערעדט. מען קאָן זאָגן, געווען „פּאַרטיי־שונאים". אָבער נאָך אַזוי פיל יאָרן, ביי אונדזער באַגעגע־ניש אין אפריקע, איז אַלץ פאַרגעסן געוואָרן — „לא יזכר ולא יפקד". מען איז געוואָרן פריינד, חבריש, אַזוי ווי ברידער וואָלטן זיך געטראָפן נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג...

פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ איז שוין צוגעגאַנגען זייער לייכט. ר' יוסף קאַפּלאַן, וועלכער איז אַגב געווען זייער אָנזעעוודיק ביי זיין „קאָנגרעגיישאָן", האָט אָרגאַניזירט דעם מיטינג פאַר מיר און ביים ריידן האָב איך זיך געפילט עפּעס זיכערער, ווען דער רב ר' יוסף און זיין פרוי, אונדזער „מי־רער" רחלע, זיינען געזעסן אנטקעגן מיר.

אויף מאָרגן, ביים מיטאָג־עסן, זאָגט צו מיר ר' יוסף:

„איר ווייסט, אין דער היים זיינען מיר דאָך געווען פאַרביסענע קעגנערס. ווען איך פלעג זאָגן טאָג, פלעגט איר זאָגן נאַכט. איך מוז אָבער מודה זיין אַז פיל מאָל פלעגט איר ארויסזאָגן זייער לאָגישע געדאַנקען. אָבער ווי לאָ־גיש אייערע ארגומענטן זיינען ניט געווען, פלעגן מיר, אונדזער פראַקציע, ניט וועלן אפילו זיך נעמען די מי און אריינטראַכטן זיך אין דער לאָגישקייט, נאָר דערפאַר, ווייל די ארגומענטן זיינען געקומען פון אפיקורסישן צד... דאָס זעלבע האָט איר אויך מסתמא געטראַכט וועגן אונדזערע געדאַנקען און פאַר־שלאָגן. אַזוי ווייט האָט זיך דער קאַמף פון אונדזערע צדדים אַנטוויקלט. אָבער ווען מען גיט היינט אַ טראַכט וועגן די אַלע אַמאָליקע פוסטע און נאַ־רישע מחלוקתן, פילט מען ערשט וויפל אומזיסט בייז־בלוט עס איז ארויס־געררופן געוואָרן פון ביידע צדדים...

„אָבער אויסן בין איך איצט גאָר עפּעס אַנדערש. ווען איר האָט גערעדט אויפן מיטינג, איבערהויפּט ביים אָנהייב פון אייער רעדע, האָב איך געצי־טערט, עס האָט מיך פשוט געוואָרפן פון שרעק. איך האָב געוואָלט אַז אייע־רע רייד זאָלן ציען, אַפּעלירן צום עולם. איך האָב געפילט פונקט ווי איך וואָלט געווען אַ שותף צו אייערע רייד. שפּעטער־צו, ווען איר האָט זיך צע־

וואַרעמט און איר האָט מיט אייערע רייד, וועלכע זיינען געקומען פון טיפן האַרצן, גענומען אריינדרינגען אין די הערצער פון די פאַרזאַמלטע, האָב איך דערפילט ווי טרערן שטעלן זיך מיר אין מיינע אויגן פון פרייד, סיי פון אייערע רייד און אויך פון דעם דערפאָלג וואָס איר וועט ביי אונדז האָבן. איך האָב פאַר אייך תפילה געטאָן און גאָט־ברוך־הוא האָט צו מיין תפילה זיך צוגעהערט...״

מיין דערפאָלג איז אומעטום געווען אַ געזיכערטער. וווהין איך בין געקומען האָט שוין דער רעוורענד אָדער רב געוווּסט וועגן מיר פון פאָרויס. איין רעליגיעזער פאָרשטייער פון אַ קהילה האָט פאָרויס מודיע געווען וועגן מיר אַ צווייטן רעליגיעזן פאָרשטייער פון אן אנדער קהילה, און מען קאָן זאָגן אז איך בין געגאַנגען אויף אַן „אויסגעטראָטענעם וועג״. מיין אַרבעט האָט אָנגעהאַלטן האַרט ביז ערב די ימים־נוראים, ווען מען האָט געמוזט מאַכן אַן איבעררייס צוליב די ימים־נוראים.

* * *

איך בין געקומען קיין יאָהאַנעסבורג שוין גאָר מיט אַן אַנדער מוט. איך בין שוין ווייט ניט דער זעלביקער ווען מיין טייערע שיפרה סינדער און פריינד צמח רודינסקי האָבן געדאַרפט מיר זאָגן אזוי פיל מוסר און אריינגעבן מיר מוט. איך בין פול מיט איניציאַטיוו און ענערגיע. איך קאָן שוין ניט זיצן רואיק אויף קיין איין מינוט. איך דערוויס זיך אז אין דער דזשעפּי־שול נייטיקט מען זיך שטאַרק אין אַבאַס־זינגער פאַרן כאָר. איך שטעל זיך אין פאַרבינדונג מיטן חזן ה׳ קאַפּלאַן ע״ה און איך קריג פאַרן זינגען די ימים־נוראים אזא פרייז, וואָס ס׳האָט זיך מיר גאָר קיינמאָל ניט געחלומט: גאַנצע 45 פונט. אמת, איך האָב דאָס כשר פאַרדינט. איך האָב געהאָלפן דעם חזן איינשטעלן דעם כאָר, איך האָב געזונגען סאָלאָס, און ווען איך האָב אָפּגענומען אזא „מטבע״ צוזאַמען מיט מיין חודשלעכן געהאַלט, איז דוכט מיר אז קיינער איז ניט געווען גלייך צו מיר? איך האָב זיך דערפילט ווי אַ „האַלבער ראָטשילד״. איך האָב אָפּגעצאָלט אַלע מיינע בעלי־חובות. אָפּגעצאָלט אלעמען ביז אַ גראָשן. קיינעם חלילה ניט געבליבן שולדיק אַ פּעני. עס געדענקט זיך: ווען איך האָב געבראַכט די לעצטע פינף פונט וואָס איך האָב נאָך געקומט דעם געהילך־סוחר, דעם זייער פריינדלעכן מ״ר קנעפּ, האָט ער מיך ארויסבאַגלייט פון זיין געשעפט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „יונגערמאַן״, האָט ער פריינדלעך געזאָגט צו מיר, „איך וויל איר זאָלט

וויסן און געדענקען איין זאַך: דאָ איז ניט די אַלטע היים. אין דער אַלטער היים ווען איינער איז געווען אַ קרעמער, זיינען זיינע זין אויך געווען קרע־מערס. איז איינער געווען אַ באַלמעלאָכע, למשל אַ סטאָליער, אַ שוסטער, אַ שניידער, האָבן זייערע זין איבערגענומען פון זייערע טאַטעס זייערע מלאכות. אזוי איז יעדע מלאכה איבערגעגאַנגען בירושה פון טאַטן צום זון... זעלטן ווען עמעצער האָט זיך ארויסגעריסן פון דער משפחה־טראַדיציע און איז אוועק אויף אנדערע וועגן, איבערגעביטן זיין טאַטנס מלאכה אָדער געשעפט. אָבער ניט אין אפריקע... דאָ קאָנט איר היינט זיין אַ סטאָליער, מאָרגן א קרעמער, אָדער גאָר אַ לערער... איך זאָג דאָס אייך אנטקעגן דעם, אז ס'איז גאַנץ מעגלעך אז איין טאָג וועט איר ווידער באַשליסן צו נעמען זיך מאַכן מעבל, זאָלט איר וויסן זיין, אז איר האָט ביי מיר אַן אָפענעם קרע־דיט־קאָנטאָ אויף וויפל נאָר איר וועט וועלן!...

„ווען עס האָט מיט אייך געטראָפן דער 'עקסידענט', האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט אז איר וועט מיר אַמאָל באַצאָלן דעם חוב, וואָס איר האָט מיר געקומט. איך האָב דאָס שוין געהאַלטן פאר אַן אָפגעווישטן חוב. ווייזט אויס, אז איר האָט גאָר אנדערש געטראַכט. והראיה, אָט האָט איר מיר גע־בראַכט דעם לעצטן 5ער וואָס איר זייט מיר שולדיק געווען. טאָ זייט געזונט און וואָס איר זאָלט ניט טאָן — זייט מצליח!"

* * *

פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אונטערוועגנס, איז דער דראַמאַטי־שער קרייז געוואָרן אמגעדולדיק ווארטנדיק אויף מיר. דערווייל איז צוגע־קומען צום קרייז דער חשובער ה' הערש ע"ה, אַן אלטער פראָפעסיאָנעלער אקטיאָר, אַן ערנסטער מענטש, ניט פארהייראַט, אָבער שוין אין די יאָרן. ער האָט געהאַט אַ שטעלע אלס שפּראַכן־איבערזעצער אין געריכט (דאָל־מעטשער).

פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך פאַרבענקען נאָך דער יידישער בינע. צו מיינע ערשטע אויפפירונגען איז ער געווען אַן ערן־גאַסט אין טעאַטער. ער איז ניט געווען קיין שונד־אַקטיאָר, קיין טענצער און שפּרינגער. ער איז געווען צוגעפּאַסט פאַרן ערנסטן טעאַטער. אלס פריינד פון אונדזער דראַ־מאַטישער סעקציע האָט ער אויסגעדריקט זיין ווילן אָנטיילצונעמען אין אַ פאָרשטעלונג, אויב ס'וועט זיין פאר אים אַ פּאַסיקע ראָל. די ראָל פון הירש־בער דער פישער אין „דאָרפס־יונג" פון לעאָן קאָברין איז געווען פאר אים

ווי צוגעשניטן, ווי קאָברין וואָלט ספּעציעל פאַר אים געשריבן די ראָל. ער איז געווען הויך און ברייט און פאַרמאָגט אַ באַסאָווע־שטים. טאָ וואָס דאַרף מען נאָך? איז געבליבן, אַזוי ווי איך בין ניטאָ זאָל ער, הערש, חוץ שפּילן אויך רעזשיסירן די פּיעסע. און מ׳האָט אָנגעהייבן אַרבעטן...

אַלץ איז גוט. פאַר אַלע ראָלן איז דאָ צוגעפּאַסטע ליבהאָבער. נאָר אײן קלייניקייט — עס פעלט די הויפּט־ראָל יענקל בוילע, דער „דאָרפס־יונג" אַליין. ניטאָ קיין צוגעפּאַסטער ליבהאָבער פאַר אָט דער ראָל. איז געבליבן מען זאָל וואַרטן אויף מיין קומען...

דער „דאָרפס־יונג" איז מיר ניט געווען פרעמד. שוין געשפּילט די ראָל אַ סך מאָל אין דערהיים און גאַסטראָלירט אויך אין אַנדערע שטעטלעך אַרום. איך קען דעם דיאַלאָג, דעם סצענאַריוס אויסנווייניק. אַלץ וואָלט געווען גוט, נאָר אײן קלייניקייט: „בוילע" האָט געדאַרפט זיין אַ „יונג מיט ביינער", געזונט און הויך, אַ „בוילע" וואָס אַלע דאָרפישע שיקסעס נעמען אײַן די כפּרה פאַר אים. און איך בין קורץ, נידעריק — כאָטש נעם און דערשטיקעווע שטיקער צו מיינע קורצע פיס...

„זאָרגט זיך ניט", האָב איך באַרויִקט הערשן און דעם אַנסאַמבל. „פריינד הערש, איך וועל זיין העכער פון אייך און אין אויסזען געזינטער פון אייך. פרעגט מיך ניט ווי אַזוי... די נאַכט פאַרן שפּילן וועל איך אויסוואַקסן!..." מען האָט גענומען מיין וואָרט.

מיט אייניקע טעג פריער פאַרן שפּילן האָב איך אוועקגעטראָגן די שטיוול וועלכע איך האָב געדאַרפט טראָגן צו מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ באַ־קאַנטן מעבל־מאַכער. איך האָב אים געבעטן ער זאָל אַריינלייגן אין די שטיוול הילצערנע אָפּצאָסן, צוגעפּאַסט און ווייך אויסגעבעט פאַרן פוס. איידער דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט בין איך געשטאַנען אין דער גאַר־דעראָבע פאַרגרימירט און אָנגעטאָן אין די „צורעכטגעמאַכטע" שטיוול, און איך האָב אויסגעזען העכער פון הערשן. און ניט נאָר פון אים אַליין: איך בין געווען דער העכסטער אין דער טרופּע...

ווען איך בין אַרויף אויף דער בינע האָט מיר קיינער ניט דערקענט. איך געדענק ווי נאָכן ערשטן אַקט איז איינער פון אונדזערע נאָענטע פריינד, משה ווייס, אַרויפגעקומען הינטער די קוליסן און מיט וווּנדער אויסגערופן:

„איך זאַל האָט יעדער איינער פּרובירט טרעפן ווער איז דער, וואָס שפּילט ׳יענקל־בוילע׳? די וואָס קענען אייך גוט האָבן זיך אויסגעדריקט:

‚הקול קול יעקב והידים ידי עשו‘. אַלע האָבן מסכים געווען אַז די שטים איז טאַבאַטשניקס, אָבער די ‚פּאַסטעכאַטשע‘ איז דאָך פון אַ גרויסן, געזונטן פויער...“

מיר האָבן געשפּילט דעם „דאָרפס־יונג“ אין יאָהאַנעסבורג, אין בענאָני, און אין פּרעטאָריע. דוד דאַנציג האָט געשפּילט די ראָל פון זלמנקע דער יונגער פּישער; יוסף פריד האָט געשפּילט דעם קעלמער מגיד חאציע; שלמה רובין האָט געשפּילט נחומצע; ליובא שול — נאַטאַשאַ; הערש — הירש־בער; ברוך קאַרלין — פּראָקאָפּ. די פאָרשטעלונג איז אויפגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג. די אַלע פאָרשטעלונגען זיינען אויפגעפירט געוואָרן אין דער צווישנצייט ווען איך פלעג קומען פון פּראָווינץ קיין יאָהאַנעסבורג.

ווי אויבן דערמאָנט, איז מיט דער גרינדונג פון „יידישן ארבעטער־קלוב“ געשאַפן געוואָרן ביי זיי אַ דראַמאַטישע סעקציע, אין וועלכער אַ סך ליבהאָבער פון דראַמאַטישן קרייז ביים ליטעראַרישן פאַראיין זיינען אריינגעצויגן געוואָרן. דער דראַמאַטישער קרייז איז אויפגעלייזט געוואָרן צוזאַמען מיטן ליטעראַרישן פאַראיין.

# איך ווער ווידער אַ לערער

וועמען האָט זיך געקאָנט חלומען אז איך וועל דאָ, אין יאָהאַנעסבורג, ווידער ווערן אַ לערער, און דערצו נאָך אויף יידיש? מסתמא איז געווען אָנגעצייכנט פון אויבן, פון דער השגחה, אז איך זאָל דאַרפן זיך נעמען צום „טייטל”, און דערצו נאָך ביי א סך שווערערע באַדינגונגען ווי אין דער אלטער היים.

קיין יאָהאַנעסבורג איז אָנגעקומען פון ווילנע איינער די באקאנטסטע קולטור־טוער, אַ פעדאַגאָג און געזעלשאפטלעכער פירער אויף דער יידישער גאַס — מישאַ שור. מיט זיין גאַנצער ענערגיע האָט ער זיך גלייך אריינגעוואָרפן דאָ אין דער היגער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ראשית האָט ער געשאַפן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט מיט דער אויפגאַבע צו גרינדן אַ יידישע פאָלק־שול. איך, אלס געוועזענער לערער, בין צוגעצויגן געוואָרן צום קאָמיטעט. אויפן ערשטן מאַסן־מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער „דזשור־

איש גילד״ בין איך, צוזאַמען מיט מישאַ שור, געווען איינער פון די רעדנערס. דער אַפּרוף איז געווען זייער אַן ענטוזיאַסטישער און ס׳איז באַשלאָסן גע־וואָרן צו גרינדן אין יאָהאַנעסבורג אַ יידישע פאָלק־שול.

אין יענע יאָרן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע אימיגראַציע קיין דרום־אַפריקע. אין רעגירונגס־קרייזן און פאַרלאַמענט האָט מען גענומען ריידן וועגן באַגרענעצן די אימיגראַציע פון מזרח־איראָפּע, איבערהויפּט פון ליטע און פוילן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז די היגע יידן האָבן זיך אַ נעם געטאָן אריבערצוברענגען וואָס מער משפחה־מיטגלידער, קרובים אן פריינד פון דער אַלטער היים קיין דרום אפריקע.

יעדע וואָך פלעגן אָנקומען צו די ברעגעס פון קייפּטאָן פול־געפּאַקטע שיפן מיט איינוואַנדערנדיקע יידן פון מזרח־איראָפּע, וועמענס מוטער־שפּראַך איז געווען יידיש. דעריבער איז דער באַדן פאַר אַ יידישער פאָלק־שול געווען זייער רייף. וואָס טוט מען אָבער מיט לערערס ? יידישע לערערס זיינען דאָ ניט געווען בנמצא. לית־ברירה האָט מען זיך גענומען צו מיר. זיי האָבן פארלאנגט פון מיר, איך זאָל אויפגעבן די שטעלע פון פּראָפּאַגאַנ־דיסט און ווערן דאָ, צוזאַמען מיט מישאַ שור, א לערער אין דער ניי־גע־גרינדעטער יידישער פאָלק־של.

אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעקומען קיין יאָהאַנעסבורג ראובן ברייניך, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ ״קאַמפּיין״ פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד. און מיט אַמאָל בין איך געוואָרן זייער וויכטיק. די ניי־גע־גרינדעטע שול־פאַרוואַלטונג האָט ניט אַנדערש געפאָדערט פון מיר, אז איך מוז ווערן איינער פון די לערערס. די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט איצט שוין צוזאַמענגעאַרבעט מיטן ״ראובן ברייניך־קאַמפּיין״, האָט מיך בשום־אופן ניט געוואָלט באַפרייען. ״סטייטש״, האָבן זיי מיט רעכט געטענהט, ״מיר האָבן געכאַוועט און אויס־געהאָדעוועט אַ גוטן פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס האָט שוין אַ סך דערפאַרונג, און מיט גרויס דערפאָלג אזוי פיל אויפגעטאָן אויף דעם געביט, קומט איר און ווילט אים צונעמען פון אונדז אין רעכטן מיטן פון ׳קאַמפּיין׳, ווען מיר נייטיקן זיך שטאַרק אין אים ?״

איך בין געווען אין דער מיטן און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. ס׳איז טאַקע אמת, אז דער ״ראובן ברייניך־קאַמפּיין״ האָט זיך גענייטיקט אין מיר.

אָבער דער פֿאָלק־שול בין איך נאָך נייטיקער געווען. נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת מיט זיך אַליין, האָט די פֿאָלק־שול געוונען די אויבערהאַנט. ניט געקוקט וואָס ביי דעם „בריינין קאַמפּיין" וואָלט איך געקראָגן אַ סך אַ העכערן געהאַלט, האָב איך באַשלאָסן צו בלייבן אַ לערער מיט מישאַ שור פֿאַר אַ קלענערן געהאַלט. דער חשבון איז געווען אַ פּשוטער: דער „בריינין־קאַמפּיין" איז געווען נאָר אַ צייטווייליקע געשעעניש, בעת די פֿאָלק־שול האָט דעמאָלט אויסגעזען צו זיין אַ סטאַבילע און שטענדיקע אינסטיטוציע, ווו איך וועל זיין געזיכערט מיט אַ שטעלע.

אייבל שאַבאַן איז אָנגעקומען פֿון קייפּטאָן קיין יאָהאַנעסבורג, און ער האָט איבערגענומען די שטעלע אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט פֿאַרן „בריינין־קאַמפּיין" און איך בין פֿריי געווען אָנצונעמען דעם פּאָסטן אַלס לערער ביי דער יידישער פֿאָלקשול. אָבער ווען מען האָט מיך געדאַרפֿט, האָב איך זיך קיין מאָל ניט אָפּגעזאָגט אַרויסהעלפֿן דעם „בריינין־קאַמפּיין". איך געדענק, ווי דער „בריינין־קאַמפּיין" האָט איינגעאָרדנט מאַסן־מיטינגען אין בענאָני און קרוגערסדאָרפּ, ווו אייבל שאַבאַן און איך זיינען אויפֿגעטראָטן אויף איין פּלאַטפֿאָרמע.

* * *

מיט דער גאַנצער ענערגיע מיינער וואַרף איך זיך אריין אין דער אַרבעט פֿון דער ניי־געגרינדעטער פֿאָלקשול. דער באָדן איז האַרט, מען דאַרף עס פֿונאַנדעראַקערן, אָנהייבן פֿון סאַמע בראשית. מיר האָבן אריינגעקראָגן אַ צאָל קינדער פֿון די ניי־געקומענע אימיגראַנטן, און מיר האָבן אויך ווערבירט אַ גרעסערע צאָל הי־געבוירענע קינדער. דער עלטער פֿון די קינדער איז געווען פֿאַרשיידנאַרטיק. דאָס גלייכן זייערע ידיעות אין יידיש.

די גרעסטע צרה איז געווען, וואָס די שול איז לכתחילה געשאַפֿן געוואָרן ווי אַ נאָכמיטאָג שול, ווו די קינדער פֿלעגן קומען אַרום דריי אזייגער נאָך מיטאָג, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין די מערסטע צייט פֿון טאָג פֿאַרבראַכט אין דער רעגירונגס־שול. העכסטנס האָבן מיר מיט די קינדער געקאָנט לערנען פֿון אָנדערהאַלבן ביז צוויי שעה אַ טאָג.

צוליב די פֿאַרשיידענע קענטעניש פֿון די קינדער איז קיין קלאַסן־סיסטעם ניט מעגלעך געווען איינצופֿירן. אָבער מיר האָבן דאָך באַשלאָסן, צוליב דעם וואָס קיין צופֿיל קינדער זיינען ניט געווען, איינטיילן זיי אין



די ניי־געגרינדעטע יידישע פאָלקשול אין יאָהאַנעסבורג. רעכטס אויבן: מענדל טאַבאַטשניק. אינמיטן אויבן פריינד מישאַ שור.

אין פאַרשיידענע גרופּעס, לויט זייערע קענטענישן. ווו עס איז בייטיק גע־וועג האָבן מיר זיך אויך פאַרנומען מיט קינדער אינדיווידועל.

עס איז געווען זייער אַ שווערער אָנהייב. אַ העברעאיש ווערטל זאָגט „כל התחלות קשות". אַן אָנהייב איז אָבער געמאַכט געוואָרן. די קינדער האָבן געפילט גאָר אַ נייעם צוגאַנג צו זיי מצד די לערער, אַ חברישן צו־גאַנג, וואָס אין דער רעגירונג־שול האָבן זיי קיינמאָל ניט געפילט. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט די נייע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן פון דער אַלטער היים. אונד־זער באַציאונג צום קינד איז געווען ווי פון אַן עלטערן חבר, וואָס האָט מער דערפאַרונג אין לעבן. חוץ דעם האָבן מיר אין אונדזער פּראָגראַם אריינ־גענומען שפּיל און געזאַנג, און צום ערשטן מאָל האָבן אין די קינדערשע אוי־ערן געקלונגען זיסע יידישע מעלאָדיעס מיט האַרציקע יידישע ווערטער. אויך די שפּילן זיינען פאָרגעקומען אין מאַמע־לשון — יידיש...

דאָס אַלץ, מיטן צוגאָב פון דער ליבשאַפט פון די לערער צו די קינ־דער, האָט געמאַכט אויף זיי אַ שטאַרקן איינדרוק און עס האָט זיי גענומען ציען צו דער נייער אויסטערלישער שול. זיי האָבן אָנגעהייבן גערן קומען צו די נאָכמיטאָגדיקע לעקציעס. מיט גרויס חשק פלעגן זיי קומען פון דער רעגירונג־שול אָפּצוכאַפּן דאָ דעם אָטעם אין דער פרייער און וואַרעמער אַטמאָספער פון דער יידישער שול. די קינדער אליין האָבן אָנגעהויבן ברענ־גען זייערע חברים און חברטעס, און די שול האָט זיך גענומען פאַרגרעסערן, פּראָגרעסירן און אַנטוויקלען.

צום סוף פון לערן־יאָר האָב איך, מיט דעם אָנטייל פון אַלע קינדער, צוגעגרייט א קינדער־פאָרשטעלונג מיט אַ קאָנצערט־אָפּטיילונג. דאָס ערש־טע מאָל אין דער געשיכטע פון דרום אפריקע האָט א גרויסער עולם, אין דעם זאַל פון „דזשוּאיש גילד" געהערט פון די מיילער פון יידישע קינדער אַ פאָרשטעלונג־שפּיל אין אַ ריינעם יידיש — „דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיי־דעלע. די קינדערלעך האָבן אויך דורכגעפירט כאָר־לידער און דעקלאַמאַ־ציעס, וואָס דאָס יידישע יאָהאַנעסבורג האָט עס צום ערשטן מאָל געהערט. פאַר די אפריקאַנער יידן איז דאָס געווען א גאנץ נייע דערשיינונג, און דער עולם האָט אָפּגעדאַנקט די קינדערלעך מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיס־מענטן.

ביים אָנהייב פון צווייטן לערן־יאָר איז שוין די אַרבעט אין פאָלק־שול אָנגעגאַנגען מער סיסטעמאַטיש, הגם נאָך אַלץ מיט גרויסע שוועריי־



דער לערער טאַבאַטשניק פירט אָן אַ שפּיל מיט אַ גרופּע קינדער.

קייטן, צוליב דעם צופלוס פון נייע קינדער מיט פאַרשיידענע קענטעניש, מיט וועמען מען האָט געדאַרפט אָנהייבן פון בראשית. אָבער די מניעות פלעגן גאַר גיך באַזייטיקט ווערן.

די פאָלק־שול האָט וואָס פון טאָג אָנגעהייבן פאַרנעמען אַ חשובן אָרט אין היגן פּראָגרעסיוון יידישן לעבן. זי איז געוואָרן אַן איינגעבירגערטע אינס־טיטוציע אין קולטורעלן לעבן, באזונדערס ביי די פּראָגרעסיווע עלעמענטן דאָ אין יאָהאַנעסבורג. האָט דאָך אייגנטלעך אזא אינסטיטוציע געדאַרפט קריגן מער פאַראינטערעסירונג און פּאָפּולאַריטעט, איבערהויפּט צווישן די מיטגלידער פון דער שול־פאַרוואַלטונג. אין דעם פאַל איז עס ניט געווען אזוי ווי מיר האָבן געהאָפט. אַנשטאָט מער אינטערעס מצד דער פאַרוואַלטונג איז גאָר אנטשטאַנען אַן אַפּאַטיע... גאָר פון אָנהייב, ווען די שול איז נאָך געווען אין אירע „ווינדעלעך" איז דער אינטערעס געווען גרויס. אָבער ווי נאָר, מען קאָן זאָגן, די פאָלק־שול איז געוואָרן אַ „בירגער אין שטעטל", איז דער אינטערעס בהדרגהדיק אָפּגעקילט געוואָרן. די אַפּאַטיע איז מסתמא אויך געקומען צוליב דעם, וואָס די פאַרוואַלטונג איז שטענדיק געווען פאַר־נומען מיט מאַטעריעלע זאָרגן. אויף יעדן מיטינג פון דער פאַרוואַלטונג איז ניט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג די פראַגע פון פינאַנצן. ווי אזוי קומט מען דורך? ווו נעמט מען געלט צו דעקן דעם דעפיציט? זיינען געווען טאָג־טעגלעכע פּראָגעס, וואָס פלעגן עקבערן דעם מוח.

ווייזט אויס אז דאָס איז געווען די הויפּט־סיבה וואָס האָט גורם געווען, אז די שול־פאַרוואַלטונג האָט ביסלעכווייז גענומען זיך דערווייטערן פון דער אַרבעט און איין מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג האָט געזוכט וועגן ווי אזוי ארויפצוואַרפן די אַרבעט אויף אַ צווייטן מיטגליד. די ערשטע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען זייער ענטוזיאַסטיש, אפשר צוליב דעם וואָס זיי האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ כבוד צו אַרבעטן פאַר דער יידישער פאָלקשול. אָבער ביסלעכווייז איז דער ענטוזיאַזם אָפּגעקילט געוואָרן און פון דעם גרויסן „יום־טוב" וואָס האָט געהייסן יידישע פאָלק־שול, איז גע־וואָרן אַ וואָכנדיקער ענין...

צי דאָס האָט געווירקט אויף מישאַ שור, אָדער אפשר האָט ער געפילט די אויסזיכטלאָזיקייט פון דער צוקונפט פאַר דער שול, אָדער אפשר זיינען געווען אַנדערע סיבות אויך, דער פאַקט איז: איין שיינעם פרימאָרגן האָט מישאַ שור אונדז געמאָלדן אז ער גרייט זיך צו פאַרלאָזן דרום אפריקע און

ער פֿאַרט קיין אַמעריקע. און דאָס איז ניט געווען סתם אַ דראָאונג. גאָר אין גיכן האָט ער זיך מיט אַלעמען אָפּגעזעגנט און פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פֿאַר דער פֿאָלק־שול. מישאַ שורס פֿאַרלאָזן אונדז האָט צעטרייסלט די גאַנצע אינסטיטוציע און די אַפּאַטיע פֿון די מיטגלידער פֿון דער שול־פֿאַרוואַלטונג האָט זיך נאָך שטאַרקער גע־לאָזט פֿילן. די פֿינאַנציעלע לאַגע איז געוואָרן שווערער פֿון טאָג. מיט־גלידער וואָס האָבן זיך באַשטייערט צו צאָלן אַ האַלבע־קרוין אַ חודש האָבן ביסלעכווייז גענומען אָפּפֿאַלן. פֿון דער פֿאַרוואַלטונג איז ניט געווען קיין איין מיטגליד וואָס זאָל וועלן נעמען אויף זיך די עובֿדה אויפֿצומאַנען מיט־גלידס־אָפּצאָל. קיין נייע מיטגלידער זיינען ניט צוגעקומען און די אַרבעט פֿון דער פֿאַרוואַלטונג איז פֿולשטענדיק פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. כּל זמן מישאַ שור איז געווען, איז ער געווען די טרייב־קראַפֿט וואָס פֿלעגט שטופּן און מאָנען, און דאָס האָט אַ סך צוגעהאָלפֿן.

די מיטגלידער פֿון דער שול־פֿאַרוואַלטונג האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פֿאַר מישאַ שור. און ער האָט באמת געהאַט די געהעריקע פֿעאיקייטן צו מונטערן און פֿאָדערן ביי דער פֿאַרוואַלטונג זיי זאָלן ניט זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט און טאָן עפּעס ממשותדיק צו שאַפֿן די נייטיקע געלט־מיטלען פֿאַרן אויפֿהאַלט פֿון דער פֿאָלק־שול. איך בין דערצו ניט געווען פֿעאיק. איך האָב זיך אָפּגעגעבן מער מיט דער פּעדאַגאָגישער זייט. למען האמת מוז איך צוגעבן, אַז צו מיר האָבן זיך די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג באַצויגן מיט ווייניקער רעספּעקט ווי צו מישאַ שור.

איך האָב געפֿילט אַז די שול גייט באַרג־אַראָפּ. ניט אַזוי צוליבן מאַנגל פֿון אַ לערער צו פֿאַרנעמען מישאַ שורס אָרט — זיין אָרט האָט פֿאַרנומען דער דיכטער דוד פֿראַם — נאָר פּשוט צוליבן מאַנגל אין געלט. ווען איך האָב גערופֿן אַ דרינגענדיקע זיצונג פֿון דער שול־פֿאַרוואַלטונג, זיינען אויף אָט דער שטורמישער זיצונג אָנגענומען געוואָרן צוויי שענדלעכע רעזאָ־לוציעס. די ערשטע: מען זאָל שניידן אונדזערע שכירות און די צווייטע — אַ מער „שענדלעכע", — איך, ווי דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער שול, זאָל אַליין גיין זאַמלען מיטגלידס־אָפּצאָל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון דער נישטיקער סו־מע פֿון אַ האַלבער קרוין אַ חודש. דאָס איז אייגנטלעך געווען איינע פֿון די הויפּט סיבות פֿאַרוואָס די שול איז געשלאָסן געוואָרן.

# די יידישע פאָלק־שול ווערט געשלאָסן

דאָס שליסן זיך פון דער ערשטער יידישער פאָלקשול דאָ אין יאָהאַנעסבורג, איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער יידישער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט. די שול איז מיט פיל ענטוזיאזם, ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, מיט אזוי פיל אָנשטרענגונג געעפנט געוואָרן, געכאָוועט און אַנטוויקלט ביז זי האָט דערגרייכט צו אַ געהעריקער פּעדאַגאָגישער מדרגה. זי איז אויך געווען זייער פּאָפּולער. איז טאַקע געווען זייער שווער פאַר מיר אלס פאַרוואַלטער, נאָך די אַלע דערגרייכונגען, צו קומען צום באַשלוס אז די שול מוז געשלאָסן ווערן...

און דאָ מוז איך מודה זיין בפני עם ועדה, אז „ידי שפכו את הדם הזה“... איך אליין האָב ארויסגעטראָגן דעם פּסק־דין, אָדער בעסער געזאָגט, דעם „גזר“ אויפצולייזן די שול. די סיבות זיינען געווען פאָלגענדיקע:

צו ערשט וויל איך פעסטשטעלן, אז די באַציאונגען צווישן מיר און

דוד פראַם זיינען געווען אמת חברישע, ניט ווי אייניקע פריינד האָבן גע־וואָלט אויסטייטשן אז די באַציאונגען צווישן אונדז איז געווען איינע פון די סיבות פאַרן אויפלייזן די שול. פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אַ לע־רער, און שפּעטער דער פאַרוואַלטער פון אַ שול אין דער אַלטער היים, איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט מענטשן פון פאַרשיידענע כאַראַק־טערן און פּאָליטישע אַנשויאונגען. איך האָב אַלע מאָל געלייגט דעם טראָפּ אויפן „שלום־בית", אויף גוטע און חברישע באַציאונגען צווישן דער לערער־משפּחה. און דאָס האָט זיך מיר אַלע מאָל איינגעגעבן.

איך געדענק ניט אַ פאַל, ווען איך זאָל האָבן געווען אין שלעכטע באַצי־אונגען, זיך צעווערטלען אָדער סתם זיך איבעררײדן מיט אַ לערער, מיט וועמען איך האָב מיטגעאַרבעט. מיט מישאַ שור בין איך געווען אין די בעס־טע און פריינדלעכסטע באַציאונגען. יעדע פראגע, צי אַ פּעדאַגאָגישע צי אַ טעכנישע, איז פון אונדז ביידן אלזייטיק באַהאַנדלט געוואָרן און מיר האָבן זיך שטענדיק געאייניקט. און אויב צווישן מיר און שורן האָט געהערשט אַ פריינדלעכע באַציאונג, זיינען די באַציאונגען צווישן מיר און דוד פראַם גע־ווען גאָר נאָענטע, באמת חברישע. איך קאָן פעסטשטעלן, אַז אונדזער חברשאַפט האָלט נאָך אָן ביז איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות. אזוי ארום, אז חושד זיין, אז די שול איז פאַרמאַכט געוואָרן צוליב אינערלעכע מיספאַרשטענדענישן צווישן מיר און דוד פראַם, קען גאָר קיין רייד ניט זיין. די הויפּט־סיבות פאַרוואָס די שול איז געשלאָסן געוואָרן זיינען געקו־מען פון דער שול־פאַרוואַלטונג.

מען קאָן זאָגן, אַז די שול־פאַרוואַלטונג האָט כמעט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. זי איז געוואָרן אַפּאַטיש און אָפּגעקילט צו דער אַרבעט פון שול. קיינע זיצונגען זיינען ניט פאָרגעקומען, ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך פלעג כסדר מאָנען, רופן וועגן צוזאַמענקומען זיך און איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַהאַנדלען די שווערע פּראָבלעמען וואָס עס האָבן זיך אָנגעקליבן, כדי צו געפינען אַ לייזונג. איבערהויפּט האָט באַשווערט און געדריקט די פינאַנציעלע לאַגע. דאָס איינציקע וואָס מיר, די צוויי לערער פון דער שול, האָבן געקאָנט טאָן איז שניידן אונדזער אייגענע שכירות, וואָס מיר האָבן עס, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, געטאָן.

בעת דער גרינדונג פון דער שול איז מיין געהאַלט געווען 15 פונט אַ חודש. ווען דוד פראַם איז אָנגעקומען אלס לערער איז אונדזער שכירות געווען

$12\frac{1}{2}$ פונט יעדערער. מיר האָבן געפילט, אז אָט די נישטיקע געהאַלט איז אויך ניט געווען פון וואַנען צו שאַפן, האָבן מיר געקירצט די שכירות צו 10 פונט אַ חודש יעדערער. שפּעטער איז פון די 10 פונט געוואָרן $7\frac{1}{2}$ פונט יעדערער און דאָס איז אויך ניט געווען...

מיט דער גאַנצער פאראנטוואָרטלעכקייט מוז איך פעסטשטעלן, אז דאָס איז אויך ניט געווען די אמתע סיבה פון שליסן די פאָלק־שול. מיר, יידישע לערערס פון די יידישע פאָלקשולן זיינען שוין צוגעוויינט געווען צו אַרבעטן פאַר אַ הונגער־לוין און אָפטמאָל אפילו אָן געצאָלט. וויפל לערערס האָבן אין פוילן, אין די צ.י.ש.א.־שולן געאַרבעט לחלוטין אָן שכירות? איך אליין בין געווען איינער פון די, וואָס ביים פאַרלאָזן די שול אין „דער־מיר“, מיט וועלכער איך האָב פאַרוואַלטעט, איז מיר די שול־פאַרוואלטונג געבליבן אַ בעל־חוב פאַר זיבן חדשים שכירות. די געלט־פראַגע וואָלט ניט אָפּגעהאַלטן ניט מיר און ניט דוד פראַם אָנצוגיין מיט דער ווייטערדיקער ארבעט אין דער שול. ערשטנס האָב איך געהאַט זייטיקע פאַרדינסטן פון זינגען אין שול־כאָרן און אָפט פון מיטשפּילן מיט פאַרשיידענע יידישע טעאַטער־טרופּעס. אויך דוד פראַם וואָלט געבליבן אויפן פּאָסטן און די אָרעמע הכנסה, וואָס פלעגט דאָך אריינפליסן, וואָלט געגאַנגען נאָר פאַר אים. אָבער, ווי פריער געזאָגט, זיינען די סיבות געווען אַנדערע און מער ווייטאָגדיקע ווי פינאַנסן.

ראשית, די אַפּאַטיע פון דער שול־פאַרוואַלטונג האָט שלעכט געווירקט אויף אונדז, לערערס. און ס׳איז פאַרשטענדלעך אז אזא לאַגע האָט געווירקט צום שלעכטן אויף די קינדער, וואָס האָבן גענומען פאַרלירן דעם אינטערעס. אגב, האָבן די געקומענע קינדער פון מזרח־איראָפּע געפונען נייע אינטערעסן ווי פּיאַנאָ שפּילן, טאַנצן, עלעקיושן, שווימען און אנדערע. עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז קינדער פלעגן זייער אָפט דורכלאָזן טעג און ניט באַזוכן די שול. בכלל איז די לערן־צייט פון אַ קינד אין אונדזער שול געווען אַ מינימאַלע — אַ קנאַפּער יאָר... וויפל ידיעות האָט אַ קינד, אין אַ פרעמדער שפּראַך פאר אים — יידיש — געקאָנט איינזאַפּן אין זיך?

איך האָב געפילט אז די צילן וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט ביים גרינדן די יידישע פאָלקס־שול זיינען ניט דערגרייכט געוואָרן און וועלן מסתמא קיין מאָל ניט דערגרייכט ווערן. איז מיר אויפגעקומען אַ געדאַנק: אָנשטאָט אָנהאַלטן און מאַטערן זיך מיט דער שול, וואָס ברענגט ניט די געהעריקע

רעזולטאַטן, וועל איך בעסער אָרגאַניזירן איניקע גרופעס פון קינדער, מיט מער־וויניקער גלייכע ידיעות און וועל לערנען מיט זיי פּריוואַט. איך האָב וועגן דעם זיך דורכגעשמועסט מיט די עלטערן און זיי איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן.

צווייטנס, ווי איך האָב פריער דערמאַנט, האָט מען אויף מיר ארויפגעצוואונגען די „שענדלעכע“ אויפגאַבע פון אויפזאַמלען דעם חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל וואָס איז באַשטאַנען פון אַ האַלבער קרוין אַ חודש. איך האָב עס קעגן מיין ווילן געמוזט אָננעמען, אָבער איך האָב גאָר ניט געקלערט אַז עמעצן זאָל גאָר איינפאַלן, אַז דאָס געלט קלייב איך פאַר זיך. ביז — איין טאָג ווען איך בין געקומען צו אַ מיטגליד איינמאָנען די צוויי און אַ האַלב שילינג, האָט ער מיר אַ פרעג געטאָן וואָס איך וויל? ווען איך האָב אים דערמאָנט די יידישע פאָלק־שול האָט ער זיך גאָר ניט געשעמט און מיט כעס אַ זאָג געטאָן:

„יונגערמאַן, ווען דרייט איר אַ קאָפּ מיט אַ פאָלק־שול, סמאָלק־שול! דאָס קלייבט איר דאָך פאַר אייך!“

מער האָב איך ניט געדאַרפט! דער ייד האָט מיך מיינע אויגן געעפנט און איך האָב צו זיך אַ זאָג געטאָן: גענוג! דאָס איז דער סוף! מער גיי איך ניט בעטלען קיין נדבות פאַר זיך!...

איך האָב גלייך צונויפגערופן אַ דרינגענדע זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג, פון די עלטערן און פון פריינד פון דער יידישער פאָלק־שול. אין די איינלאַדונגען האָב איך שאַרף זיך ארויסגעזאָגט קעגן דער אַפּאַטישער באַציאונג זייערע צו דער שול און איך האָב זיי קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז די שול ווערט צוגעמאַכט סוף חודש.

ווייזט אויס אַז מיין קאַטעגאָרישער ארויסרוף האָט געהאָלפן. זונטיק נאָך מיטאָג זיינען אַלע געקומען אין זאַל פון דער „דזשואיש גילד“ צו דער דרינגענדיקער זיצונג. איך האָב געהאַלטן מיין באַשולדיקונגס־רעדע, זיי געגעבן אַ פאַרציע מוסר וועגן דער אַפּאַטיע פון דער שול־פאַרוואַלטונג, פון די מיטגלידער און פריינד פון דער יידישער שול. איך האָב זיי אָפן באַשולדיקט אין דעם וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע פליכטן און ארויפגעלייגט דעם גאַנצן פינאַנציעלן יאָך און די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף מיר און דוד פראַם. איך האָב קיין זאַך ניט באַהאַלטן. איך האָב גאָר ניט געמאָלן מיט קיין ראָזע פאַרבן. איך האָב זיי אויפגעקלערט דעם נידע־

ריקן פּעדאַגאָגישן ניוואָ פון דער שול, דעם שלעכטן באַזוך פון די קינדער, די נישטיקע דערגרייכונגען און צוליב די אַלע טעמים רעזיגנירן מיר פון דער שול און גיבן זיי איבער די שליסלען מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַר דער שול...

מיין פיינלעכער באַריכט האָט ארויסגערופן היציקע דעבאַטן. מען האָט באַשולדיקט איינער דעם צווייטן. שאַרפע פאָרווורפן זיינען געפאַלן אויפן אַדרעס פון דער שול־פאַרוואַלטונג. אינטערעסאַנט, קיין איין איינציקער פאָרווורף קעגן אונדז, לערערס, איז ניט געהערט געוואָרן. פאַרקערט, אַלע רעדנערס האָבן גערעדט מיט וויטיק און פאַרדרוס וועגן דער לאַגע פון די לערערס. די איינציקע רעדע וואָס איז מיר פאַרבליבן אין זיכרון ביזן היינטיקן טאָג, איז געווען די רעדע פון פאָרזיצער פון יידישן ליטעראַרישן פאַראיין עליק פינקוס ע״ה, וואָס האָט באַרואיקט דעם עולם און זיך אויסגע־דריקט, מען זאָל ניט נעמען ערנסט מיין רעזיגנאַציע:

„שרעקט איך ניט, חברים״, האָט ער געזאָגט, „טאַבאַטשניק וועט די פאָלק־שול ניט פאַרלאָזן. דאָס זיינען בלויז האַרבע דיבורים פון פאַרביטערט־קייט. אָבער ער וועט די שול ניט שליסן... ווייל, וואָס אנדערש וועט ער טאָן? איז ער דען פעאיק צו טאָן עפּעס אנדערש? ער וועט זיך מוזן האַלטן ביי דער שול!״

די דאָזיקע ווערטער זיינע האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זיכרון און האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין באַשלוס צו רעזיגנירן. אין מיין שלוס־וואָרט האָב איך עס שטאַרק אקצענטירט. די זיצונג האָט זיך געשלאָסן ניט אָננעמענדיק קיינע קאָנקרעטע באַשלוסן. ביים שלוס פון דער זיצונג האָבן מיר, איך און דוד פּראַם, זיך געזעגנט ווי חברים און פריינד...

* * *

איך האָב געשאַפן גרופּעס קינדער און זיי געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. די גרופּעס זיינען באַשטאַנען פון פינף קינדער אין אַ גרופּע מיט מער־ווייני־קער די זעלבע קענטענישן. עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו אַרבעטן מיט די גרופּעס אינטענסיוו, און איך האָב געהאַט אַ מאָראַלישן דערפאָלג. אויך פינאַנציעל איז עס געווען גוט, לויט די קריזיס־צייטן אין יענע יאָרן. מיינע גרופּעס ווי אויך מיינע פּריוואַטע תלמידים און תלמידות האָבן דערגרייכט זייער גוטע רעזולטאַטן. איך קאָן מיט שטאָלץ פעסטשטעלן אז אלע מיינע

תלמידים און תלמידות האָבן זיך דערוואָרבן אַ היפּשן סטאַזש פון קענ־טעניש אין יידיש. מיט אַ טייל פון מיינע תלמידים בין איך דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב זיי באַקאַנט מיט דער יידישער ליטעראַטור. זיי האָבן געהאַט אַ גאַנץ גוטע ידיעה וועגן אונדזערע קלאַסיקער ווי מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם און אַנדערע.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם ענטוזיאַזם, מיט וועלכן אַ פאַטער פון אַ הי־געבוירענעם יינגל האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט, ווען ער האָט מיך באַגעגנט אין גאַס:

„מיין ליבער פריינד", האָט ער מיך אַרומגענומען און מיט באַגייסטע־רונג אויסגערופן, „איר האָט דאָך ממש באַוויזן וווּנדער מיט מיין זון... ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אַז מיין מאַריסל וועט יעדן פרייטיק וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער יידישער צייטונג? ס'איז דאָך עפּעס גאָטס וווּנדער! קוים וואָס ער דערוואַרט זיך איך זאָל ברענגען אַהיים די צייטונג!"

איך פלעג זייער אָפט מאַכן בילאַנסן פון מיין אַרבעט און דערגרייכונ־גען מיט מיינע גרופּן. דאָס גלייכן מיט מיינע פּריוואַטע לעקציעס. עס פלעגט זיך אַרויסווייזן אַז איך בין געווען גערעכט אָנצוגיין מיט מיינע מע־טאָדן אין דער אַרבעט. מיט שטאָלץ קען איך זאָגן, אַז מיינע תלמידים און תלמידות זיינען פון מיר ניט אַוועק מיט ליידיקן. די גרעסטע טייל קינדער מיט וועמען איך האָב געלערנט, קענען נאָך היינט ריידן, לייענען און שרייבן יידיש. ס'איז געגנוג אָנצורופן איניקע נעמען, ווי פרידא מאַרקוסעוויטש (איצט יודעלעוויטש), ניט נאָר זי אַליין רעדט אַ פיינעם יידיש, כאָטש הי־געבוירן, נאָר אויך אירע קינדער ריידן יידיש. דאָס גלייכן אירע צוויי ברי־דער חיים און עליק מאַרקוס, מיינע תלמידים, ריידן אַ גוטן יידיש און אפילו צו זייערע קינדער ריידן זיי יידיש. שלמה רובינס צוויי זין, סעם און עריק; דער ניט לאַנג געוועזענער מעיאָר פון יאָהאַנעסבורג אַלעק יאַפּע און זיין ברודער הערי און נאָך, און נאָך וואָס מ'קאָן אַלעמען ניט אויסרעכענען.

און וויפל יונגע ווייבלעך, וואָס איך דערקען זיי היינט גאָר ניט, שטעלן מיר אָפּ, הייבן אָן ריידן יידיש צו מיר און אַלע מיטן זעלבן נוסח:

„איר דערקענט מיך ניט? איר האָט דאָך מיר געלערנט יידיש. איך קען נאָך ביזן היינטיקן טאָג ריידן — נאָך ניט פאַרגעסן. דאָס לייענען און שרייבן קומט אָן אַ ביסל שווערלעך, אָבער ריידן? — איר הערט דאָך!..."



דער ניי־געשאַפענער קינדער־גאָרטן — דער ערשטער פון דעם מין אין יאָהאַנעסבורג. אויבן: דער לערער פון יידיש. לינקס: די לערערין פון ענגליש.

איך האָב געשאַפן אַ יידישן קינדער־גאָרטן, צוזאַמען מיט אַן ענגלי־שער לערערין, פרוי עוואַ גרין. גערעדט האָב איך צו די קליינע קינדער נאָר יידיש. געזונגען מיט זיי יידישע לידעלעך, געשפּילט מיט זיי פאַרשיידענע שפּילן — אַלץ אין יידיש. דער קינדער־גאָרטן האָט זיך דערשלאָגן צו דער צאָל פון 60 קינדער אין דער הארץ פון דער דעמאָלטיקער יידישער דאָרנ־פאָנטיין. דער קינדער־גאָרטן איז געווען דער ערשטער פון דעם מין פון פאָר־שול־דערציאונג אין יאָהאַנעסבורג און אין גאַנץ דרום אפריקע. ווען די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון יאָהאַנעסבורג האָט זיך דערוווּסט פון אונדזער קינדער־גאָרטן, האָט זי זיך זייער פאַראינטערעסירט און האָט געשיקט איר געזונטהייטס־דאָקטאָר מיט זיין געהילף, צו באטראַכטן אונדזער ארבעט און אָפּגעבן אַ באַריכט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אין דער פרימאָרגנדיקער ענגלישער צייטונג איז אויף מאָרגן געווען אָפּגעדרוקט אַן ארטיקל וועגן אונדזער קינדער־גאָרטן און וועגן דער וויכטיקער ארבעט וואָס מיר טוען, מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון די קינדער מיטן דאָקטאָר, ווי ער שמועסט מיט זיי, און אַ באַזונדערע פאָטאָגראַפיע ווי אזוי איך פיר דורך אַ שפּיל מיט די קינדער.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט גענומען אָרגאַניזירן אזעלכע קינדער־גערטנער, מיט אויסבעסערונגען, אונטערן נאָמען „נוירסערי־סקולס". ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך אין יעדער פאָרשטאָט פון יאָהאַנעסבורג אזעלכע קינדער־גערטנער. אויך אונדזער קינדער־גאָרטן האָט גענומען קריגן שטי־צע אין אַ קליינער מאָס אין דער פאָרם פון שפּיל־צייג און שרייב־מכשירים.

אזוי האָב איך זיך איינגעאָרדנט און דאָס האָט מיך געהאַלטן פארנומען דעם גאַנצן טאָג. אין דערפרי — אין קינדער־גאָרטן, נאָך מיטאָג מיט מיינע גרופּעס און פריוואַטע לעקציעס. ווען אַ יידישע טעאַטער־טרופּע פלעגט קומען אַהער גאַסטראָלירן האָב איך כמעט אלעמאָל מיטגעארבעט מיט זיי. איך האָב אויך געזונגען אין אַ שול־כאָר. פון אַלץ צוזאַמען האָב איך זיך ארויפגעאָרבעט אויף אַ פאַרדינסט פון ארום 25—20 פונט אַ חודש.

מיינע חובות האָב איך שוין געהאַט אָפּגעצאָלט און געקאָנט שפּאָרן אַ פּאָר פונט. עס איז געקומען די צייט אַ טראַכטן צו טאָן וועגן אריבערברענ־גען מיין פרוי און קינדער צו זיך — נאָך פינף יאָר זיך וואַלגערן אליין.

אין דער זעלבער צייט האָט מען אין פאַרלאַמענט גענומען שטאַרק ריידן וועגן באַגרענעצן די אימיגראַציע פון מיזרח־אייראָפּע. ד"ר מאַלאַן,



דער געזונטהייטס־דאָקטאָר פון יאָהאַנעסבורג, ד"ר מילין שמועסט מיט די קינדער. אויבן לינקס שטייט מענדל טאַבאַטשניק. אַנגעבויגן, די ענגלישע לערערין עוואַ גרין.

דער דעמאָלטדיקער אינערן־מיניסטער האָט אריינגעטראָגן א פאָרשלאַג אין פאַרלאַמענט, מען זאָל אין גאַנצן אָפּשטעלן די אימיגראַציע פון מיזרח־אייראָפּע. פאַר אלעמען איז געווען קלאָר אז דער פאָרשלאַג צילט איבערהויפּט אָפּשטעלן אין גאַנצן דאָס איינוואַנדערן פון יידן אין לאַנד. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אז איך מוז וואָס גיכער אריבערברענגען מיין משפחה, אידער ביידע שוועריקייטן וועלן אריין אין קראַפט...

# מיין ווייב און קינדער קומען אָן

איך האָב גענומען זיך אונטעראײַלן אָפּצושפּאָרן געלט אויף רייזע־הוצאות פֿאַר מיין פֿאַמיליע, פֿאַר מיין ווייב מיט מיינע דריי קליינע קינדער. ווי נאָר איך האָב געהאַט די אָפּגעשפּאָרטע 35 פֿונט וואָס איז דאַן בייטיק געווען אויף רייזע־הוצאות, האָב איך עס גלייך אָפּגעשיקט צו מיין ווייב, מיט אַ באַגלייטן בריוו, ווו איך האָב אויסגעשריבן גענוי וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין פֿאַרלאַמענט בנוגע דער פֿראַגע פֿון אימיגראַציע פֿאַר מזרח־אייראָפּעאישע יידן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד פֿון אַ ווערטער־אויסטויש צווישן מיר און דעם דעמאָלטדיקן סעקרעטאַר פֿון „באָרד אָוו דעפּיוטיס״, וואָס איז כדאי צו פֿאַרצייכענען.

דאָס געזעץ האָט שוין אין יענער צייט געפֿאָדערט, אַז אויב עמעצער וויל אַריבערנעמען זיין משפּחה פֿון מזרח־אייראָפּע, דאַרפֿן די אַפּליקאַציע־פּאַפּירן

אָנגעגעבן ווערן דורך דעם „באָארד אָוו דעפּיוטיס". דער סעקרעטאַר פון „באָארד" האָט געדאַרפט באַשטעטיקן צי עס איז טאַקע די ריכטיקע פּערזאָן וואָס פאָדערט ארויס זיין פרוי און קינדער.

איך זיץ אין ביוראָ פון „באָארד" אנטקעגן דעם סעקרעטאַר. ער איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ פּנים פון אַ „בולדאָג". די גלעזער זיצן רייטנדיק אויף זיין גאַנץ היפשער נאָז. ער זיצט אַ צערייצטער צוליב דער חוצפּה פון אַ „גרינעם", וואָס קלאַמערט זיך אָן זיין ידישן נאָמען און וויל בשום אופן אים ניט איבערבייטן אויף ענגליש.

„וואָס איז דיין ערשטער נאָמען?" פרעגט ער מיר אין ענגליש.

„מיין נאָמען איז מענדל", ענטפער איך אין יידיש.

ער ווערט אָנגעצונדן פון כעס. עס געפעלט אים ניט וואָס איך ענטפער אין יידיש. ער קאָכט זיך: „וואָס איז דאָס פאַר אַ נאָמען מענדל? אין ענגליש איז אזא נאָמען ניטאָ", גיט ער מיר צו פאַרשטיין.

„קיין סכנה ניט", ענטפער איך (אַלץ אין יידיש), „וועט אין ענגלישן ווערטער־בוך צוקומען אַ נאָמען מיט אַ יידישן הינטערגרונט..."

„פאַרוואָס ניט מאַקס, מאָנטי אָדער מאָנטעגיו?" צאָרנט ער אויף מיר.

„דערפאַר ווייל מיין נאָמען איז מענדל, אַן אמת יידישער נאָמען מיט וועלכן איך שעם זיך ניט און האָב ניט בדעה אים צו בייטן. אגב, וויל איך אייך באַמערקן, אז אַ נאָמען מאַכט ניט מיאוס דעם מענטשן. אַ מענטש קאָן אַמאָל פאַרמיאוסן דעם שענסטן נאָמען, מעג עס אפילו זיין אין ענגליש. די הויפּט־סיבה פאַרוואָס איך וועל מיין נאָמען ניט בייטן איז בלויז דערפאַר, ווייל מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיר אזוי אַ נאָמען געגעבן ווען איך בין געבוירן געוואָרן".

זיין פּנים ווערט אָנגעצונדן פון כעס. די פעדער מיט וואָס ער שרייבט קריצט אויף פאַר כעס.

„האָו דו יו ספּעל מענדל?" (ווי לייגסטו אויס מענדל). ער קוקט אויף מיר שטרענג דורך זיינע גלעזער.

„די יידישע שפּראַך איז אַ פאָנעטישע. ווי מען רעדט, אזוי שרייבט מען עס!"

ער גיט אַ בייזן קוק אויף מיר און פאַרענדיקט די שפּראַך־דיסקוסיע. מיט אַ „גוטן טאָג אייך" פאַרלאָז איך זיין ביוראָ.

* * *

אז עס איז באַשערט אַ מענטשן דאגות און האַרצווייטיק קומט עס גראָדע אין א צייט ווען מען ריכט זיך ניט אויף דעם. דאָס געלט וואָס איך האָב גע־שיקט מיין ווייב אויף רייזע־הוצאות האָט זי פאַרנוצט כדי צו פאָרן מיט מיין טעכטערל, וואָס איז געווען זייער קראַנק, קיין ווילנע צו אַ דאָקטאָר. אויסער דעם איז זי געווען פארשולדיקט אין חובות דורך דער צייט וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שיקן איר געלט, ווען די לאַגע מיינע דאָ איז געווען אַ שלעכטע. אזוי ארום אז פון די 35 פונט וואָס איך האָב איר געשיקט, איז כמעט גאָרניט געבליבן. און איך האָב געדאַרפט ווידער שאַפן געלט אריבערצובברענגען זיי אַהער. איך האָב ווידער גענומען שפּאָרן און קלייבן אַ פּענע צו אַ פּענע און, אַ דאַנק דער השגחה, — איך האָב באַוויזן אויפצוזאַמלען נייע 35 פונט.

איצט האָב זיך אָנגעהייבן אַ „סדרה" מיט ווייזע־געלט... לויט די נייע רעגולאַציעס האָב איך געמוזט שאַפן אַ קימא־לך פון 80 פונט ווייזע־געלט פאַר מיין משפחה. איז ווו־זשע נעמט מען אזא קאָלאָסאַלע סומע? ווען איך וואָלט געקומען בעטן אַ הלוואה פון 80 פונט ביי איין מענטשן — ווער ער זאָל ניט זיין און ווי גוט ער וואָלט מיך געקענט — וואָלט ער מיך אָנגעקוקט ווי איך וואָלט אַראָפּ פון זינען... און וואָלט איך דען געקאָנט עמעצן באַשול־דיקן אין ניט וועלן טרויען מיר אזא פאַרמעגן פון 80 פונט, ווען מיין גאַנ־צער פאַרמעגן איז קיין 80 שילינג ניט ווערט געווען?...

בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן: איך האָב צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון 16 באַקאַנטע מענטשן, און צו יעדן איינעם פון זיי האָב איך זיך גע־ווענדעט מיט דער בקשה אויסצולייען מיר סך־הכל פינף פונט, ווייזע־געלט פאַר מיין משפחה. און ווי נאָר זיי וועלן באַטרעטן די דרום אפריקאַנער ערד, וועלן זיי עס גלייך צוריק באַקומען.

קיינער פון די זעכצן באַקאַנטע צו וועמען איך האָב זיך געווענדעט, האָט מיר ניט אָפּגעזאָגט און מיר געגעבן די קליינע הלוואה. אחוץ איינער, מיין לאַנדס־פּרויס מאַן, מיט וועמען זי איז געווען ניט לאַנג פאַרהייראַט, מיין פריינד באַרני סטריקאָווסקי. ער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט מיר אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס עפּעס נאָר פינף פונט? פאַרוואָס ניט צען?" אָבער איך האָב פון קיינעם ניט געוואָלט נעמען מער.

דאָס הויז ווו ס'איז געווען דער קינדער־גאָרטן, האָבן מיר אָפּגעדונגען. און האָט געדינט ניט נאָר פֿאַרן קינדער־גאָרטן, נאָר אויך פֿאַר וווינונגען פֿאַר דער ענגלישער לערערין מיט אירע צוויי קליינע קינדער און אויך פֿאַר מיר מיט מיין משפחה, וועלכע האָט געדאַרפט אין גיכן אַראָפּקומען. פֿארן קינדער־גאָרטן האָבן מיר גענוצט נאָר איין צימער, ווייל די מערסטע אַרבעט איז געפֿירט געוואָרן אין אַ גרויסן אַרומגעצוימטן הויף, אונטערן פֿרייען הימל.

איך האָב זיך ווי עס איז איינגעשאַפֿט געברויכטע מעבל: אַ טיש, שטולן, אַ פּאָר בעטן, אַ לייוונטענעם הענג־אַלמער פֿאַר די עטלעכע קליידער, וואָס מיין ווייב וועט ברענגען מיט זיך. אין די ערשטע טעג פֿון חודש יאַנואַר 1932, נאָך גאַנצע פֿינף יאָר זיין אַליין, בין איך מיט האַרצקלאַפּעניש געפֿאָרן אַזש קיין פּעריניכן צו באַגעגענען מיין ווייב מיט מיינע דריי קינדער.

## איך באַגעגן מיין משפחה

ביי אונדזער באַגעגעניש אין פּעריניכן האָב איך געהאַט זייער אַן אַנגענעמען סורפּריז. ווען מיין ווייב האָט מיר געשיקט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס זי האָט עס געדאַרפֿט פֿאַר איר פּאַספּאָרט, האָט זי לויט דער פֿאָטאָגראַפֿיע אויסגעזען אין מיינע אויגן פֿאַרחושכט, פֿאַרפּינצטערט, אַלט אין אויסזען — גאָר ניט קיין סימן פֿון דער אַמאָליקער שיינער יונגער ווייבעלע, וואָס האָט געבליט ווי אַ פֿרישע רויז, ווען איך האָב איר איבערגעלאָזן מיט פֿינף יאָר צוריק אין דער אַלטער היים. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערוואַרט צו טרעפֿן איר אַזוי ווי זי האָט אויסגעקוקט אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע וואָס זי האָט מיר געשיקט. הײַנט שטעלט זיך פֿאָר מיין איבערראַשונג און פֿרייד, ווען איך האָב דערזען די זעלבע שיינע, לעבעדיקע פֿייגעלע, מיט איר חנוודיקן שמייכל, מיט איר פֿריילעכן געלעכטער און חוש פֿאַר הומאָר. איך האָב זיך ניט געקאָנט באַהערשן פֿון פֿרייד און פֿאַר אַלעמען אין די אויגן האָבן מיר זיך אַרומגעכאַפּט האַלדזן און קושן...

דערפֿאַר אָבער זיינען מיין ווייב און קינדער געווען אַנטוישט פֿון מיר.

מיט אַ יאָר צוריק האָב איך געשיקט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע צו איר, גענומען פֿון אַן עקספּערט־פֿאָטאָגראַפֿיסט. אויף דעם בילד האָב איך אויסגעקוקט ווי אַ „גאַנצער מענטש״, אַ פּאַרשוין — כאָטש קוק זיך איין און גיב ניט קיין

עין־הרע! ווען זיי האָבן געקראָגן די פאָטאָגראַפיע האָבן זיי וואַרשיינלעך זיך געצאַצקעט מיט דעם, אַלעמען געוויזן און זיך געגרויסט מיט מיר. די קינדער האָבן זיך מסתמא פאַרגעשטעלט, אַז זייער „פּאַפּאַ" איז אַ שיינער און מוז אויסקוקן ווי אויף דער פאָטאָגראַפיע... צו מיין שלימזל האָט מיך גראָד מיט איניקע טעג פאַר זייער אָנקומען באַפאַלן אַ שטאַרקע אַטאַקע פון „לאַמבעגאַ", און איך האָב זיך בשום אופן ניט געקאָנט אויסגלייכן. אַזוי אַז איך האָב באַגעגנט מיין ווייב און קינדער אָנגעשפּאַרט אויף אַ שפּאַציר־שטעקן, איינגעבויגן און צונויפגעדרייט אין דרייען... נו, איז דען אַ וווּנדער אַז די צוויי קלענערע קינדער מיינע האָבן בשום אופן ניט געלאָזט מיר צוגיין נאָענט צו זיי, ווער רעדט שוין וועגן אַ קוש טאָן...

מיין טעכטערל מירעלע האָט זיך ביטער צעוויינט: „איך וויל ניט דעם פּאַפּאַ. איך וויל דעם פּאַפּאַ וואָס איז אויף דער פאָטאָגראַפיע!"

און דאָ איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען מיין דערפאַרונג אַלס לערער און פּעדאַגאָג. עס איז מיר געלונגען זיי איינצושטילן און צום סוף האָבן זיי מיך אַקצעפּטירט אַלס זייער פּאַפּאַ, — אַ ברירה האָבן זיי געהאַט?

אויפן וואָקזאַל אין יאָהאַנעסבורג האָבן אונדז אָפּגעוואַרט איניקע פריינד מיינע און אויך זיי זיינען געווען איבערראַשט ביים באַגעגענען מיין יונגער און שיינער ווייבל. ווייל דאָס בילד וואָס איך האָב פון איר געקראָגן (דאָס פּאַספּאָרט־בילד) האָב איך זיך געשעמט זיי צו ווייזן. און אויף זייער פראַגע צי מיין ווייב איז אַ שיינע האָב איך געהאַט איין ענטפער: „קיין שיינע איז זי ניט, אָבער דערפאַר זייער אַ קלוגע..."

* * *

אַ גאַנץ נייער לעבן האָט זיך פאַר מיר אָנגעהייבן. פינף יאָר האָב איך געלעבט אַליין, אָן אַ פאַמיליע. איך האָב געלעבט אַ לעבן פון אַ „בחור", וואָס האָט ערגעץ ווו אַ ווייב מיט קינדער. איך בין געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק, באַזוכט מיטינגען, אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען, ווו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט און ווו ס'איז מיר געווען צום האַרצן. מיטן אָנקומען פון מיין ווייב און קינדער האָט זיך די לאַגע געביטן... איך בין געוואָרן צוגעבונדן צו מיין פאַמיליע, צו אַ שטוב, אַזוי אַז איך האָב געמוזט פאַרלאָזן אַ טייל פון מיינע אַקטיוויטעטן. אפילו דאָס באַזוכן פריינד האָט געמוזט מער־ווייניקער באַגרענעצט ווערן.

פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אַליין האָב איך באַזוכט באַקאַנטע און פריינד. איך האָב ניט געדאַרפט רופן מיינע באַקאַנטע מיר צו באַזוכן. ווייל ווער וועט פאַרלאַנגען פון אַ מענטשן, איינער אַליין אָן אַ משפחה, זאָל רופן געסט צו זיך. איצט איז אָבער גאָר אנדערש. אַ גאַנצע משפחה קאָן שוין ניט אַזוי פריי זיך ארײַנלאָזן צו יענעם צו גאַסט. און אויב עס מאַכט זיך יאָ אַמאָל אַז מען קומט צו עמעצן צו גאַסט, דאַרף מען יענעם אויך לאַדן צו זיך. אַזוי פירט זיך עס אין אַפריקע. און דערצו זיינען מיר נאָך ניט געווען גרייט... צוליב דעם איז מען ביסלעכווייז געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון גאָר נאָענטע פריינד און באַקאַנטע. מיין גאַנצע צייט האָב איך אָפּגעגעבן מיינע גרופּעס קינדער, פּריוואַטע לעקציעס, דעם קינדער־גאָרטן און שטענדיק געווען פאַרנומען און פאַראַגט כדי צו פאַרדינען גענוג אויסצוהאַלטן מיין פאַמיליע...

כל זמן מיין פאַמיליע איז געווען אין דער אַלטער היים און איך דאָ, זיינען מיינע פאַרדינסטן געווען גענוג און איבער גענוג. מיין ווייב פלעג איך שיקן פינף פונט אַ חודש, וואָס פאַר איר מיט די קינדער איז עס געווען גע־נוג צום לעבן און אפילו אַמאָל ארויסהעלפן איר מוטער אָדער שוועסטער. מיך דאָ, איין מענטש, האָט אויך ניט געקאָסט צופיל אויסצוקומען. קיין קאָרטן שפּילער און „געמבלער" (אַזאַרט־שפּילער) בין איך ניט געווען, גע־לעבט באַשיידן. מיין גאַנצע הוצאה איז באַשטאַנען פאַר אַ באַשיידענעם צימער מיט עסן, אַמאָל אַן אָנצוג, טראַנספּאָרט־הוצאות און אנדערע קליינ־קייטן. דאָס איבעריקע האָב איך געקאָנט שפּאָרן... איצט אָבער, אַז מיין ווייב און דריי קינדער זיינען געקומען, האָט מען געמוזט האָבן אַ דירה פון עטלעכע צימערן, אַ ביסל מעבל. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען פאָדערונגען פון אַ שוך, א קלייד פאַר מיין ווייב און איבערהויפּט פאַר די קינדער. די קינדער האָבן גענומען גיין אין שול, איז ווידער אַ הוצאה: אַ בוך, אַ העפט, אַ בלייפעדער. אמת, א קליינע הוצאה, אָבער אומזיסט קריגט מען דאָך קיין זאַך ניט!...

דערצו זיינען צגעקומען זאָרגן וועגן מיינע לערן־גרופּעס. די קינדער פון די גרופּעס מיינע ווערן עלטער, זיי באַזוכן די הויך־שול. אנדערע ווידער האַלטן שוין ביי מאַטורע. זיי דאַרפן א סך צייט צו אַרבעטן אויף זייערע עקזאַמענס. די יידישע לימודים פאַלן אויף זיי ווי אַ באַזונדערע שווערקייט. איז די ערשטע כפּרה דער יידישער לימוד. דאָס איז דאָך ביי זיי ניט קיין

נויטוועגדיקייט, נאָר אַ לוקסוס... די ענגלישע שול און די מאַטורע־סערטיפּי־קאַט איז דאָך אַ מוז־זאַך !...

מיינע צילן וואָס איך האָב זיך געשטעלט מיטן לערנען קינדער יידיש זיינען אין געפאַר. מיין שטימונג פאַלט, עס מאַטערט מיר דער געדאַנק צי איך האָב גאָר אַ רעכט פאַרצווזעצן מיט מיין אַרבעט, וועלכע איך זע ניט צי איך וועל עס קענען דערגאנגען. צי נעם איך ניט קיין אומזיסטע געלט ביי טאַטע־מאַמעס, וועלכע אַרבעטן אזוי שווער אויף צו פאַרדינען די עטלעכע פונט? די דאָזיקע מחשבות עקבערן, פּלאָגן מיר און גיבן ניט קיין רו מיין געוויסן...

איך מאַך ווידער אַ חשבון־הנפש פון מיין אַרבעט. איך נעם פונאַנדער־קלייבן יעדן קינד באזונדער, לייג עס אויפן וואָגשאָל און וועג אָפּ דאָס וואָס איך האָב אויפגעטאָן, און ווען איך קום צו די צוויי שוועסטער־קינדער, באַבסי סילווערמאַן און מאָריס רענדל, מיט וועמען איך לערן שוין י. ל. פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן‟ און נאָך אייניקע קינדער, וועלכע האָבן פּראָגרעסירט אזוי אין דער יידישער שפּראַך און יידישע לימודים, גיב איך אַ טראַכט ביי זיך: ניין! איך האָב ניט קיין רעכט אויפצוגעבן דאָס און איבעררייסן די יידישע לימודים מיט אזוינע קינדער !...

די צייט האָט אָבער געטאָן ס'איריקע. אייניקע קינדער פון די גרופּעס האָבן געענדיקט הויך־שול. זיי גרייטן זיך אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. אזעלכע יוגנטלעכע טראַכטן שוין ניט וועגן פאַרזעצן מיט יידישע לימודים און אזוי האָבן מיינע גרופּעס ביסלעכווייז פון זיך אליין גענומען צעפאַלן ווערן...

איך פיל אז דער באָדן שפּאַלט זיך אונטער מיינע פיס און איך הייב אָן זינקען טיפער און טיפער. מיט גרויס מאַטערניש קומט מיר אָן צו מאַכן אַ לעבן. עס הייבט שוין אָן אויספעלן דאָס נויטיקסטע... איך שלאָף ניט קיין נעכט טראַכטנדיק ווי אזוי אויסצובעסערן אונדזער לאַגע.

דאָס מזל האָט אונדז אַ ביסל צוגעשפּילט און מיר האָבן געפונען אַ גרוי־סע, פאַסיקע הויז, וואָס האָט געדינט פאַרן קינדער־גאָרטן און אויך פאַר אַ באַקוועמע וווינונג פאַר אונדז. דערצו האָבן מיר נאָך פאַרדונגען אייניקע צימערן. דאָס הויז איז געווען די גרעסטע אין דאָרנפאָנטייק. זי האָט פאַר־מאָגט זיבן גרויסע צימערן. איין צימער מיטן גרויסן הויף האָבן מיר געהאַט פאַרן קינדער־גאָרטן, צוויי צימערן געלאָזן פאַר זיך מיט די קינדער און די

איבעריקע פיר צימערן האָבן מיר פאַרדונגען צו צוויי משפחות, אזוי ארום אז קיין דירה־געלט האָט אונדז ניט געקאָסט. נו, אז מען האָט אַ דאַך איי־בערן קאָפּ און אין יענע יאָרן איז עסנוואַרג אויך געווען בחצי־חינם, איז מען שוין ווי עס איז דורכגעקומען.

איז אָבער דאָס מיין צוקונפט? ווען אזעלכע פאַרדינסטן וואָס איך האָב קאָנען פאַרזיכערן דאָס איבערענגען יונגע קינדער און אונדז אליין פאַרזיכערן אונדזער עלטער? און דאָ קום איך ווידער צו מיין אלטער פילאָ־סאָפיע: „עס איז קיינמאָל ניטאָ אין לעבן לויטער ליכט אָן אַ צוגאָב פון אַ שאָטן. און פאַרקערט, עס איז קיינמאָל ניטאָ דורכאויס שאָטן, ווו ס׳זאָל זיך ניט אריינגנבענען אַ שטראַל פון ליכט...“

און אזוי האָט אויך געטראָפן מיט מיר. אין מיין פינצטערניש האָט זיך גענומען אריינגנבענען אַ שטראַל פון ליכט. און די מעשה שהיה — כך היה.

# איך ווער ווידער אַ „פּיינטער"

א יין שבת נאָכמיטאָג בין איך געקומען לערנען מיטן זונעלע פון דעם גוטהאַרציקן בוי־אונטערנעמער, רחמיאל מיאַדאָווניק ע"ה. נאָכן פאַרענדיקן די לעקציע איז מיאַדאָווניק אויפגעשטאַנען פון זיין שבת־נאָכמיטאָגדיקן דרימל און האָט מיך איינגעלאַדן פאַר אַ גלעזל טיי.

רחמיאל מיאַדאָווניק איז געווען א מענטשן־פריינד. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ און אַלעמען. ער איז געווען א גרויסער בעל־טובה. טאָן עמעצן א טובה האָט אים פשוט פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן. אגב, זיין זון מעקסי, מיט וועמען איך האָב פּריוואַט געלערנט יידיש, איז אויסגעוואַקסן אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש, א גרויסער בעל־צדקה און טוער פאַר ישראל. לעצטנס האָט ער געמאַכט זיין היים אין ישראל. מיט זיין נאַטור און מענטשן־פריינדשאַפט האָט ער אפילו איבערגעשטיגן זיין פאָטער ע"ה.

זיצנדיק אַזוי ביי דער גלעזל טיי טוט מיר מיאַדאָוניק אומגעריכט אַ פרעג:

„זאָג מיר, ווי גייט עס דיר איצט, אַז דו האָסט איבערגעבראַכט דיין ווייב און קינדער? מאכסטו כאָטש אַ לעבן?"

ניט לאַנג טראַכטנדיק האָב איך געענטפערט: „ניין!"

„ניין?" האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן. „טאָ וואָס זשע שווייגסטו? טראַכסטו עפּעס צו טאָן וועגן דעם? וואָס מיינסטו עפּעס! דו מאַכסט ניט קיין לעבן און דו טוסט קיין זאַך ניט וועגן דעם?!"

„דערווייל טו איך נאָך קיין זאַך ניט. איך טראַכט טאַקע צו טאָן עפּעס וועגן דעם, אָבער דערווייל האָב איך זיך צו קיין זאַך זיך ניט דערטראַכט... וואָלט איך געהאַט געלט, וואָלט איך אפשר געעפנט אַ שטיקל געשעפט, אַ קראָם. מיין ווייב וואָלט מיר אין דעם זין געקאָנט זייער אַ סך צוהעלפן. זי איז געווען אין דער היים אַ פּעאיקע געשעפטס־פירערין..."

„אוודאי", זאָגט רחמיאל, „אָן געלט איז שווער זיך צו נעמען צו עפּעס. אָבער לאָזן גיין אַזוי ווי עס גייט טאָר מען אויך ניט. איך מיין אַז דו דאַרפסט טאָן עפּעס ממשותדיקעס. איז דען אַ געשעפט פאַר אַזאַ יונגן מענטש ווי דו זיך פאַרנעמען מיט מלמדות, מיטן 'טייטל'. הער זיך צו", האָט ער זיך מיט אַמאָל ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס וויכטיקס דער־מאָנט, „דו ווייסט אַז אונדזער בוי־אַרבעט דאָ אין יאָהאַנעסבורג הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען און וואַקסן. פאַרוואָס זאָלסטו ניט זען זיך אריינקריגן אין דער בוי־אַרבעט? האָסטו אפשר אַ שטיקל ידיעה אין אַ וועלכער ניט איז פאַך פון דער בוי־אינדוסטריע? כ'ווייס, לייגן ציגל, פלאַסטערן ווענט, סטאָ־לעריי אָדער פאַרבעריי. איך קום איצט פון פּאַלעסטינע, און דאָרט איבער־נאַכט ווערט מען אַ באַלמעלאָכע אין דער בוי־אַרבעט".

„מען קאָן זאָגן, אַז איך האָב אַ גוטע ידיעה אין מאָלעריי און אַ ביסל אין סטאָלעריי. איך בין דאָ אין לאַנד שוין געווען אַ סטאָליער און אַ 'פּיינ־טער'. אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין מזל צוביידע פאַכן. עס האָט מיך ניט אָפּגעגאָלטן. אפשר פּרובירן נאָך אַמאָל?"

„אָט אַזוי הערט מען ווערטער! שוויגט ער, דער מלמד! דו זאָגסט אַז ביי מאָלעריי ווייסטו מער ווי ביי סטאָלעריי? טאָ זיי ניט קיין יאָלד, וואַרף אוועק דיין 'טייטל' און ווער, ווי מען רופט עס דאָ, אַ 'פּיינטער'! ביי אונדז הייבט זיך אָן די וואָך פּרייטיק. קויף זיך איין אַ פּאָר 'אָוועראָלס' (אויבער־

הייזן) און קום פּרייטיק פּרי אַהער צו מיר. איך וועל דיר נעמען צו מיר אויף דער נייער געביידע ווו מען דאַרף האָבן ׳פּיינטערס׳ און וועל זען מען זאָל דיר איינאָרדענען. האָב ניט קיין זאָרג, מען וועט שוין אויף דיר אַכ־טונג געבן!״

מיאַדאָווניקס פאָרשלאָג איז מיר גראָד געפעלן געוואָרן. ווערן אַ ׳פּיינ־טער׳ ביי מיאַדאָווניקן איז ניט וואָס ס׳איז געווען דאַן ווען איך האָב גע־אַרבעט פאַר נייטעגען. דער וועכנטלעכער געהאַלט איז געווען איינגעשטעלט פון „קאַונסיל״ פאַר אינדוסטריע, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס פונט, זיבן שילינג און אכט פּענעס. זייער אָפּט האָט געטראָפן אז מען האָט געדאַרפט אַרבעטן איבער־שעהן, אַזוי אַרום, אז דאָס פאַרדינסט איז באַשטאַנען פון כמעט 30 פונט אַ חודש. אָבער דאָ האָט זיך געשאַפן גאָר אַן אַנדער פּראָב־לעם. ווי אַזוי האָב איך געקאָנט לאָזן אין מיטן אָן אַ „זייט געזונט״ מיינע פּריוואַטע לעקציעס און דעם קינדער־גאָרטן? איך האָב איבערגעשמועסט מיאַדאָווניקס פאָרשלאָג מיט מיין ווייב, מיט עטלעכע באַקאַנטע און פריינד און אַלע האָבן מיר געזאָגט אז אַזעלכע געלעגנהייטן מאַכן זיך ניט צו אָפט, איך טאָר די געלעגנהייט ניט דורכלאָזן.

איך האָב זיך ווידער געטראָפן מיט מיין „מלאך הגואל״, מיטן גוט־האַרציקן רחמיאל מיאַדאָווניק. מיר האָבן דעם ענין באַטראַכט פון אַלע זייטן. אַגב האָב איך אים דערציילט, אז איך בין גאָר ווייט פון צו זיין אַ „וואַזשנער באַלמעלאָכע״. איך האָב אָבער אַ קאָפּ וואָס באַנעמט אַן ענין און דערצו אויך אַ גוטן ווילן, און איך האָף אז איך וועל זיך שנעל צופּאַסן צו דער סי־טואַציע. איך האָב אים אויפגעקלערט אז איך קאָן דעם ענין ניט כאַפּן בחיפזון. איך מוז צוגרייטן די עלטערן פון מיינע תלמידים, אז איך גיב אָפּ מיינע מלמדות און ווער אַ באַלמעלאָכע — אַ מענטש מיט מענטשן גלייך!

„ווען דו ווילסט און וואָס דו ווילסט!״, איז געווען זיין ענטפער. „וועגן דיינע גאונות אין מאָלעריי דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן. עס אַרבעטן אַזוי פיל ׳קאַליקעס׳, וועט זיך אַרומדרייען נאָך אַ ׳קאַליקע׳. מען וועט דיר דערלאַנ־גען אַ גרויסן ׳בראַש׳ (פּענדזל) און דו וועסט שמירן!...״

* * *

אין חושך פון דער נאַכט וועקט מיך מיין געוויסן און הייבט אָן ריידן צו מיר בזה לשון:

„איך וואָלט וועלן דו זאָלסט זיך גוט באַטראַכטן איידער דו נעמסט אַן שריט. צי האנדלסטו מיט יושר קעגן מיר, דיין שטענדיקן פריינד, דיין געוויסן ? ווי קאָן מען דאָס נעמען און אוועקמאַכן אזוי לייכט מיט דער האַנט אזא ארבעט וואָס דו טוסט — לערנען יידיש מיט קינדער — וואָס ביי דיר איז עס געווען פארערכנט ווי אַ הייליקע ארבעט און האָסט עס געטאָן בלב־ונפש אין דעם אפריקאַנער מדבר ? דו האָסט דאָך שוין אויפגעטאָן אזוי פיל אויף דעם געביט, אויב ניט מיט אַלע דיינע תלמידים, איז אָבער מיט אַ גאַנץ באדייטנדיקן טייל !... זע וואָס דו האָסט דערגרייכט : זיי ריידן, לייענען און שרייבן יידיש ; זיי האָבן באקומען ידיעות אין דער יידישער געשיכטע ; האָסט זיי באַקאַנט געמאַכט מיט דער יידישער ליטעראטור, מיט די יידישע קלאַסיקער. וויפל מאָל האָסטו פאר זיי פאָרגעלייענט אויסצוגן פון די קלאַסיקער ? פאַרדריסט עס דיר גאָרניט איבערצולאָזן אַלץ וואָס דו האָסט אויפגעטאָן און גאָר ווערן אַ באַלמעלאָכע ? און נאָך וואָס פאַר אַ מלאכה דו האָסט זיך אויסגעקליבן ? אַ ׳פּיינטער׳ ! אַ פאַרבער ! פע ! באַטראַכט זיך וואָס דו טוסט !...״

איך האָב דורכגעלעבט אַ „ויתרוצצו״. פאָלגן מיין געוויסן און בלייבן ביי לערעריי, וואָס האָט ניט צוגעזאָגט קיין ראָזע צוקונפט, אָדער ווערן אַן ארבעטער מיט גוטע אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט... און אפשר — גיב איך דערביי אַ טראַכט — קאָן איך מיט דער צייט זיך ארויפאַרבעטן און ווערן אַן אונטערנעמער, אַ באַלעבאָס פאַר זיך... צום גליק אָבער האָב איך געמוזט קומען צו אַ פעסטן באשלוס, גאָר אומגעריכט און אומדערוואַרט...

* * *

ס׳איז געווען אָנהייב אָוונט. איך גיי אריין אין אַ טראַמוויי אויפן וועג אהיים, נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט : אין דערפרי — אין קינדער־גאָרטן, פון בייטאָג ביז פינצטער מיט פּריוואַטע לעקציעס — פון איין טראַמוויי ארויס אין אַ צווייטן אריין... אויף איינער פון די זיץ־פּלעצער אין טראַמוויי באַמערק איך מיינע אַ געוועזענע שילערין, באַבסי סילווערמאַן. אונדזער באַגעגעניש איז אַ פריידיקע, מיר כאַפּן זיך ארום ווי צוויי פאַרליבטע, וואָס האָבן זיך אַ לאַנגע צייט ניט געזען. באמת, איך האָב נאָך מיט קיין איין שילער אָדער שילערין ניט אזוי ליב געהאַט צו לערנען ווי מיט באַבסין. עס פלעגט מיר פשוט זיין אַ פאַרגעניגן און אַ נחת־רוח זיך צוצוהערן ווי זי

באַנעמט און קלייבט זיך פונאַנדער אין אַן עניין פון אַ וועלכער ניט איז דער־ציילונג. זי האָט געהאַט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן.

איך גיב איר אַ פרעג: „איז וואָס זשע מאַכסטו, באבסי? ווי גייט עס דיר מיט דיינע לימודים אין אוניווערסיטעט?"

באַבסי דערציילט מיר קורץ און זאַכלעך. זי ענטפערט מיר גענוי אויף אַלע מיינע פראַגן, אָבער... אין ענגליש! „באַבסי", פרעג איך, „מיט מיר רעדסטו ענגליש?"

„ס'איז אמת, ׳סער׳", אדרעסירט זי מיר מיטן פולן טיטל פון רעספּעקט אין ענגליש. „דעמאָלט, ווען דו פלעגסט קומען מיר געבן די יידישע לעק־ציעס האָב איך מיט צוויי מענטשן גערעדט יידיש — מיט דיר און מיט מיין באָבען. איצט אָבער איז די לאַגע גאַנץ אנדערש. דאָס לערנען אין אוני־ווערסיטעט נעמט צו ביי מיר אַ סך צייט. עס איז מיר זייער ווייניק צייט גע־בליבן פאַר אַנדערע זאַכן. יידיש לערנען האָב איך אויפגעהערט אזוי, אז מיט דיר קען איך שוין ניט ריידן. און מיין באָבע איז געשטאָרבן... טאָ מיט וועמען זאָל איך ריידן יידיש? מיט מיינע חברטעס, מיינע פריינד? זיי פאַר־שטייען ניט קיין יידיש!"

„און וואָס איז מכוח מאָריסן, דיין קוזין? ער רעדט שוין אויך ניט קיין יידיש?"

„מיט וועמען זאָל ער ריידן? זיין פאָטער איז געשטאָרבן, און מיר ווווי־נען שוין ניט צוזאַמען. ער איז אויך אין דער זעלבער לאַגע מיט יידיש, ווי איך!..."

איך לאָז זי ניט אָפּ: „און וואָס איז וועגן לייענען? דו פלעגסט דאָך מיט אזוי פיל אינטערעס לייענען די יידישע מעשהלעך, וואָס איך פלעג דיר ברענגען. לייענסטו נאָך עפּעס אויך היינט וואָס אין יידיש?"

„איך וועל דיר זאָגן דעם אמת", גיט באַבסי אַ הייב מיט די אַקסלען, „איך בין איצט זייער פאַרנומען מיט לייענען מאַטעריאַל וואָס איך דאַרף פאַר מיינע לימודים אין אוניווערסיטעט. אַ צווייטן אמת וועל איך דיר זאָגן: אין ענגליש געפין איך אַ סך מער אינטערעסאנטן מאַטעריאַל ווי אין יידיש..."

זי האָט באַמערקט ווי אַ פינצטערער שאָטן האָט באדעקט מיין פּנים און זי האָב זיך גענומען אנטשולדיקן פאַר מיר:

„עס טוט מיר זייער לייד צו פאַרשאַפן דיר פאַרדרוס. אָבער דו האָסט דאָך מיר שטענדיק געלערנט, אז אַ מענטש מוז לעבן מיטן אמת און איך

באַמי זיך דאָס אָפּצוהיטן. זיי מיר מוחל פאַר דער שלעכטער שטימונג וואָס איך האָב דיר פאַרשאַפט מיטן זאָגן דעם אמת״...

מיר האָבן זיך זייער הארציק געזעגנט ווען איך האָב געדאַרפט אויס־שטייגן פון טראַמווי.

פארשטייט זיך, אז יענע נאַכט האָב איך ניט געשלאָפן. איך האָב זיך געפילט ווי איינער וואָס האָט אַלץ פארלוירן. מיינע האָפענונגען צו שאַפן דאָ אין יאָהאַנעסבורג אַ באַדן פאַר יידיש צווישן קינדער און שפּעטער צווישן יוגנטלעכע, זיינען נאָך דער באַגעגעניש מיט באַבסין, צעשטערט געוואָרן, צעפאַלן געוואָרן ווי אַ „קאָרטן־שטיבל״. צו מיין געוויסן האָב איך שוין יענע נאַכט גענומען טענהן מיט חוצפּה:

„קען איך ווייטער נאָך אָנגיין מיט אזא אַרבעט, ווען איך ווייס פון פאָרויס אז עס איז אַ ברכה לבטלה? קאָן איך ביי זיך פועלן צו נעמען אומזיסט געלט פאַר אַן אַרבעט, וואָס איך האַלט אז עס האָט ניט קיין ממשות? איך בין גליקלעך און צופרידן פון דער באַגעגעניש מיט באַבסין היינט אָוונט. זי האָט מיר מיינע אויגן געעפנט און איך וויל אז דו, מיין געוויסן, זאָלסט זיין ריין. אז איך וועל האָבן אַ רואיקן געוויסן וועל איך קאָנען אָפּגעבן מיין נוצלאָזע אַרבעט און ווערן אַ פּשוטער, ערלעכער באַלמעלאָכע, אַ ׳פּיינ־טער׳. איך בין זיכער אז ביי דער אַ אַרבעט וועל איך דיר, מיין געוויסן, קאָנען האַלטן ריין. פאַרקערט גאָר, איך וועל זען עפּעס ממשותדיקס פון מיין אַרבעט גלייך אויף אַן אָרט.

לאָמיר מיר נעמען צום ביישפּיל אַן אלט הויז, שטייט צעפאַלן פון אלט־קייט, אָדער אַן אנדער געביידע, וואָס איז חרוב, פאַרלאָזן, אַן איך וועל דאָס מאַכן ריין, ניי, וועל איך גלייך זען די פּרוכט פון מיין אַרבעט, און עס וועט מיר הנאה טאָן. און דערמיט וועל איך קיינעם ניט נאַרן...״

מיין געוויסן האָט געשוויגן. אַ סימן אז ער האָט מסכים געווען אויף מיינע רייד. איך האָב אָן צווייפל פעסט באַשלאָסן אויפצוגעבן אלע מיינע פּריוואַטע לעקציעס. איך האָב דעם קינדער־גאָרטן איבערגעגעבן אין די הענט פון מיין ווייב, זי זאָל דערווייל דערמיט אָנפירן ביז איך וועל זיך איינאָרדענען ביי מיין נייעם פאַך. ווען פרוי עוואַ גרין האָט פאַרלאָזן דעם קינדער־גאָרטן האָט מיין ווייב אָנגעשטעלט אַ נייע לערערין פאַר ענגליש. כאָטש מיין ווייב איז קיין לערערין ניט געווען, האָט זי דאָך אָנגעפירט מיטן קינדער־גאָרטן און געהאַט דערפאָלג.

* * *

איך האָב אָפּגערעדט צו טרעפן זיך מיט מיאַדאָווניקן פּרייטיק פּרי אויף איינער פון די געביידעס, וואָס ער האָט געבויט. מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם, ווו עס האָבן זיך געפונען מיינע אויבערקליידער און אַ בלעכענע קעס־טעלע, וואָס מיין ווייב האָט מיך איסגעריכט מיט צובייסן פאַר מיטאָג, שטיי איך צו דער באַשטימטער צייט און וואַרט.

מיין באַלעבאָס קומט צופאָרן אין אַ נייעם אויטאָמאָביל, פירט מיך אריין אין ביוראָ פון דער געביידע. ער באקענט מיך מיטן הויפּט־„פאָרמאַן" און מיטן „פיינטער־פאָרמאַן", וועלכער גיט מיר איבער אין די הענט פון אַ „פיינטער", איך זאָל אַרבעטן אונטער זיין אויפזיכט.

איך האַלט אַ גרויסע, כּפלשמונהדיק באַרשט אין האַנט, אַ באַרשט וואָס איך האָב קיין מאָל אין מיינע אויגן ניט געזען און אין האַנט ניט געהאַלטן. איך באַטראַכט די באַרשט מיט חידוש און איך ווייס ניט וואָס מ׳הייבט אָן טאָן מיט איר. שטיין אויף דער ערד און פאַרבן מיט אזא באַרשט וואָלט איך זיך נאָך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, אָבער דאָ איז אַן אַנדער צרה: מיין פריינדלעכער מיטאַרבעטער בעט מיר מחילה אַרויפקריכן מיט אים אויף דער רושטאָוואַניע און פאַרבן דעם גרויסן סופיט.

איך זע ווי ביי אים „גייען" זיינע הענט ווי אַ „מזמור": אַ טונק די באַרשט אין עמער מיט פאַרב און ער שמירט דעם סופיט — אַ מחיה צו קוקן... ביי מיר רירט זיך עס ניט פון אָרט. ערשטנס האָב איך מורא צו שטיין אויף דער רושטאָוואַניע וואָס שאָקלט זיך. אָט־אָט, דוכט זיך מיר, פאַל איך אראָפּ... צווייטנס, די גאַנצע פאַרב איז אויף מיין פּנים, אויף די אויבערקליידער און נאָך מער — אויף דער פּאָדלאָגע. מיינע הענט ווילן זיך ניט רירן פון אָרט. עס שלאָגט מיר ארויס אַ שוויס אויפן פּנים. דער שוויס ווערט אויסגעמישט מיטן פאַרב און איך שטעל זיך פאָר אז איך קוק אויס מער טייוול ווי מענטש...

מיין מיטאַרבעטער טוט א קוק אויף מיר און צעלאַכט זיך אויפן קול. ער האָט אפּנים פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן. אָבער צו מיין גליק איז ער געווען אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ, אַ מענטש אָן אַ גאַל... גע־ווען איז ער א דייטש, א געבוירענער אין דרום אפריקע. פון וואַנען עס נעמט זיך צו אַ דייטש אַזאַ גאָלדענע נאַטור האָב איך בשום אופן ניט גע־קאָנט פאַרשטיין. אין יענער צייט זיינען שוין די „ברוינע העמדלעך" אין

דייטשלאַנד געװען טעטיק אין בושעװען און שלאָגן יידן. אויך דאָ, אין דרום אפריקע, האָבן די „גרױיע העמדלעך" אָפּגעהאַלטן מיטינגען אויף די טרעפּ פון שטאָט זאַל און פּרובירט גיין אין די טריט פון זייערע „אידעע־גענאָסן". און דאָ — אַן אמתער דייטש, וואָס זיינע עלטער־עלטערן זיינען דייטשן, אריבערגעקומענע אַהער פון דייטשלאַנד, רעדט נאָר דייטש, ווייל ער זעט אז מיין ענגליש איז ניט אזוי גוט, און איך אַ ייד, און דאָך איז ער אזוי פיין און איידל צו מיר, וואָס איך האָב זיך דאָס גאָרניט געקאָנט פאָר־שטעלן. ער זעט אז איך בין אויף צרות און ער זאָגט צו מיר:

„איך זע, מיין פריינד, אז די אַרבעט פאַלט דיר שווער. ווייסטו גאָר וואָס? גיי ארונטער פון דער רושטאָוואַניע, רייניק זיך אַ ביסל אָפּ און רו זיך אָפּ. איך וועל שוין אליין פאַרענדיקן די ארבעט. שרעק זיך ניט דער ׳פאָר־מאַן׳ אונדזערער קומט צוגיין נאָר אין דערפרי איינצושטעלן די אַרבעט און גייט אוועק. ער לאָזט איבער צו מיר אכטונג צו געבן אויף די ׳פיינטערס׳ וואָס ארבעטן אויף דער געביידע. נאָך מיטאָג", — זאָגט צו מיר דער פריינדלעכער דייטש, — „וועל איך דיר באַזאָרגן מיט אַ לייכטע ארבעט ביז דו וועסט זיך צוגעוווינען און זיך צופּאַסן צו דער נייער אומגעבונג. זאָרג זיך ניט, אַלעס וועט רעכט ווערן!..."

איך קוק אויף אים, באַטראַכט זיין שמייכלדיקן פּנים און זיינע ליבע אויגן און טראַכט ביי זיך: דעם ערשטן טאָג פון מיין נייער אַרבעט האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ גוטן מענטשן, אַ „מלאך־הגואל", און איך האָב עס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן... נאָך מיטאָג האָט ער מיר אוועקגעשטעלט רייניקן און פאַרבן פענצטער.

„דאָס וועט זיין אַ לייכטע ארבעט!" ער האָט מיר געוויזן ווי אזוי זיך צו באַגיין מיט דער קליינער פענצטער־באַרשט און האָט מיר אָנגעזאָגט, למען השם, ניט איינצושמירן דאָס גלאָז מיט פאַרב. איך האָב זיך באמת דערפרייט צו פאַרבן פענצטער, וואָס איך האָב שוין אַ ביסל פּראַקטיק פון דער אלטער היים. דערביי האָב איך זיך שוין באַטראַכט ווי אַ „געניטער פאַכמאַן".

איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו דער ארבעט מיט פלייס און שטאַרקן ווילן. ווען מיין מיטאַרבעטער איז ארום פינף אזייגער געקומען זען ווי איך טו מיין ארבעט איז ער געווען זייער צופרידן און האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן מיר מאָלן בלויז פענצטער.

אזוי בין איך מיט גליק געוואָרן א מיטגליד אין דער משפחה פון דרייצן „פיינטערס". אין דער צייט פון דער מיטאָג־שעה, פון 12 ביז 1, פלעג איך, אין ייד, זיצן מיט זיי צוזאַמען און שמועסן וועגן ראַטן־פאַרבאַנד, וועגן דער לאַגע פון אייראָפּע, פאר מיין קומען קיין אפריקע. איבערהויפּט פלעג איך זיי דערציילן ווי אזוי עס ווערן דאָרט געפירט די „יוניאָנס" (פארבאנד פון ארבעטער־פאַכן) און וועגן סאָציאַליזם בכלל. פאר זיי איז דאָס אַלץ געווען ניי און כמעט אַלע האָבן ארויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס, איבערהויפּט האָט זיי אינטערעסירט דאָס לעבן פון אַרבעטער אין ראַטן־פאַרבאַנד.

גאָר אין גיכן איז פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג אין דער באַציאונג פון די אַרבעטער צו מיר, ניט דערפאַר ווייל איך האָב ארויסגעוויזן גרויסע קענטעניישן, נאָר פון גאָר אַן אנדער, ניט געריכטן מקור.

# איך דעק אויף שווינדלערייען
# ביי דער אַרבעט

א

איך בין זייער באַפריינדעט געוואָרן מיטן דייטש הערי ראָהלאַנד, וועל־כער איז געווען פאַררעכנט צווישן די 13 (מיט מיר 14) „פיינטערס״, ווי דער בעסטער אַרבעטער און צו וועמען אונדזער „פיינטער״־פאָרמאַן האָט זיך אויך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט און צוטרוי.

צוליב אונדזער פריינדשאַפט האָבן שוין אַלע איבעריקע אַרבעטער אויך זיך באַצויגן מענטשלעך צו מיר. קיין אַנטיסעמיטיזם האָב איך לגמרי ניט געפילט, כאָטש איך בין געווען דער איינציקער ייד אין דער „פיינטער״־סעקציע. יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט פלעגט מ״ר ראָהלאַנד גיין מיט מיר צוזאַמען צום טראַמווײַ. אויפן וועג צום טראַמווײַ און אין טראַמווײַ גופא פלעגן מיר שמועסן. אפשר איז עס געווען דערפאַר וואָס ער האָט הנאה גע־האַט דורכצולופּטערן מיט מיר זיין „מאַמע־לשון״ דייטש, ווייל מיט מיר

פלעגט ער וועלן ריידן נאָר דייטש. איך פלעג מיינע יידישע קמצן אומבייטן אויף פתחן און עס פלעגט ביי מיר ארויסקומען אזא מין „יידישער דייטש". אָבער מיין פריינד איז געווען זייער צופרידן פון מיין „שפּרעכן דויטש"...

איינמאָל ביי דער ארבעט קומט צו מיר צו הערי ראָהלאַנד, כלומרשט זען וואָס איך טו, און בעת מעשה פאַרטרויט ער מיר אַ סוד:

„דו ווייסט", זאָגט ער צו מיר, „פּרייטיק פאַרן ענדיקן די ארבעט צאָלט מען אונדז אויס די 'ווידזשעס' (שכירות) פאַר דער וואָך, וואָס באַשטייט פון 6 פונט, 7 שילינג און 8 פּענעס, אזוי שטייט אָנגעשריבן אויפן קאָנ־ווערט. אָבער פון דער דאָזיקער סומע גיט יעדער 'פּיינטער' דעם פאָרמאַן 'בעק־פּיי'. דאָס הייסט, פון דער סומע 'ווידזשעס' וואָס דו וועסט באַקומען אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט וועסטו אים, דעם 'פּיינטער'־פאָרמאַן, דאַרפן געבן אַ סומע וויפל דו וועסט אליין באַשטימען, אומגעפער פון אַנדערהאַלבן ביז צוויי פונט..."

איך האָב לכתחילה ניט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו מיר. ער האָט דאָס איבערגעחזרט און מיר דערקלערט נאָך אַמאָל און ווידער אמאָל. איך האָב פּשוט מיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט...

„פאַרוואָס זאָל איך אים סתם אין דער וועלט אריין געבן געלט? און דערצו נאָך אַ דריטל פון מיין געהאַלט? פאַר וואָסערע מעשים־טובים קומט אים געלט?", האָב איך געפרעגט מיט כעס.

„הער זיך צו, מיין פריינד", האָט ער צו מיר שטיל געזאָגט, „דו מיינסט אז מיר צאָלן אים די 'בעק־פּיי' ווייל מיר ווילן עס? ניין, מיין פריינד. ער צווינגט דאָס אונדז צו טאָן מיט גוואַלד, מיט כוח... דו פאַרשטייסט, ס'איז איצט אַ קריזיס אין לאַנד, באַזונדערס אין דער בוי־אינדוסטריע, און קריגן אַ 'דזשאָב' (אַ פּאָסטן) איז אוממעגלעך. דעריבער, אויב עמעצער וויל אים ניט געבן דעם 'כאַבאַר', אנטזאָגט ער אים פון דער שטעלע און יענער וועט ארומגיין ליידיק און ניט האָבן מיט וואָס אויסצוהאַלטן זיין משפּחה, אפילו פאַר דאָס נייטיקסטע".

איך האָב געברענט פון אויפרעקונג:

„זאָג מיר מיין פריינד, איז דאָס אַ יושר צוצונעמען פון אַן אָרעמען אַר־בעטער כמעט אַ דריטל פון זיין פאַרדינסט? דאָס קאָן דאָך ברענגען דערצו אז אַ קינד זאָל הונגערן ביז דעם קומענדיקן פרייטיק. אזא געמיינהייט איז

דאָך פּשוט אַ קרימינעלער פאַרברעכן. דענקסטו אז דער ׳הויפּט־פּאַרמאַן׳ אָדער דער באַלעבאָס וויסן דערפון?״

„גאָט זאָל היטן!״ ענטפערט הערי ראַהלאַנד. „זיי טאָרן דערפון ניט וויסן. ווייל טאָמער וועט עמעצער דאָס איבערגעבן דעם באַלעבאָס אָדער דעם הויפּט־׳פּאַרמאַן׳ וועט יענער אין אַ שעה ארום זיין אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. מען האָט מורא זיך אָנצופאַנגען מיטן ׳פּאַרמאַן׳ און אַלע צאָלן אים ׳בעק־פּיי׳. ווען ער זאָל זיך דערוויסן אז עמעצער האָט אים געמסרט, קען ער גיין צום הויפּט־׳פּאַרמאַן׳ און אים זאָגן אז דער און דער איז אַ טויגע־ניכטס און יענער קען פאַרלירן גלייך זיין ׳דזשאָב׳. און גלויב מיר, דעם ׳פּאַרמאַן׳ וועט מען גלויבן גיכער ווי דעם ארבעטער...״

„אויב אזוי, מ״ר הערי ראַהלאַנד״, רוף איך אים שוין אָן ביים נאָמען, „דערקלער איך דיר קאַטעגאָריש אז איך וועל זיין דער ערשטער וואָס וועל אים קיין פעני ניט געבן... און ניט נאָר איך — קיינער פון אייך וועט אים מער ניט צאָלן. וועגן דעם וועל איך שוין זאָרגן!״

„ווי איז מיר! טו דאָס ניט! דו וועסט אונדז אלעמען אומגליקלעך מאַכן! מען וועט אונדז אלעמען אַנטזאָגן פון דער אַרבעט, און וואָס וועלן מיר דעמאָלט טאָן? אָט האָב איך דאָ פאַרקאָכט אַ קאַשע! איך האָב דאָך געמיינט נאָר דיין טובה!״

„דו האָסט ניט פאַרקאָכט קיין קאַשע!... מיט דעם סוד וואָס דו האָסט מיר דערציילט האָסטו זיך און אלע איבעריקע ׳פּיינטערס׳ אַ גרויסע טובה געטאָן. איך בעט דיר, הערי, זיי רואיק, און דערצייל קיינעם ניט קיין זאַך. היינט איז דינסטיק, און ביז דאָנערשטיק וועסטו פון מיר הערן גוטע נייעס!״

„פון וואַנען ביסטו דאָס אזוי זיכער ביי זיך? פון וואַנען וויסטו אז דו וועסט ניט זיין פון די ערשטע אָפּגעזאָגטע פון דער ארבעט?״

„ווייל איבער מיר האָט דער ׳פּאַרמאַן׳ גאָר ניט וואָס צו זאָגן. ער האָט מיך ניט געגעבן די אַרבעט. מיך האָט אָנגענומען מ״ר מיאַדאָוויק, דער באַלעבאָס אליין, און נאָר ער קען מיך אַנטזאָגן פון דער אַרבעט. סיידן דו וועסט מיך פאַרמסערן פאַרן באַלעבאָס אז איך טויג ניט צו דער ארבעט, אז איך בין ניט קיין באַלמעלאָכע — דאַן וויים איך ניט...״

„אין דעם בין איך ניט פאַראינטערעסירט. פאַרקערט, איך גלייך דיר און איך וויל דיר דאָ געדן האָבן צווישן אונדז. ערשטנס, ביסטו אַ מענטש וואָס פאַרשטייט אַן עניין און מיט וועמען מ׳קאָן אַמאָל אויסריידן אַ וואָרט.

צוויטנס, ביסטו דאָך אַ גאַנצער מחותּן מיטן באַלעבאָס און דו קאָנסט אַמאָל צונויף קומען. כ׳ווייס... אַ מאָל אַ גוט וואָרט... וואָרט נאָר, אויב מיר האַלטן שוין אזוי ווייט וויל איך דו זאָלסט נאָך דער ארבעט גיין מיט מיר. איך האָב דיר עפּעס וויכטיקעס צו ווייזן!..."

* * *

נאָך דער ארבעט האָבן מיר זיך אוועקגעזעצט אויף אַ באַנק ביי אַ טראַמ־וויי־סטאַנציע, און מיר האָבן געוואַרט. "קאָן זיין", זאָגט הערי, אויב עס וועט אונדז אָפּגילטן וועלן מיר זען עטוואָס אינטערעסאַנטעס, וואָס עס קאָן דיר גוט צונויף קומען. האָב געדולד פאַר אַ האַלבע שעה". מיר זיינען געזעסן און געשמועסט וועגן דער סקאַנדאַליעזער האַנדלונג פון דעם "פאַרמאַן", דערמיט וואָס ער באַרויבט 13 אָרעמע משפּחות פון כמעט אַ דריטל פון זייערע אָרעמע פאַרדינסטן. איך האָב אים פאַרזיכערט אז דאָס וועט שוין מער ניט פּאַסירן, און טאַקע נאָך דעם קומענדיקן פרייטיק וועט נעמען אַ סוף צו דער נידערטרעכטיקער האַנדלונג פון דעם "פאַרמאַן".

הערי ראָהלאַנד האָט באַקומען צוטרוי צו מיר און דער געפיל פון חרטה צוליב דעם וואָס ער האָט מיר אַלץ דערציילט, איז פון אים פאַרשוואונדן.

"קוק", זאָגט פּלוצלונג צו מיר ראָהלאַנד, אָנווייזנדיק אויף דער געביידע ביי וועלכער מיר האָבן געאַרבעט. אַ קליינע לאָסט־אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער געביידע. "קוק זיך גוט צו און נעם זיך אריין אין זינען וואָס דו וועסט באַלד זען".

איך האָב דערזען ווי אונדזער "פאַרמאַן" מיט אַ קאָלירטן ארבעטער זיינען אריין אין דער געביידע. אין אַ ווײַלע ארום איז דער קאָלירטער ארבעטער ארויסגעקומען פון דער געביידע, טראָגנדיק מיט זיך אַ פולע, ניט־געעפנטע קעסטל מיט פאַרב. ער איז נאָך אַמאָל אריין און צוריקגעקומען מיט אַ צווייטער קעסטל פאַרב. אזוי איז ער אריין און ארויס פיר מאָל. יעדע פאַרמאכטע קעסטל האָט אנטהאַלטן פיר גאַלאָנס פאַרב. זיי האָבן דאָס איינגעפּאַקט אין דעם קליינעם לאָסט־אויטאָ, פאַרדעקט מיט אַ צודעק און זיינען גיך אָפּגעפאָרן...

"איצט זעסטו שוין וואָס דאָ גייט אָן? דו זעסט אויף וואָס אונדזער 'פאַרמאַן' איז פעאיק? איך האָב דיר געבראַכט אַהער דו זאָלסט אליין זען מיט דיינע אייגענע אויגן, כדי דו זאָלסט האָבן נאָך מער באַווייזן מיט וואָס

צו קומען צום באַלעבאָס. אין פֿאַל דו וועסט מיר דאַרפֿן פֿאַר אַן עדות בין איך גרייט צו יעדער צייט באַשטעטיקן דיינע רייד!״

קומענדיק אהיים האָב איך תּיכּף טעלעפֿאָנירט רחמיאל מיאַדאָווניק און אים געפֿרעגט צי ער קען מיך זען דעם אָוונט, ווייל איך האָב אים זייער וויכטיקעס צו באַריכטן.

ער האָט מיר געזאָגט, אז ער וועט וואַרטן אויף מיר נאָך אָוונט־ברויט.

„וואָס קאָנסטו מיר דערציילן?״ האָט מיאַדאָווניק מיט נייגער מיך אַ פֿרעג געטאָן. „אויב דו ביסט געקומען צו לויפֿן אין אזא איילעניש, מסתמא מוז עס זיין זייער אַ וויכטיקער ענין״. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פֿאָרשנדיקע אויגן.

„ווייסט איר וואָס עס טוט זיך ביי אייך אויף דער געביידע וווּ איך אַרבעט?״ האָב איך אַן אויפֿגערעגטער געפֿרעגט.

מיאַדאָווניק האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר נייגעריקע אויגן:

„וואָס הייסט צי איך וויים וואָס עס קומט פֿאָר ביי מיר אויף דער גע־ביידע? מיר דוכט אז אַלץ גייט דאָרט כשורה. איך זע דעם הויפּט־'פֿאָר־מאַן' אַלע טאָג און ער גיט מיר אָפּ אַ גענויעם באַריכט פֿון דער אַרבעט. טאָ וואָס זשע קאָן דאָרט אזוינס טרעפֿן וואָס איך וויים ניט?״

„וואָס עס טוט זיך אויף דער געביידע אין אַלגעמיין ווייס איך ניט און עס אינטערעסירט מיך ניט. איך ווייס אָבער וואָס עס קומט פֿאָר אין דער 'פּיינטער'־סעקציע!״

אַן אויפֿגערעגטער דערצייל איך אים אַלץ וואָס איך האָב געהערט פֿון דעם עלטסטן „פּיינטער״, הערי ראָהלאַנד, וועגן די „בעק־פּיי״ וואָס יע־דער „פּיינטער״ צאָלט דעם „פֿאָרמאַן״ און אויך וועגן דעם וואָס איך האָב היינט נאָך דער אַרבעט געזען וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען ביי דער געביידע.

„עס קאָן ניט זיין!״ איז מיאַדאָווניק אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט. „עס איז אפשר אמת אז דו האָסט אים געזען נעמענדיק פֿאַרב. אפשר האָט ער דאָס גענומען צו אַן אַנדער געביידע, וווּ ער איז אויך 'פֿאָרמאַן'... דאָס קאָן איך ניט זאָגן. כאָטש אָן מיין וויסן טאָר ער דאָס ניט טאָן. אָבער אז ער נעמט פֿון די אָרעמע 'פּיינטערס' כמעט אַ דריטל פֿון זייערע 'ווידזשעס'' בעק־פּיי', דאָס קאָן איך בשום אופֿן ניט גלויבן!״

„מ״ר מיאַדאָווניק, איר מיינט צו זאָגן, אז איך האָב די גאַנצע געשיכ־טע אויסגעטראַכט? מיט אַנדערע ווערטער — איך בין אַ ליגנער?״ האָב

איך אַ באַליידיקטער געפּרעגט. „איך בין גרייט צו ברענגען עדות, וואָס וועלן באַשטעטיקן די אמתדיקייט פון מיינע רייד".

מיאַדאָווניק האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און זיך געווענדעט צו מיר:

„אויב אַזוי וואַרט צו אַ ווײַלע. איך קום שוין צוריק. איך גיי נאָר אָפּרופן מיין הויפּט־'פאַרמאַן'". אין אַ ווײַלע ארום האָט ער זיך צוריקגע־קערט. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אנטקעגן מיר און האָט מיר דערקלערט:

„איך האָב זיך וועגן דעם ענין דורכגערעדט מיט דזשאַרדזש פּיו, מיט מיין הויפּט־'פאַרמאַן'. מיר האָבן באַשלאָסן אַז פרייטיק, אַנשטאָט אייער 'פאַרמאַן' זאָל אייך צאָלן די 'ווידזשעס' (שכירות) וועלן מיר אַליין, איך מיטן הויפּט־'פאַרמאַן', אויסצאָלן אַלע 'פּיינטערס' די שכירות. אָבער מיר וועלן צאָלן יעדן איינעם באַזונדער אין ביוראָ פון דער געבײַדע. דאָס מוז אָבער געהאַלטן ווערן בסוד. קיינער טאָר דערפון ניט וויסן, כדי די זאַך זאָל ניט דערגיין צו אייער 'פאַרמאַן'.

„איין זאַך וויל איך דיר זאָגן: ווען דו וועסט אויפקלערן דעם ענין צו די 'פּיינטערס', זאָלסטו זיי מתרה זיין, אַז יעדער איינער פון זיי מוז זאָגן דעם אמת, וואָרעם אויב דאָס וואָס דו האָסט מיר דערציילט וועגן די 'בעק־פּיי' איז אמת, איז דאָס ניט קיין קלייניקייט. דאָס איז זייער אַן ערנסטער ענין. ווען די זאַך זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן, קאָן איך גערופן ווערן צו דער עקזעקוטיווע פון דער בוי־אינדוסטריע צו אַן אויספאָרשונג און עס קאָן זיין אַז איך זאָל קריגן אַ גרויסע שטראָף דערפאַר. געדענק־זשע וואָס דו האָסט צו טאָן! פרייטיק, 10 אזייגער פרי, וועט מען רופן יעדן 'פּיינטער' באַזונדער אין ביוראָ און מיר וועלן אים נעמען אויפן פאַרהער און אויספאָרשן דעם גאַנצן ענין ווי געהעריק..."

* * *

איך האָב אָפּגערעדט מיט הערי ראָהלאַנד, אַז דאָנערשטיק צו דער מי־טאָג־שעה זאָל ער מודיע זיין ביים עסן אַלע 'פּיינטערס', אַז נאָך דער אַר־בעט זאָל קיינער זיך ניט אײַלן אהיים. אַלע זאָלן בלייבן אויף 10 מינוט, ווייל דער נייער 'פּיינטער', ס'הייסט איך, האָט עפּעס וויכטיקעס צו מעלדן. און דאָס וואָס איך וועל מעלדן, וועט זיין אין די אינטערעסן פון אונדז אַלעמען. עס איז זייער וויכטיק אַז קיינער זאָל ניט פעלן.

דעם דאָנערשטיק האָט יעדערער זיך געאײַלט צו זיין אין דער „פּיינט־שאָפּ" (דאָס אָרט ווו די „פּיינטערס" האַלטן זייערע קליידער און עסן). ווען

אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט האָט ראָהלאנד, ווי דער עלטסטער, מיך פאָרגע־שטעלט ווי איינעם וואָס איז גאָר אַ נאָענטער „ידיד" מיטן באַלעבאָס און אז איך וויל זיי עפּעס אויפקלערן.

ווען די אַרבעטער האָבן דערהערט אז איך בין אַ נאָענטער „שמעלקע" מיטן קאָנטראַקטאָר, איז די לאַגע געוואָרן אָן אָנגעשטרענגטע. יעדער איי־נער האָט געטראַכט ביי זיך: ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אונדז. אין שטילקייט האָבן אַלע געוואַרט צו הערן וואָס איך האָב זיי צו זאָגן.

„דזשענטלמען", האָב איך אָנגעהייבן שטיל רײדן צו זיי, „עס איז דער־גאַנגען צו אונדזער באַלעבאָס, מ"ר מיאַדאָוווניק, די שענדלעכע נייעס אז יעדער איינער פון אייך צאָלט יעדן פּרייטיק דעם ‚פיינטער־פאָרמאַן' ‚בעק־פיי', אַ סומע וואָס איז כמעט אַ דריטל פון אייערע ‚ווייגדזשעס'. דער באַלע־באָס איז זייער באַאומרואיקט דערפון. מאָרגן פרי, 10 אזייגער, וועט מען אייך איינציקווייז רופן אין אָפיס, וווּ איר וועט באַקומען אייערע ‚ווייגדזשעס'. אין דער זעלבער צייט וויל דער באַלעבאָס מיטן הויפּט־‚פאָרמאַן' פעסט־שטעלן צי ס'איז אמת אז איר צאָלט דעם ‚פיינטער־פאָרמאַן' ‚בעק־פיי'. אלזאָ, איך, ווי איינער פון אייך, בין פאַראינטערעסירט אין אונדזער ווױלזיין און איך וויל אייך פארהיטן איר זאָלט פאַרבלייבן ביי דער אַרבעט, און די נידערטרעכטיקע עוולה פון ‚בעק־פיי' זאָל אָפּגעשטעלט ווערן. צוליב איי־ערע אינטערעסן וויל איך אייך געבן אָנווייזונגען ווי אזוי צו האנדלען בעת דער אויספאָרשונג.

„מיינע פריינד, אויב איר ווילט בלייבן ביי דער אַרבעט, איז די איינ־ציקע עצה וואָס איך קאָן אייך געבן — זאָגט אַלע דעם ריינעם אמת! זאָגט אז איר צאָלט דעם ‚פאָרמאַן' ‚בעק־פיי' און די סומע וויפל איר צאָלט! אָפּגעזאָגט וועט ווערן פון דער אַרבעט בלויז דער, וואָס וועט לייקענען. וויל דאָס לייקענען וועט אייך ניט העלפן. (דאָ האָב איך זיך, למען האמת, געמוזט באַנוצן מיט אַ ווייסן ליגן). דינסטיק אָונט, ווען איך בין געווען צו גאַסט ביי ה' מיאַדאָוווניק, האָט ער מיר אליין וועגן דעם דערציילט. ער האָט מיר אויך געוויזן אַ ליסטע מיט אייערע נעמען און די סומעס וואָס יעדער איינער פון אייך צאָלט דעם ‚פאָרמאַן' ‚בעק־פיי'...

„די אויספאָרשונג ווערט געמאַכט צוליב דעם צוועק, כדי צו פאַרהיטן דעם נאָמען פון דער פירמע ‚מיאַדאָוווניק און קאָ.' ווען איר וועט זאָגן דעם אמת, דאַן וועט דער ‚פאָרמאַן' באַזייטיקט ווערן פון דער אַרבעט. איר וועט

באַקומען אייערע פולע 'ווידזשעס' און איר וועט קיינעם ניט דאַרפן צאָלן קיין 'בעק־פּיי' פון אייערע 'אָרעמע קאָנוועדטן' צו קיין 'פאָרמאַן' — ווער ער זאָל ניט זיין. אלע וועלן בלייבן ביי דער ארבעט און קיינער וועט ניט אנטזאָגט ווערן פון דער שטעלע. איך בין אָבער אייך מתרה נאָך אַמאָל, אז אויב עמעצער פון אייך וועט פּרובירן לייקענען, קאָן ער זיך ריכטן מאָרגן אויף אַ שעה 'נאָטיס' (קינדיקונג) און ער וועט שוין אויף קיין פאַל מער ניט ארבעטן פאַר דער פירמע".

הערי ראָהלאַנד האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געווענדעט צו די 'פיינטערס' בזה הלשון:

„דזשענטלמען, איך פון מיין זייט קאָן אייך פארזיכערן, אז אלץ וואָס איר האָט דאָ געהערט פון מ"ר טאַבאַטשניק איז ריכטיק. איך ארבעט מיט אים האַנט ביי האַנט און אויף וויפל איך האָב אים קענען געלערנט, איז ער זייער אָרנטלעך. ער איז פון דער היים נאָך היינט אַ סאָציאַליסט. ער האָט שטענדיק פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די ארבעטער און ער איז אפילו געווען אַ פירער פון דער ארבעטערשאַפט אין רוסלאַנד און אין פוילן, און איך נעם אָן זיינע ווערטער ווי הייליק.

„מאָרגן וועל איך דער ערשטער ארויסקומען מיטן אמת. דעריבער גיב איך אייך אלעמען מיין עצה, וואָס איך פיל פון מיין טיפסטן הארצן אז ס'איז ריכטיק: דערציילט נאָר דעם אמת. דערציילט וויפל 'בעק־פּיי' איר צאָלט, ווי לאַנג איר צאָלט. דערציילט אָן מורא. דאָס וועט זיין אין אייערע און אין אונדזערע אלעמענס אינטערעסן!..."

„היר, היר!" האָבן אלע געענטפערט. „מיר וועלן דערציילן דעם אמת, דעם ריינעם אמת!".

# איך ווער „פּאַרמאַן“

א ויף מאָרגן פרי האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג. איך האָב יעדן אײנעם צוגעגעבן מוט און קײנער האָט זיך אין דער ביוראָ ניט צופיל פאַר־זאַמט. ארויסגעקומען פון ביוראָ איז יעדער אײנער מיט אַ פרײלעך פּנים, מיט אַ גאַנצן קאָנווערט און מיט אַ פאַרזיכערונג פון דעם באַלעבאָס, ה׳ מיאַדאָווניק, אז דעם „דזשאָב“ וועט קײנער ניט פאַרלירן. · דער הויפּט־„פּאָרמאַן“ האָט נאָך צוגעגעבן און מתרה געווען יעדן אײנעם, אז אויב אַ נײער „פאָרמאַן“ וועט פאָדערן פון זײ „בעק־פּיי“ זאָל קײנער ניט וואָגן צו געבן אײן פּעני און מען זאָל אים גלײך וועגן דעם מודיע זײן. ווײל „בעק־פּיי“ קאָן טאָן א סך שאָדן דער פירמע.

אײניקע פּעסימיסטן האָבן זיך געשראָקן פאַר דער מינוט, ווען דער שטאָט־זײגער וועט אויסקלאַפּן די שעה פיר — אײן שעה פאַרן פאַרענדיקן די אַרבעט — זײ זאָלן ניט קריגן „נאָטיס“. אָבער דער שטאָט־זײגער האָט אויסגעשלאָגן די פירטע שעה און קײן אָפּזאָגן זײנען ניט געווען.

פריילעכע, מיט פולע קאָנווערטן אין זייערע קעשענעס, האָבן חברה מיך ניט אָפּגעלאָזן און מיר האַרציק געבעטן איך זאָל זיי טאָן דעם פאַרגעניגן און מיט זיי, זיין זייער גאַסט, צו מאַכן אַ „לחיים" לכבוד דער גרויסער, פריילעכער געשעעניש, וואָס זיי וועלן קאָנען ברענגען אַהיים צו דער ווייב אַ ניט־אויפגעריסענעם קאָנווערט. איך האָב זיי ניט געקאָנט אָפּזאָגן און זייערע פנימער האָבן געשיינט פון שמחה ווען איך האָב אָנגענומען זייער אָנבאָט...

די נייעס וועגן דעם „פּיינטער־פאָרמאַן" און וועגן די „בעק־פּיי" האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער געביידע צווישן אַלע פאַכן פון די בוי־אַרבעטער, ווי סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, עלעקטראָ־טעכניקער, בלעכערס און פּלאַסטערערס און אַ שרעקלעכער צאָרן האָט זיך אין זיי דערוועקט אויף דעם „פּיינטער־פאָרמאַן" אַזוי, אַז אַ סך אַרבעטער זיינען געשטאַנען מיט געביילטע פויסטן און געוואַרט אויף דעם נידערטרעכטיקן בלוט־צאַפּער, כדי אים צו טאָן זיין „רעכט". אַ גליק וואָס עמעצער פון זיינע פריינד האָט אים באַצייטנס אונטערגעטראָגן די נייעס אידער ער האָט זיך באַוויזן אויף דער געביידע און אויף אַזאַ אופן איז ער ממש ניצול געוואָרן פון ווערן געלינטשט...

אין „באַר" (שענק) האָבן חברה זייטיקע טרינקערס זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער אויסטערלישער סצענע ווי אַ גאַנצער מנין קריסטלעכע אַרבעטער קלאַפּן מיט די גלעזער, טרינקען „ברודערשאַפט", דריקן די הענט, נעמען אַרום און דריקן צו זיך און מאַכן אַ גאַנצן פּאַראַד פון אַ נידעריקן, קליינעם יידעלע און האָבן געזוכט אַן ענטפער צו דער סצענע וואָס איז פאַר זיי געווען טשיקאַווע...

* * *

מאָנטיק פרי ביי דער אַרבעט טוט מיר אַ פרעג מ"ר מיאַדאָווניק: „וואָס וועט זיין מכּח אַ 'פאָרמאַן'"?

„זייט ניט פאַרצווייפלט, מ"ר מיאַדאָווניק", האָב איך געזאָגט. „ס'וועט שוין רעכט ווערן. עס וועט זיך שוין איינגעפינען ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער אַרבעט. אז מיר האָט זיך איינגעגעבן אויפצודעקן אַזעלכע שווינדלערייען וועט זיך מיר אויך איינגעבן צו געפינען אַ גוטן 'פאָרמאַן'. דערווייל גייט היינט די אַרבעט בעסער אָן אַ 'פאָרמאַן' ווי פריער מיטן 'פאָרמאַן'".

„אָלרייט", זאָגט ער צו מיר. „זע וואָס דו קאָנסט טאָן!"

ס׳איז מיטאָג־צייט. די „פּיינטערס״ זיצן ארום די ווענט אין „פּיינט־שאָפּ״ אויף קליינע ליידיקע און פולע קעסטלעך מיט פאַרב, וואָס דינען זיי פאַר שטולן אָדער בענקלעך. אויף יעדערנס קני איז אויסגעשפּרייט זיין צו־בייסן וואָס באשטייט מערסטנטייל פון סענדוויטשעס (צוויי שטיקלעך צו־זאַמענגעלייגט פּעניצעס ברויט מיט פּוטער, מיט אַ טאָמאַטאָ אָדער עפּעס אנדערש). עס האָט זיך אויפגעהייבן די פראַגע צווישן די „פּיינטערס״ וועגן אַ נייעם „פאָרמאַן״. אלע האָבן געטאַדלט דעם פריערדיקן „פאָרמאַן״. עס זיינען אפילו געפאַלן מיאוסע רייד און קללות אויף זיין חשבון. אנדערע ווידער האָבן מורא געהאַט צי דער נייער „פאָרמאַן״ זאָל ניט זיין ערגער. צי מען וועט אמאָל ניט אויסבייטן אויף עטוואָס ערגערס. איך האָב זיך אריינ־געמישט אין דעם שמועס, און אלע האָבן זיך צוגעהערט מיט אויפמערקזאַמ־קייט. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אז דאָס וואָס האָט פּאַסירט ביז אַהער, וועט ווייטער ניט טרעפן כל זמן איך וועל זיין מיט זיי.

איך האָב דערווייל אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַפּעלירט צו אלע־מען אז מיר זאָלן ארויסווייזן אונדזער דאַנקבאַרשאַפט, וואָס מיר זיינען פּטור געוואָרן פון אונדזער „פאָרמאַן״ מיט דעם, וואָס מיר וועלן אָנשטאָט פאַרנאַכלעסיקן די ארבעט צוליב זיין אָפּוועזנהייט, אַרבעטן בעסער, פלייסיקער און מער איבערגעגעבן, כדי צו ווייזן דעם הויפּט־„פאָרמאַן״, אז מיר קאָנען אויפטאָן מער און ווייזן בעסערע רעזולטאַטן אָן דעם פריערדיקן „פאָרמאַן״, וועלכער איז ניט געווען פאַראינטערעסירט אין דער ארבעט, נאָר געזוכט וועגן ווי אזוי ארויסציען ניט קיין פאַרדינטע געלט פון די ארבעטער.

די באַגייסטערונג פון די ארבעטער איז געווען אזוי גרויס, אז צוליב די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען ביי דער אַרבעט האָבן זיך אַלע ארויסגעזאָגט צו ארבעטן פלייסיקער, און טאַקע געבן א פולן 8 שעהדיקן ארבעטס־טאָג, און דערמיט ווייזן דעם באַלעבאָס זייער דאַנקבאַרשאַפט, וואָס זיי זיינען פּטור גע־וואָרן צו געבן א דריטל פון זייערע פאַרדינסטן צו אַן אומזיסטן בלוט־זויגער.

גייענדיק צוזאַמען מיט הערי ראָהלאנד נאָך דער אַרבעט צום טראַמוויי, רופט ער זיך אָפּ צו מיר: „דו ווייסט, איז האָב היינט געהאַט א שמועס מיטן גרעסטן טייל פון אונדזערע ׳פּיינטערס׳. זיי האָבן זיך אלע ארויסגעזאָגט, אז דו זאָלסט ווערן דער ׳פּיינטער־פאָרמאַן׳ איבער דער געביידע. זיי ריידן וועגן דיר ווי וועגן א גאָט, ווי זייער מלאך־הגואל. אפשר וואָלסטו טאַקע איבערריידן מיט מ״ר מיאַדאָוויק, אז דו זאָלסט ווערן אונדזער ׳פאָרמאַן׳ ?

אַלע רעספּעקטירן דיר איצט און אַלע וועלן גערן אויספֿאָלגן דיינע אָנווייזונגען. באַטראַכט זיך און גיב אַ שמועס וועגן דעם מיטן באַלעבאָס".

„איך וואָלט גערן אָנגענומען צו זיין דער 'פֿאָרמאַן'. אָבער ווי דו ווייסט איז מיר אין גאַנצן פֿרעמד דער אופֿן ווי אַזוי עס פֿירט זיך די אַרבעט, ספּעציעל אויף אַזאַ גרויסער געבײַדע. איך צווייפֿל צי מיינע ידיעות אין דעם פֿאַך זיינען גענוג צו ווערן אַ 'פֿאָרמאַן' איבער דרייצן מענטשן".

„איך וועל דיר געבן אַלע נייטיקע אָנווייזונגען. איך ווייס דעם פֿאַך אויסגעצייכנט. און איך בין זיכער אַז דו מיט דיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿעאיקייטן און איך מיט מיין פּראַקטיק, וועלן מאַכן די בעסטע אַרבעט וואָס מען קאָן אַרויסגעבן. צוזאַמען וועלן מיר אויך די פּראָדוקציע אויסבעסערן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז קיינער טאָר דערפֿון ניט וויסן. ווּעסטו דאָך פֿרעגן: פֿאַרוואָס לייג איך פֿאָר דיין קאַנדידאַטור און ניט זיך אַליין? איז דער ענטפֿער: ערשטנס, פֿאַרמאָג איך ניט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿעאיקייטן; צווייטנס, וועלן די מענטשן ניט האָבן פֿאַר מיר דעם זעלבן רעספּעקט וואָס זיי ווייזן איצט אַרויס צו דיר!"

„דו האָסט מיר אַריינגעגעבן אַ גוטע אידעע און איך וועל זיך וועגן דעם טאַקע דורכריידן מיטן באַלעבאָס. איינס פֿאַרלאַנג איך פֿון דיר: זאָלסט זען אַז די אַרבעטער זאָלן ניט זיין קעגן מיר, נאָר זיך אַרויסזאָגן סימפּאַטיש פֿאַר מיר".

„דאָס לאָז איבער צו מיר", האָט מיר ראַהלאַנד פֿאַרזיכערט.

* * *

איך האָב געבעטן דעם הויפּט־„פֿאָרמאַן" ער זאָל מיר לאָזן וויסן ווען מ"ר מיאַדאָווניק וועט קומען אויף דער געבײַדע. ער האָט עס מיר צוגעזאָגט.

„האָסטו אפשר נייעס פֿאַר מיר וועגן אַ 'פֿאָרמאַן'?" האָט רחמיאל מיאַדאָווניק מיך אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ שמייכל, ווען איך בין אַריין אין ביוראָ.

„יאָ", האָב איך צוריקגעענטפֿערט אויך מיט אַ שמייכל. „איך האָב! און מיר דוכט זיך, אַז איך האָב פֿאַרן 'דזשאָב' זייער אַ גוטן 'פֿאָרמאַן'".

„יאָ?" פֿרעגט ער ערנסט. „ווער איז עס?"

„איך!" ענטפֿער איך דרייסט, אָן וואַקלעניש...

„דו?" האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן. „דו מלמד איינער, נאָר וואָס ביסטו געקומען פֿון דער 'טייטל'... דו אַליין

האָסט געזאָגט, אַז דו ביסט ניט אַזאַ װאַזשנער ׳מייסטער׳, און שוין װילסטו װערן אַ ׳פאָרמאַן׳ ?...״

„אַז מען איז ניט קיין ׳װאַזשנער מייסטער׳ מיינט נאָך ניט אַז מען קאָן ניט זיין קיין גוטער אָנפירער, קיין גוטער אָרגאַניזירער. מ״ר מיאַדאָװניק, כדי צו זיין אַ גוטער ׳פאָרמאַן׳ מיינט ניט צו זאָגן ,אַז מען מוז קאָנען מיט די אייגענע הענט טאָן אַ שטיקל ארבעט. װאָס אַ ׳פאָרמאַן׳ דאַרף קאָנען איז: צו פאַרשטיין אויב די אַרבעט איז געמאַכט געװאָרן גוט, ער דאַרף פאַרמאָגן איניציאַטיװ און, איבערהויפּט, אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן. דאָס זיינען די קװאַליפיקאַציעס װאָס אן אָנפירער אָדער אַ ׳פאָרמאַן׳ דאַרף האָבן. און, ניט װעלנדיק זיך אליין רימען, פאַרמאָג איך דאָס איבערגענוג.

„נעמט, למשל, אייער הויפּט־׳פאָרמאַן׳ מ״ר דזשאָרדזש פּיו. קאָן ער דען טאָן די אַלע ארבעט אליין, מיט װעלכע ער פירט אָן, װי סטאָלעריי, מו־לעריי, בלעכעריי, מאָלעריי און אַלע איבעריקע אַרבעט װאָס אַ געביידע פאָדערט ? אָבער ער איז אַ גוטער ׳פאָרמאַן׳, װייל ער האָט די פעאיקייטן צו אָרגאַניזירן, ער פאַרשטייט װאָס גוטע ארבעט איז. דאָס גלייכן איז מיט אַלע ׳פאָרמאַנס׳ אין יעדער פאַך. טאַקע דערפאַר װאָס מיט מיינע הענט בין איך ניט קיין צו גרויסער קינסטלער, פיל איך אָבער אַז אָנפירן מיט דער אַרבעט װעל איך זיך אַרויסװייזן זייער פעאיק״.

„זע נאָר אַ ׳מענה לשון׳ האָט זיך ביי אים געעפנט. אָ, איך האָב גאָר פאַרגעסן אַז דו ביסט דאָך געװען אַ ׳מגיד׳ אויך. מיינסטו אַז דו װאָלסט אי־בערגענומען דעם ׳דזשאָב׳ אַלס ׳פאָרמאַן׳ אָן דאָס מינדסטע צװייפלעניש, אַז דו װעסט דיין ארבעט דורכפירן מיט דערפאָלג ?״

„װען איך װאָלט געצװייפלט אין מיינע פעאיקייטן, אַז איך בין ניט צו־געפּאַסט פאַר דעם ׳דזשאָב׳, װאָלט איך אַליין זיך ניט פאָרגעלייגט און װאָלט קיינמאָל דעם ׳דזשאָב׳ ניט אָנגענומען. איך פיל אָבער אַז איך װעל זיין זייער צוגעפּאַסט אָנצופירן מיט דער ארבעט. זינט דעם לעצטן פריייטיק קוקן די ארבעטער אויף מיר, װי אויף אַ גאָט. אַלע רעספּעקטירן מיר און װייזן מיר אַרויס גרויס דרך־ארץ. איך קאָן אייך זאָגן, אַז זיי האָבן אַליין באַשלאָסן זיך װענדן צו אייך, אַז איר זאָלט מיך באַשטימען אַלס ׳פאָרמאַן׳. אָבער, מיין ליבער פריינד, מ״ר מיאַדאָװניק, איך װיל חס־וחלילה ניט אַרויפצװינגען אויף אייך מיין פאָרשלאָג. איך װייס און איך פיל, אַז איך װעל קאָנען אויספילן מיינע פליכטן אַלס ׳פאָרמאַן׳ גוט, ערנטלעך און איבערגעגעבן. דעריבער

בעט איך איך מיר געבן אַ געלעגנהייט אויסצופּרובירן מיינע פעאיקייטן. באַשטימט מיך אַלס ׳פאָרמאַן׳ בלויז פאר איין וואָך, אויף אַ פּראָבע, ניט לענ־גער. אויב איך וועל דורך דער וואָך זיך אַרויסווייזן פאר ניט פעאיק אָנצו־פירן מיטן ׳דזשאָב׳ וועל איך ניט האָבן דאקעגן אז איר זאָלט באַשטימען עמעצן אַנדערש אויף מיין אָרט. אָבער איך בין זיכער, אז דערצו וועט ניט קומען !...״

„וואָס זאָגסטו, דזשאָרדזש ? וואָס איז דיין מיינונג ?״ האָט דער באַלע־באָס זיך געווענדעט צום הויפּט־„פאָרמאַן״, וועלכער איז געווען דערביי די גאַנצע צייט, זיך צוגעהערט און זיך ניט אריינגעמישט אין דעם שמועס.

„איך מיין, אז מ׳זאָל אַ רוף טאָן דעם עלטסטן פאַכמאַן צווישן די ׳פּיינ־טערס׳, מ״ר הערי ראָהלאַנד, זיך דורכריידן מיט אים און הערן זיין מיינונג. ראָהלאַנד איז פאררעכנט פאַרן בעסטן ׳פּיינטער׳ אין דער סעקציע און ס׳איז כדאי צו הערן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דעם״.

הערי ראָהלאַנד האָט זיך זייער דערפרייט, ווען ער האָט געהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט ניט נאָר מיך רעקאָמענדירט, נאָר ער האָט אויך אויפגעקלערט פאַרן באַלעבאָס מיטן הויפּט־„פאָרמאַן״ די גוטע רעזול־טאַטן, וואָס וועלן אַרויסקומען ווען איך וועל ווערן דער „פאָרמאַן״.

ער האָט אין זיין באַגייסטערונג דערקלערט, אז די גאַנצע צייט איז ער געווען דער פאַקטישער „פאָרמאַן״. יענער „פאָרמאַן״ איז געווען פאַראינ־טערעסירט נאָר אין איין זאַך : וואָס מער געלט אַרויסצוקריגן פון די אַר־בעטער. ווי אזוי עס גייט אָן די אַרבעט און ווי אזוי עס זעט אויס אָן אויס־געענדיקטער אַפּאַרטמענט, דאָס האָט אים ווינציק אינטערעסירט. יעדן פרי־מאָרגן פלעגט ער קומען און פרעגן ביי מיר וואָס עס הערט זיך און קיינמאָל אפילו ניט געפונען פאר נייטיק איבערצוקוקן די אַרבעט, האָבן אַ שמועס מיט אַן אַרבעטער. ער פלעגט פארשווינדן און אַ גאַנצן טאָג זיך ניט ווייזן.

„האָט זיך געדאַרפט שטעלן די פראַגע : פאַרוואָס זאָל איך ניט איבער־נעמען דעם ׳דזשאָב׳ אלס ׳פאָרמאַן׳ ? האָט ראָהלאַנד געפרעגט. „מוז איך אָבער זאָגן דעם אמת, אז מיט מיר וועלן זיך די ׳פּיינטערס׳ ניט צופיל רע־כענען, ווייל איך בין איינער פון זיי. ווען מ״ר טאַבאַטשניק וועט אָפיציעל באַשטימט ווערן אלס ׳פאָרמאַן׳, וועלן אַלע אַרבעטער גערן אויספירן אַלע זיינע אָנווייזונגען, ווייל זיי האָבן גרויס רעספּעקט פאַר אים. אָרגאַניזיר־פעאיקייטן פאַרמאָגט מ״ר טאַבאַטשניק איבערגעגנונג. און איך בין זיכער אז

מיט מיין הילף וועט די ארבעט פארבעסערט ווערן און די פּראָדוקציע וועט פאַרגרעסערט ווערן, ווייל דער ׳פאָרמאַן׳ וועט זיין דעם גאַנצן טאָג אויפן אָרט, און ניט זיין קיין גאַסט אָפּצונעמען זיין ׳בעק־פּיי׳ פון די ארבעטער...״

ראָהלאַנדס רייד האָבן געווירקט אויף זיי. מען האָט געפילט אין זיינע רייד אַן ערנסטע באַציאונג צו דער ארבעט. איך בין באַשטימט געוואָרן אלס צייטווייליקער ׳פאָרמאַן׳ אויף אַ וואָך אָדער צוויי, ביז מען וועט קאָנען זען רעזולטאַטן פון מיין אַרבעט.

* * *

איך האָב איבערגענומען די פליכטן פון מיין נייעם „דזשאָב׳ מיט אָפּ־טימיזם, אז איך וועל עס דורכפירן מיט דערפאָלג. אלע ארבעטער האָבן מיר אויפגענומען מיט ענטוזיאזם, ווען זיי האָבן זיך דערוווסט אז איך בין זייער אָפיציעלער „פאָרמאַן״. זיי האָבן אלע בקול־אחד צוגעזאָגט זייער פולע קאָאָ־פּעראַציע. זיי זיינען זיכער געווען אז מיר וועלן זיי קיין „בעק־פּיי ניט דאַרפן צאָלן.

שוין גלייך די ערשטע טעג פון איבערנעמען מיינע פונקציעס אלס „פאָרמאַן״ בין איך זיכער געווען אין מיין דערפאָלג. די ארבעטער האָבן גערן אויסגעפילט מיינע אָנווייזונגען. און דאָ זיינען מיר צונוץ געקומען מיי־נע פּעדאַגאָגישע קענטענישן. איך האָב זיך נאָענטער באַקענט מיט יעדן אַרבעטער באַזונדער. איך האָב גענומען שטודירן צו וועלכער אַרבעט ער איז מער צוגעפּאַסט און איך האָב גענומען אויסארבעטן פלענער פון ארבעט לויט דער פעאיקייט פון יעדן מענטשן און געזען אז די אַרבעט זאָל ניט גע־טאָן ווערן לויט צופעליקייטן, ווי ס׳איז געווען ביז אַהער.

הערי ראָהלאַנד איז געווען מיין רעכטע האַנט און „בעל־יועץ״. איך האָב פון אים געלערנט די סיסטעם פון אַרבעט אין אויספּאַרטיקן אַן אַפּאַרט־מענט. די ערשטע צייט האָב איך פּשוט קיין נעכט ניט געשלאָפן און גע־טראַכט ווי אזוי בעסער צו אָרגאַניזירן און רעאָרגאַניזירן די סיסטעם פון דער ארבעט. איך האָב אַלע שלעכט־אויסגעענדיקטע אַפּאַרטמענטס איבער־געמאַכט און זיי האָבן באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען אזוי, אז ווען דער ארכיטעקט, ה׳ מאָריס קאָהען, איז געקומען באַקוקן די ניי־אויסגעענדיקטע אַפּאַרטמענטס האָט ער מיך געשיקט רופן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, זיך באַקענען מיט מיר און צווייטנס, האָט ער מיך אין דער אָנוועזנהייט פון מ״ר מיאַדאָוניק און דעם הויפּט־׳פאָרמאַן״ גראַטולירט מיט מיין אויסגעצייכנטער

אַרבעט און האָט דערביי נביאות געזאָגט, אז אויב איך וועל אזוי ווייטער אָנ־גיין מיט דער ארבעט שטייט מיר פאַר אַ גלענצנדע צוקונפט אין דעם פאַך.

מ״ר מיאַדאָווניק האָט אָנגעקוואָלן פון נחת. ער האָט מיט צופרידנקייט מיך געקלאַפּט אין פּלייצע און דערביי זיך געחכמעט אויף מיין חשבון:

„איך האָב געמיינט אז דו ביסט אַ גוטער ׳מלמד׳, און אַ ׳מלמד׳ אין דער היים איז געווען אַ ייד אַ טויגעניכץ. אז איינער אין דער היים האָט ניט געקאָנט מאַכן קיין לעבן האָט ער זיך גענומען צו ׳מלמדות׳. ביסטו געקומען און געוויזן דער וועלט, אז א ׳מלמד׳ קען אויך זיין אַ מענטש. ווי דו זעסט, מיין פריינד, האָבן מיר געמאַכט אַ גוטן מסחר. איך האָב דיר אָפּגעריסן פון ׳טייטל׳ און דו דערלאַנגסט מיר די סחורה. איי, וואָס דו האָסט מיך אויסגע־בראַכט אַן עקסטראַ פּאָר פונט מיטן איבערמאַכן די אַפּאַרטמענטס, דאָס הייסט בעסער מאַכן די אַרבעט, זאָל עס דיך ניט קימערן. מיך אַרט עס ניט, אַבי דו גיסט ארויס פיינע ארבעט!...״

מיין רעפּוטאַציע אַלס „פאָרמאַן״ איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. דרייצן מענטשן זיינען געשטאַנען און פלייסיק געאַרבעט. איך קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אז קיין איין מינוט צייט איז ביי קיין איינעם פון זיי ניט געפּטרט גע־וואָרן. איך בין ארומגעגאַנגען אויסגעפּוצט אין ווייסע, ריינע אויבער־קליי־דער פון איין ארבעטער צום צווייטן, געפרעגט פראַגעס ביי יעדן איינעם, געלערנט דעם פאַך פון זיי, געקליבן און געזאַמלט ידיעות, וואָס עס איז מיר שפּעטער גוט צונוץ געקומען. ווען אַן ארבעטער האָט געהאַלטן ביים ענדיקן אַ געוויסע אַרבעט, איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר אים א צווייטע ארבעט מיט אָנווייזונגען וווהין ער זאָל גיין און וואָס ער זאָל טאָן. צווישן אַלע פאַכלייט אויף דער געביידע האָט מען געוווסט וועגן מיר און איך בין גע־וואָרן זייער פּאָפּולער אלס איינער פון די בעסטע „פאָרמאַנס״ אויף דער געביידע.

# מיינע רעיונות זוכן העכערע דערגרייכונגען



עדער מענטש ווערט געבוירן מיט זיין אייגנשאַפט. עס זיינען פאַראַן מענטשן וואָס האָבן ניט קיין אמביציעס און זיי וועלן שטענדיק זיין אן אר־בעטער ביי יענעם. עס קאָן זיך אים מאַכן אין לעבן די בעסטע געלעגנהייטן צו ווערן אליין אן אונטערנעמער, אַ באַלעבאָס פאַר זיך און פאַרדינען „כפל־כפלים״, ווי ער וואָלט עס פאַרדינט ארבעטנדיק ביי יענעם, וועט ער אָט די געלעגנהייט ניט אָננעמען. ער וויל ניט קיין קאָפּ־דרייעניש. ער וויל האָבן אַ רואיקן קאָפּ, אויפשטיין אין דערפרי, גיין צו דער ארבעט, אָפּאַרבעטן די וואָך, באַקומען זיינע שכירות און — אַראָפּ פון מאַרק... אזוי קאָן אזא איינער אָפּאַרבעטן זיין גאַנצן לעבן און זיין צופרידן מיט זיין דאָליע.

פאַראַן אָבער ווידער מענטשן וואָס וועלן בשום אופן ניט ארבעטן ביי יענעם. עס טרעפט אָפּט, אז וועלנדיק זיין אליין אונטערנעמערס וועלן זיי האָבן איין דורכפאַל נאָכן צווייטן. אָבער דאָס שרעקט זיי ניט אָפּ. נאַטיר־

לעך, דער גרעסטער טייל אונטערנעמערס בעסערן אויס זייער עקאָנאָמישע לאַגע. אָבער, ווי געזאָגט, ווען אַזאַ מענטש מיט אַזאַ אייגנשאַפט בשום אופן ניט אַרבעטן פאַר יענעם.

איך געהער צו די מענטשן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. פון דער קאַטעגאָריע אונטערנעמערס. אין אַ קורצער צייט אַרויפּאַרבעטן זיך אין דעם פאַך אַלס „פּיינטער" צו ווערן אַ „פאָרמאַן" איז דאָך אַ גרויסע דערגרייכונג! על פּי שכל האָב איך דאָך געדאַרפט זיין צופרידן. אָבער ניין! מיינע געדאַנקען זוכן שוין עטוואָס העכערס צו דערגרייכן, צו קריכן אַלץ העכער אויפן לייטער פון דערפאָלג. איך קען זאָגן, אַז זינט איך בין אַריין אין דעם „פּיינטער"-פאַך האָט מיין מזל גענומען דורכברעכן פאַר מיר אַ וועג און מיין גליק האָט גענומען שיינען וואָס ווייטער אַלץ מער און מער.

זיין אַ „פאָרמאַן" איז געווען אַ העכערע מדרגה ווי צו זיין אַן איינפאַכער „פּיינטער", אָבער אין מאַטעריעלן זין האָט דאָס ניט געמאַכט קיין גאָר גרויסן אונטערשייד — סך־הכל אין פונט שכירות מער אַ וואָך. מיינע מחשבות יאָגן איינע די אַנדערע און זיי לאָזן מיר ניט רוען. איך קלער: עס זיינען פאַראַן אין דעם פאַך גופא העכערע מדרגות. עס זיינען דאָ איינפאַכע אַרבעטערס און 'פאָרמאַנס'; באַלעבאַטים וואָס אַרבעטן פאַר זיך, האַלטן אַ מענטשן אָדער צוויי און עס זיינען דאָ גאָר גרויסע אונטערנעמערס, קאָנטראַקטאָרס (פּאַדריאַטשיקעס), וואָס אונטערנעמען זיך צו „פּיינטן" גרויסע 10 אָדער 12 שטאָקיקע געביידעס און נאָך העכערע.

איך האָב אָנגעהויבן גענויער זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם „פּיינטינג"-פאַך. נאָך אַ גרינטלעכער אונטערזוכונג האָב איך אויסגעפונען, אַז די גרויסע נייע געביידעס ליגן אויסשליסלעך אין קריסטלעכע הענט. מיט אַנדערע ווערטער: מיט די גאָר גרויסע נייע געביידעס פאַרנעמען זיך נאָר גרויסע אונטערנעמערס וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן" (אָרגאַניזאַציע פון בוי־אונטערנעמערס). אין זייער קאָנסטיטוציע איז געווען אַ פּאַראַגראַף, וואָס יעדער מיטגליד האָט געמוזט אָפּהיטן, ווי להבדיל אַ פרומער ייד „אשרי", אַז יעדער בויער מוז אָפּגעבן די עלעקטרישע אַרבעט, בלעכער־אַרבעט, מאָלעריי־אַרבעט און אַנדערע סוב־קאָנטראַקטן נאָר צו אַזוינע אונטערנעמערס וואָס געהערן צו דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן". אַזוי ווי פון די ייִדישע „פּיינטער"-אונטערנעמערס האָט קיינער ניט געהערט צו דער אויבן־דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע,

איז זיי געבליבן צו טאָן נאָר די אַרבעט פאַר פּריוואַטע מענטשן און פאַר קליינע אונטערנעמערס, וואָס האָבן ניט געהערט צו דער „מאַסטער ביל־דערס אַסאָסיאיישן״.

די יידישע מאָלערס, אַלטע תושבים אין לאַנד ווי אויך ניט־לאַנג אריי־בערגעקומענע פון מזרח־איראָפּע, זיינען נאָך צו אָט דער מדרגה פון אונ־טערנעמען אַ גרויסע געביידע ניט געקומען נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט געהערט צו דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״. האָט עמעצער געדאַרפט איבערמאָלן זיין הויז, האָט ער זיך געווענדעט צו עטלעכע יידישע מאָליערס. צווישן די יידישע מאָליערס פלעגט פאָרקומען אַ קאָנקורענץ, מען פלעגט שניידן די פּרייזן, און דער יעניקער וואָס האָט געגעבן דעם ביליקסטן פּרייז, האָט געקראָגן די אַרבעט. אין מערסטע פאַלן האָבן די קליינע אונטערנע־מערס אליין אָנגעטאָן די אויבערקליידער און צוגעהאָלפן ביי דער אַרבעט, כדי צו פאַרקלענערן די הוצאות.

דאָס לעבן פון די קליינע אונטערנעמערס איז געווען אַ שווערער. שטענדיק געלאָפן זוכן אַן הלוואה כדי צו באַצאָלן דעם ארבעטער שכירות פאַר דער וואָך ארבעט; די חובות אין די פאַרב־געשעפטן זיינען געוואַקסן און עס פלעגט זיי אָנקומען מיט „קריעת ים־סוף דאָס אָפּצאָלן די חובות. מען פלעגט איינצאָלן אין פאַרב־געשעפט פינף פונט און נעמען נייע סחורה פאַר צען פונט. מען פלעגט לייען אין איין אָרט כדי צו דעקן אַ חוב אין אַ צווייטן אָרט. דאָס לעבן פון די קליינע אונטערנעמערס איז געווען אַ געמאַ־טערטער, געלעבט אין די אָרעמע געגנטן פון שטאָט און זיי זיינען געווען פאַררעכנט פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג.

איך האָב אויך געזען ווי די קריסטלעכע „פּיינטינג״־קאָנטראַקטאָרס, די וואָס האָבן געהערט צו דער „מאַסטער־בילדערס אסאָסיאיישן״ האָבן גע־לעבט. זיי זיינען ארומגעפאָרן אין שיינע אויטאָמאָבילן, געלעבט אין רייכע געגנטן, אין שיינע הייזער מיט שיינע גאָרטנס ארום, מיט באַדינערס. מיט איין וואָרט — געווען צוגלייך מיט די רייכע קלאַסן פון לאַנד.

איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צו די הויכע, נייע געביידעס. קוקנ־דיק אויף זיי האָב איך גענומען פּלאַנירן מיין צוקונפט. ערשטנס דאַרף מען ווערן אַ מיטגליד אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״. אָבער ווי אזוי מאַכט מען דאָס? ווי אזוי ווער איך, אַ ייד און דערצו נאָך אַ „גרינער״,

אַ „מאַסטער פּיינטער״? איך האָב באַשלאָסן צו האַלטן זיך אַן עצה מיט מיין פריינד ירחמיאל מיאַדאָווניק. איך קלער אים אויף די לאַגע, אַז אפילו זיין אַ פאַרמאַן זע איך ניט קיין גלענצנדע צוקונפט פאַר מיר. ווערן אַ קליי־נער אונטערנעמער, ווי די יידישע מאַליערס, איז מיר אויך ניט צום האַרצן. איך דערקלער אים אַז מיין ציל איז צו ווערן אַ „מאַסטער פּיינטער״, געפּי־נען אַ וועג ווי אַזוי זיך אריינצוקריגן אין דער אָרגאַניזאַציע פון „מאַסטער בילדערס אסאָסיאיישן״, דאַן וועלן זיין אָפן פאַר מיר „טיר און טויער״...

רחמיאל מיאַדאָווניק באַטראַכט מיך אַזוי מיט באַדויער און צום סוף לאַכט ער זיך פונאַנדער הויך אויפן קול:

„מלמד איינער! עס זיינען שוין דאָ יידן ׳פּיינטינג־קאָנטראַקטאָרס׳, וואָס עקסיסטירן שוין אַ קימא לך פון 40 יאָר. זיי זוכן וועגן ווי אַזוי זיך אריינצובאַקומען אין דער ׳מאַסטער׳־אָרגאַניזאַציע און — קאָנען ניט. דו ביסט ערשט ניט לאַנג געקומען פון דער ׳טייטל׳ און ווילסט שוין ווערן אַ ׳מאַסטער׳; פאַרגעס וועגן דעם, שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ דעם נאַרישן גע־דאַנק. מענטשן וועלן לאַכן פון דיר!״

איך זע אַז מיינע רייד זיינען ארויסגעוואָרפן. איך טראַכט ביי זיך: איך וועל מוזן זוכן אנדערע וועגן ווי אַזוי זיך אריינצובאַקומען אין דער „מאַסטער בילדערס אסאָסיאיישן״. מיין פּלאַן וועל איך ניט אָפּגעבן.

איך האָב גענומען נאָכפאָרשן די סיבות פאַרוואָס זיינען קיין יידן אין דער אָרגאַניזאַציע ניט פאַראַן. צוליב וועלכע חטאים נעמט מען זיי ניט אריין? עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב עס אויסגעפונען. ערשטנס איז דער איינטריטס־אָפּצאָל אין דער אָרגאַניזאַציע זייער אַ הויכער. מיט דעם וואָלטן נאָך די יידישע „פּיינטערס״ זיך אַן עצה געגעבן. די הויפּט־שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ נייער אַפּליקאַנט האָט געדאַרפט האָבן איינעם אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אים פאָרלייגן, און אַ צווייטער זאָל אונטערשטיצן זיין אַפּליקאַציע.. די־אָ שוועריקייטן וואָלט מען נאָך ווי עס איז אויך אריבערגעקומען. אָבער די הויפּט־שוועריקייטן זיינען באַשטאַנען אין דעם וואָס יעדער אַפּליקאַנט האָט געדאַרפט צושטעלן אַ רעקאָרד אַז ער האָט געצאָלט די פולע שכירות זיינע ארבעטער, לויט די געזעצן פון דער בוי־יוניאָן; ער האָט געדאַרפט צושטעלן אַ שכירות־רעקאָרד, וואָס אין יענע יאָרן האָבן די יידישע אונטערנעמערס ניט געהאַט; ער האָט געדאַרפט צו־שטעלן דאָקומענטן אַז זיין אויפפירונג ווי אַן אונטערנעמער איז געווען אין

אָרדענונג; ער האָט געדאַרפט אויפווייזן ביי וועלכע געביידעס ער איז געווען באַשעפטיקט און אחרון־אחרון — וויפל געלט ער פאַרמאָגט אין באַנק.

קיין איין יידישער מאלער־אונטערנעמער האָט אויף די אַלע פראַגן ניט געקאָנט ענטפערן פּאָזיטיוו. און אויב עמעצן פון די יידישע בוי־אונטערנעמערס איז יאָ געלונגען אויסצופילן די אַפּליקאַציע מיט די אַלע פּונקטן, האָט די אונטערזוכונג־קאָמיסיע פון דער אָרגאַניזאַציע געפונען א וועלכע ניט איז פראַגע ניט אין אָרדענונג און די אַפּליקאַציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אָבער איך מוז פעסטשטעלן אז קיין פראַגע פון אנטיסעמיטיזם איז דאָ לחלוטין ניט געווען.

איך האָב זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר די אַלע פראַגן און פּונקטן פון דער אַפּליקאַציע און שטילערהייט גענומען זוכן מיטלען ווי אזוי עס אויסצופילן פּאָזיטיוו. און דאָ האָט מיך מיין מזל ווידער צוגעשפּילט...

* * *

איין טאָג זיצן מיר אזוי אין דער מיטאָג־שעה יעדער מיט זיינע „סענדוויטשעס" אויסגעשפּרייט אויף די קני און מיר האַלטן שוין ביים פאַרענדיקן דאָס עסן און ביז איינס דעם זייגער איז נאָך פאַראן א היפּשע צייט. מען רעדט... מען שמועסט... איבערהויפּט ציט זיך דער שמועס ארום דעם שווערן לעבן, ווי אזוי ראנגלט מען זיך מיטן יקרות, וואָס אפילו איצט, שוין באקומענדיק די פולע שכירות, קלעקט קוים־קוים אויף אויסצוקומען. צווישן די אַרבעטער זיצט אַ מיטליאָריקער ענגלישער מאַן און רעדט. אלע הערן זיך ניי־געריק צו:

„איך בין געווען א גרויסער נאַר. אָט־אָט בין איך שוין געווען אויפן העכסטן שטאַפּל פון לייטער, און מיט איין מאָל אראָפּגעפאַלן עד ׳שאול תחתיה׳. און אלץ צוליב א פריינד, א חבר כלומרשט, וואָס האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט דערמיט וואָס ער האָט מיך אריינגעצויגן אין דער אָפּנאַרערישער שפּיל פון פערד־געיעגן. איך בין שוין געווען אַ ׳מאַסטער פּיינטער׳, אָנגענומען גרויסע קאָנטראַקטן פון געביידעס, מענטשן געהאַלטן, אָבער וואָס איז דערפון געוואָרן? ווי נאָר איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון די ׳פערדלעך׳ האָב איך גענומען גיין באַרג־אַראָפּ. איך פלעג זיך קוים דערוואַרטן אויפן שבת נאָכמיטאָג און לויפן צו די ׳פערדלעך׳. ווו נאָר איך האָב געקאָנט קריגן אַ פּאָר פונט האָב איך אוועקגעטראָגן צו די ׳פערדלעך׳. און אזוי לאַנגזאַם

האָט עס מיך רואינירט. ווילט איר דאָך וויסן וואָס איז געוועזן דער סוף? ווען עס איז געקומען אָנהייב יאָר און איך האָב געדאַרפט אריינטראָגן מיין מיט־גלידס־אָפּצאָל צו דער ׳מאַסטער בילדערס אסאָסיאיישן״, האָב איך ניט גע־האַט קיין פּענע ביי דער נשמה. מיט זיי, מיינע פריינד, איז ניטאָ קיין צערע־מאָניעס. האָסטו ניט מיט וואָס צו צאָלן, איז זיי מוחל און ארויס פון דער אָרגאַניזאַציע. מען דאַרף דאָך אָבער עסן, מוז איך איצט ארבעטן פאַר די נישטיקע ווײדזשעס...״

איך האָב מיט אינטערעס אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און אין מיין קאָפּ איז ווי אַ בליץ דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: אָט דאָס איז עס! דורך אים וועל איך זיך קאָנען אריינבאַקומען אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסי־איישן״... בעת מעשה האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער אַלטער היים:

אין רוסלאַנד האָבן יידן ניט געטאָרט האַלטן קיין טראַקטירן, ווו מען פלעגט פאַרקויפן בראָנפן. אָבער גאָר אַ סך טראַקטירן האָבן געהערט צו יידן. ווי אזוי האָבן זיי עס געטאָן? פּשוט! דער טראַקטיר האָט פאַקטיש געהערט צו אַ יידן, אָבער אָפיציעל איז עס געווען פאַרשריבן ביי דער רעגירונג אויף אַ קריסטלעכן נאָמען. טאָ פארוואָס זאָל איך דאָ ניט קאָנען אויסנוצן די זעל־בע פראָצעדור? אריינדרינגען אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״ טאַקע אויף דעם זעלבן נאָמען פון דעם ענגלישמאַן?

איך בין צוגעגאַנגען צו אים שפּעטער און געזאָגט: „דזשימי, איך וויל מיט דיר האָבן אַ שמועס נאָך דער ארבעט. וואַרט אויף מיר איניקע מינוטן נאָך דער ארבעט ביז איך וועל פאַרטיק ווערן און מיר וועלן זיך דורכריידן וועגן אַ וויכטיקן ענין!״

* * *

נאָך דער ארבעט האָבן מיר זיך פאַרקליבן אין „דזשובערט־פּאַרק״ אונ־טער א שאָטנדיקן בוים. נאָך אַ קורצער ווײלע רוף איך זיך אָפּ צו אים:

„דזשים, איך האָב מיט אינטערעס אויסגעהערט ביי דער מיטאָג־שעה דיין געשיכטע. זאָג מיר, איז דאָס טאַקע אמת אז דו ביסט געווען אַ מיטגליד אין דער „מאַסטער בילדערס׳ אָרגאַניזאַציע? זיין אַ מיטגליד אין אזא אָרגאַניזאַ־ציע איז דאָך אַ גרויסע דערגרייכונג!״

„אוודאי אמת!״ רופט זיך דזשים אָפּ מיט זיכערקייט. „צו וואָס לוינט מיר זיך צו באַרימען פאַר די ׳פּיינטערס׳, זיי וועלן מיר עפּעס ארויסצאָלן?״

„דזשים, זאָג מיר נאָר: איז עס כדאי געווען צוליב עטלעכע פונט מיט־

גלידס־אָפּצאָל צו פאַרטאַכלעווען אזעלכע מעגלעכקייטן און ארויסגיין פון אזא אינסטיטוציע?"

„איך זע אז דו האָסט מיך ניט ריכטיק פאַרשטאַנען. ערשטנס האָט זיך ניט געהאַנדלט אין עטלעכע פונט. דאָס איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין לאַנד וואָס דער מיטגלידס־אָפּצאָל איז זייער אַ הויכער. צווייטנס, דו האָסט דאָך געהערט, אז ווו נאָר איך האָב געקאָנט קריגן אַ פונט האָב איך עס ארויפ־געלייגט אויף די פערד. דריטנס, אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע קאָן זיין דערפאָלגרייך, נאָר ווען מען אַרבעט אין אַ גרויסן פאָרמאַט. און דערצו דאַרף מען האָבן קאַפּיטאַל. וואָלט איך זיך ניט ארייננעלאָזן אין די פערד־געיעגן, וואָלט איך אפשר זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אזוי ווי אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן אָנגעהייבן קליין און זיינען היינט גרויסע קאָנטראַקטאָרס. אָבער מיר, צום באַדויערן, האָט זיך עס ניט איינגעגעבן".

„ווען דו וואָלסט געהאַט דאָס מיטגליד־אָפּצאָל, וואָלט מען דיר איצט אָנגענומען צוריק אלס מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע?"

„אָן צווייפל וואָלט מען מיך אָנגענומען צוריק. קיין אנדערע חטאים ווי נאָר דאָס מיטגליד־אָפּצאָל האָבן זיי ניט צו באַווייזן קעגן מיר".

„הער זיך צו, דזשימי, ווי וואָלט געווען ווען מיר ביידע זאָלן אריין אין שותפות? דאָס הייסט, איך וועל שאַפן דאָס געלט פאַרן מיטגלידס־אָפּצאָל, אָדער ווי דו רופסט עס איינטריטס־אָפּצאָל, דערפאַר אָבער זאָל די נייע אַפּ־ליקאַציע אָנגעגעבן ווערן אויף אונדזערע ביידנס נעמען: פרייזער און טאַ־באַטשניק. ווי מיינסטו, מען וואָלט עס געקאָנט טאָן?"

„דאָס קאָן איך זייער לייכט אויסגעפינען. מאָרגן גלייך נאָך דער ארבעט וועל איך צוגיין צו דער ביוראָ פון דער אָרגאַניזאַציע, כאַפּן א שמועס מיטן סעקרעטאַר — אַגב, איז ער מיינער א גוטער פריינד — און מיר וועלן אַלץ וויסן".

„אייך בעט דיר, דזשימי, טו עס טאַקע גלייך מאָרגן. איך ראט דיר אז דו זאָלסט זאָגן דעם אמת: זאָג אז איך בין דיין פאָרמאַן, איך האָב געלט און מיר ווילן ביידע אריין אין אַ „פאַרטנערשיפּ", אויב מען וועט אונדז ביידן אָננעמען ווי מיטגלידער אין דער 'מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן'. אָבער גיי נאָר מיטן אמת. מיין מאַמאַ איז — מיטן אמת קאָן מען אַ סך דערגרייכן. אגב קאָנסטו אים דערציילן די מעשה מיטן 'בעק־פּיי' וואָס איך האָב אויפ־געטאָן".

„גוט!“ האָט דזשים געענטפערט זייער א צופרידענער. „מאָרגן נאָך דער ארבעט וועל איך שוין זיין אין ביוראָ און זיך זען מיטן סעקרעטאַר. איבערמאָרגן וועל איך דיר ברענגען א גענויעם באַריכט“.

אויפן דריטן טאָג איז דזשימי געקומען צו דער ארבעט אַ פריילעכער. ער האָט מיט אלע איינצלהייטן מיר איבערגעגעבן דעם געשפרעך וואָס ער האָט געהאַט מיטן סעקרעטאַר, און די גוטע האָפענונגען וואָס ער האָט אים געגעבן. דער סעקרעטאַר האָט אים געהייסן אָנגעבן אַן אַפּליקאַציע אין אונדזערע ביידנס נעמען, קלאָר אויספילן אלע פראגן און פונקטן, ווי אויך אָנגעבן די אונטערשריפטן פון איין מיטגליד, וואָס זאָל אונדז רעקאָמענדירן און א צווייטן מיטגליד וואָס זאָל אונדז באַשטעטיקן. ער האָט מיר אויך פאַרזיכערט, אז לויט זיין מיינונג וועלן קיינע שוועריקייטן ניט געמאַכט ווערן, ווייל — האָט ער מיר דערקלערט — די אפליקאַציע וועט זיין נאָר אַ ווידער־באַנייאונג, ווייל איך בין דאָך שוין געווען א מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע.

„וואָס שייך דיין מיטגלידערשאפט, האָט דער סעקרעטאַר דערקלערט, וועט, לויט זיין מיינונג, אויך קיין פראָבלעם ניט זיין. אַלס ׳פאָרמאַן׳ האָסטו ניט געקאָנט האָבן קיין גרויסע ׳עבירות׳ אין שייכות מיטן צאָלן די געהעריקע שכירות. פאַרקערט, די מעשה מיט די ׳בעק־פיי׳, וואָס דו האָסט אויפגעדעקט און טאַקע אָפּגעשטעלט, וועט נאָך געוויס זיין אַ מיטהילף לטובת דיין אָנגענומען ווערן.

„וואָס שייך די צוויי אונטערשריפטן וואָס מיר דאַרפן קריגן, האָב איך קיין שום זאָרג ניט. איך בין מיט אַלעמען באקאנט און מיט אלעמען אין פריינדלעכע באַציאונגען. דאָס איינציקע וואָס עס פעלט אונדז איצט איז מזומנים. ווי נאָר דו וועסט מיר צושטעלן די נויטיקע סומע וואָס מיר דאַרפן איינצאָלן צו דער אָרגאַניזאַציע, וועל איך זיך גלייך נעמען אלץ צו דערליידיקן“.

# איך ווער „מאַסטער"

א
ין איניקע וואָכן ארום איז דזשימי פרייזער געקומען צו דער ארבעט כמעט אָן אָטעם. מיט פרייד דערלאַנגט ער מיר אַ שלום־עליכם: „מזל־טוב! מיר זיינען אָנגענומען געוואָרן!" ער גיט מיר איבער דעם צירקולאַר וואָס ער האָט באַקומען פון דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן", וואָס האָט זיך געלייענט אזוי:

„חשובע הערן מ"ר פרייזער און מ"ר טאַבאַטשניק. דערמיט האָב איך דעם כבוד אייך צו מעלדן, אז אויף דער לעצטער עקזעקוטיוו־זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען די און די דאַטע, איז באַשלאָסן געוואָרן אז די אפליקאַציע פון דער ‚פיינטינג' פירמע — פרייזער און טאַבאַטשניק — איז אָנגענומען געוואָרן. פון דער און דער דאַטע ווערט איר אָפיציעלע מיטגלידער פון דער ‚מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן'. אַלע וויטערדיקע פונקציעס פון דער אָרגאַניזאַציע וועט אייך געמאָלדן ווערן. מיר ווינטשן אייך דער־

פּאָלג און גליק אין אייערע ווייטערדיקע אונטערנעמונגען״. דערביי איז ביי־געלייגט געווען אַ בראָשור מיט רעגולאַציעס פון דער אָרגאַניזאַציע און מיט די בעסטע ווונטשן, אונטערגעשריבן פון דעם סעקרעטאַר.

איך מיט דזשימין האָבן ווידער אַמאָל זיך גראַטולירט און מיט אַ געהויבענער שטימונג זיינען מיר אוועק אויספירן דעם טאָג ארבעט. אין אַ פּאָר שעה ארום, מען רופט מיך אין ביוראָ פון דער געביידע.

מיאַדאָווניק האָט מיך ארומגעכאַפּט מיט פרייד און מיט אַ „מזל־טוב״ אויסגעשריען:

„זאָג נאָר, ווי אזוי האָסטו דאָס דערגרייכט? איך האָב נעכטן באַקומען אַ צירקולאַר פון דער ׳מאַסטער בויערס־אָרגאַניזאַציע׳, ווו מען לאָזט אַלע מיטגלידער וויסן וועגן דער נייער ׳פּיינטינג׳־פירמע, וואָס איז אָנגעשלאָסן געוואָרן. איך לייען די נעמען און איך גלויב ניט מיינע אויגן... איך זע דיין נאָמען — פּרייזער און טאַבאַטשניק... דו ווייסט, דו האָסט געשאַפן געשיכטע. דו ביסט דער ערשטער ייד וואָס איז אריינגעטראָטן אין דער ׳פּיינטער׳־סעקציע. דו האָסט דאָך פּשוט וווּנדער באַוויזן!״ ער האַלט מיך אין איין קלאַפּן אין פּלייצע. „נו, זאָל זיין מיט גליק! איצט זיינען פאַר דיר אָפן טיר און טויער. פון היינט אָן קאָנסטו פּרייזן און אָננעמען די גרעסטע געביידעס, רעגירונגס־ארבעט, מוניציפּאַליטעט־ארבעט און וואָס נאָר דיין האַרץ גלוסט. די עטלעכע יידישע „מאַסטער־בויערס׳ וועלן אויפנעמען די נייעס מיט דער העכסטער צופרידנקייט!... אָבער זאָג מיר, ווי אזוי טראַכסטו אָנהייבן דיין נייעם געשעפט?״

„דאָס ווייס איך נאָך ניט, ה׳ מיאַדאָווניק. איך בין נאָך אזוי צעטומלט, אז איך ווייס ניט אויף וואָסער וועלט איך בין!״...

„הער זיך צו״, זאָגט מיר ה׳ מיאַדאָווניק, „איצט איז קיין צייט ניטאָ וועגן דעם ריכטיק אַ שמועס טאָן. מען דאַרף דעם ענין גוט באַטראַכטן. קום אריבער אָן אָוונט צו מיר אַהיים, מיר וועלן האָבן אַ גלעזל טיי און מיר וועלן זען וואָס מען קאָן טאָן, כדי אַ שטופּ צו טאָן דעם וואָגן, ער זאָל זיך אַ ריר טאָן...״

אין אָוונט זיץ איך ביי מיאַדאָווניקן אין הויז און מיר שמועסן ווי אזוי אָנצוהייבן אונדזער נייעם געשעפט אויף אַ לייטישן אופן. דאָ האָט דער גוט־האַרציקער מיאַדאָווניק ארויסגעוויזן זיין טיפן אינטערעס און אינערלעכע

באַפרידיקונג ווען ער איז בכח צו טאָן עמעצן אַ טובה, באַזונדערס נאָך — ווען יענער איז אַ פריינד.

„אז דו האָסט ניט קיין געלט אָנצוהייבן אַליין דאָס געשעפט ווייס איך דאָך. אז דיין שותף דזשים פרייזער האָט ניט קיין געלט ווייס איך אוודאי" — האָט מיאַדאָווניק אָנגעהויבן פונאַנדערוויקלען זיין פּלאַן. „אָבער מיין ניט אז איך האָב וועגן דיר ניט געטראַכט. און איך האָב זיך טאַקע צו עפּעס דער־טראַכט: ראשית דאַרפסטו מיר פאַרענדיקן די געביידע ביי וועלכער דו ביסט איצט באַשעפטיקט. איך האָף אז דאָס וועט ניט נעמען צו לאַנג. מיין עצה איז: ווען דו וועסט דאַרפן אָפּצאָלן די מענטשן פון דער אַרבעט, זאָלסטו די בעסערע ׳פּיינטערס׳ ניט אָפּזאָגן. איך האָב שוין אָנגעגרייט פאַר דיר מיט דיין שותף אַ נייעם ׳דזשאָב׳ — אַ האָטעל אין ברעקפּאַן, וואָס וועט אין איינ־קע וואָכן ארום זיין פאַרטיק אָנצוהייבן מאָלן. איך וויל אז איר בײדע זאָלט אריבערפאָרן קיין ברעקפּאַן און זיך באַקענען מיטן ׳דזשאָב׳, קוקט זיך ארום און גיט מיר אַ פּרייז. איך האָף אז איר וועט מיר ניט באַרייסן. און אויב דער פּרייז וועט ניט זיין איבערגעטריבן, איז דאָך אוודאי רעכט... יעצט שטעלט זיך די פראַגע: ווו וועט איר די ערשטע וואָכן נעמען געלט צו צאָלן שכירות די אַרבעטער? איך האָב באַשלאָסן אייך ארויסצוהעלפן. די ערשטע צייט וועל איך צאָלן די אַרבעטער. אַלזאָ, די הויפּט־שוועריקייט איז שוין גע־לייזט! ווייטער די פראַגע וועגן מאַטעריאַל — ווי פאַרב וכדומה — דאָס איז שוין אַ לייכטערער ענין. גייט אריבער אין איינִיקע „האָלסייל׳ (הורט) געשעפטן און עפנט אויף אַ קאָנטאָ. איך וועל פאַר אייך גאַראַנטירן! און אָט האָסטו שוין אַ פאַרטיקן עטאַבלירטן געשעפט!"

איך בין געבליבן זיצן שטום, ניט געקאָנט ארויסריידן אַ וואָרט פון באַגייסטערונג. איך בין געקומען אַ ביסל צו זיך און אַ זאָג געטאָן צו רחמיאלן: „דו ווייסט, אז מען קען דיך דאַרף מען ווייט ניט זוכן די ל"ו צדיקים, וואָס צוליב זייער זכות האַלט זיך די וועלט. דו ביסט איינער פון זיי!"

„נו, גענוג! גיי אַהיים און גריס דיין שיין ווייבל. זאָג איר אין מיין נאָמען, אז אַלץ וועט זיין ׳אָללרייט׳! קאָנסט איר אויך זאָגן, אז דער אַרכי־טעקט מאָריס קאָהען זאָגט נביאות וועגן דיר, אז דו וועסט ווערן איינער פון די גרעסטע ׳פּיינטינג׳־קאָנטראַקטאָרס דאָ אין לאַנד. ער זאָגט אז מענטשן וועלן עס האַלטן פאַר אַ כבוד צו טאָן געשעפטן מיט דיר. וועסט

זען, מען וועט נאָך שטיין אין ריי און וואַרטן ביז דו וועסט אָננעמען אַרבעט ביי עמעצן !...״

* * *

די געביידע ווו מיר אַרבעטן האַלט שוין ביים פאַרענדיקט ווערן. מיר מאַכן הכנות אָנצוהייבן דעם האָטעל אין ברעקפאָן. איך מיט מיין שותף קו־מען אריין אין דער פאַרב־פירמע „גראַנט און ראָגאָף״ כדי צו עפענען אַ קאָנטאָ צו באַקומען פאַרב און אַנדערע נייטיקע מאַטעריאַלן אויף קרעדיט. ווען דער אייגנטימער מ״ר ראָגאָף האָט אונדז ביידן אזוי באטראַכט, האָט ער מיר אַ ווונק געטאָן אריינצוקומען ביי אים אין ביוראָ און האָט פאַרפירט מיט מיר דעם פאָלגנדיקן שמועס:

„איר ווייסט ווער אייער שותף איז? קענט איר אים שוין אַ לאַנגע צייט?״

„יאָ״, ענטפער איך אים. און איך דערצייל מ״ר ראָגאָפן וועגן אונדזער באַקאַנטשאַפט פון אָנהייב ביזן סוף. איך דערצייל אז ער האָט געאַרבעט ביי ה׳ מיאַדאָווניקן אויף אַ געביידע, ווו איך בין געווען „פאָרמאַן״. ווי אזוי איך האָב זיך דערוווּסט אז ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער בויערס־אָרגאַניזאַציע און ווי אזוי איך בין דורך אים אָנגענומען געוואָרן אַלס מיט־גליד אין דער־אָ אָרגאַניזאַציע, וואָס דאָס מיינט זייער פיל פאַר מיין צו־קונפט. איך זאָג אים אז זינט איך האָב אים דערקענט, האָט ער אויף מיר געמאַכט ניט קיין שלעכטן איינדרוק. און איך וויל וויסן צוליב וואָס ער פרעגט זיך נאָך אזוי אויף אים?

„פון אייערע רייד זע איך, אז איר קענט אים ניט!״ זאָגט מיר מ״ר ראָגאָף. איך קען אים זייער גוט. איך ווייס אז ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער בויערס־אָרגאַניזאַציע, ער קומט מיר נאָך אפילו עטלעכע צענדליק פונט פאַר מאַטעריאַל וואָס איך האָב אים געגעבן אויף באָרג. אָבער, מיין פריינד, דאָס איז נאָך ניט אַלץ וואָס איך וויל אייך זאָגן. צי ווייסט איר, אז דער זעלביקער דזשימי פרייזער האָט געהערט צו דער באַוווּסטער ׳פאָסטער׳ רויבער־באַנדע? צי ווייסט איר, אז דער זעלבער דזשימי פרייזער איז שוין געזעסן ארום 6 יאָר אין תפיסה? איך זע אז איר זייט אַן אָרנטלעכער יידי־שער יונגערמאַן, געפין איך פאַר נייטיק אייך אויפמערקזאַם צו מאַכן מיט וועמען איר האָט דאָ צו טאָן. אויף יעדן פאַל, דעם ׳אַקאַונט׳ מיט דער גאַ־

ראַנטיע פון מ״ר מיאַדאָווניק נעם איך אָן, אָבער נאָר אויף אייער נאָמען אליין...״

אויף מיין פּנים האָבן זיך גענומען בייטן קאָלירן פון אַ רעגנבויגן. איך בין דערשיטערט געוואָרן דערהערנדיק אָט דעם גרוס פון אַ מענטשן, מיט וועמען איך גיי פאַרבינדן מיין צוקונפט אין אַ געשעפט. מ״ר ראַגאָף האָט געזען מיין צעדרודערונג און זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר פאַר דעם פאַר־דרוס וואָס ער האָט מיך פאַרשאַפט: „איך פאַרשטיי אייך זייער גוט״, האָט ער צו מיר געזאָגט, „אָבער איך האָב געמוזט אייך אויפקלערן מיט וועמען איר גייט זיך פאַרבינדן אין אַ געשעפט. איך בין זיכער, אַז וויסנדיק מיט וועמען איר האָט צו טאָן, וועט איר זיין מער פאָרזיכטיק, כדי צו פאַרהיטן אייערע אייגענע אינטערעסן. איר וועט מיר נאָך דאַנקבאַר זיין פאַרן אויפ־דעקן פאַר אייך דעם סוד!״

„אָבער ווי אזוי האָט אזא מענטש געקאָנט אָנגענומען ווערן אַלס מיט־גליד אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״? פרעג איך מ״ר ראַגאָפן. „ביים ווערן אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע זוכט מען און מען זיפּט, און דער קלענסטער חטא איז שוין אַ שטער אריינצוקומען אין דער אָרגאַניזאַציע. און אויסגעשלאָסן האָט מען אים בלויז פאַרן ניט צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל. והראיה — מען האָט דאָך אים איצט, צוזאַמען מיט מיר, ווידער אָנגענומען״.

„דאָס איז אַ סוד וואָס נאָר געציילטע מענטשן וויסן דערפון. נאָך זיין ארויסגיין פון טורמע האָט ער אומגעביטן זיין נאָמען פון ׳פּאָסטער׳ אויף ׳פרייזער׳. אין דעם האָט ער אויך באַוויזן איבערצוקליגן די אויטאָריטעטן. וואָס עס זאָל אָבער ניט זיין, ווינטש איך אייך גליק. איך בעט אייך, צוליב אייערע אייגענע אינטערעסן, האַלט אייערע אויגן אָפן און זעט וואָס איר האָט צו טאָן!״

איך בין ארויס פון ראַגאָפס ביוראָ און איבערגעגעבן מיין שותף, אז דער ׳אַקאַונט׳ איז געעפנט געוואָרן און מיר קאָנען באַשטעלן וואָס מיר דאַרפן פאַרן האָטעל אין ברעקפּאָן. זיי וועלן אַלץ צושטעלן צו דער צייט.

מיין שותף מיט אייניקע מענטשן האָבן אָנגעפאַנגען אַרבעטן אין ברעק־פּאָן — שוין אויף אונדזער אייגענעם חשבון. יעדן פרייטיק שטעלט ער צו אַ חשבון וויפל ער דאַרף אויסצאָלן שכירות די ארבעטער. איך גיב איבער דעם חשבון ה׳ מיאַדאָווניקן און ער דערליידיקט עס. דערווייל האָב איך פאַרענדיקט די געביידע, ביי וועלכער מיר זיינען געווען באַשעפטיקט און

איך האָב אוועקגעשטעלט מיין גוטן פריינד און ארבעטער, הערי ראָהלאנד מיט נאָך אַ פּאָר מענטשן אָנצוהייבן אַ נייע צווײ־עטאַזשנע הויז — אויף פאר מיאַדאָווניקן — אין איינעם פון די רייכסטע פּאַרשטעט פון יאָהאַנעסבורג, האָוטאָן, אויף אויף די זעלביקע באַדינגונגען: מ״ר מיאַדאָווניק צאָלט די ארבעטער שכירות און איך שטעל צו די מאַטעריאַלן וואָס זיינען נייטיק. איך האָב געעפנט אַן „אַקאַונט״ אין א צווייטן פאַרב־געשעפט און דער אָנהייב איז שוין געמאַכט געוואָרן.

מיין שותף גיט מיר איבער דורך מיאַדאָווניקן אז די אַרבעט אין ברעקפאַן גייט זייער גוט און ער האָפט אז מיר וועלן מאַכן אַ גוטן פּראָפיט. אליין פאָרן אין ברעקפאַן אונטערזוכן די ארבעט פון האָטעל דאָרט האָב איך קיין צייט ניט געהאַט. אגב, האָט מיין שותף אָנגענומען איבערצומאָלן אַ הויז פון זיינעם אַ באַקאַנטן. איך האָב עס געדאַרפט מאַכן, ווייל ער איז געווען פאַרנומען אין ברעקפאַן.

איך האָב דאָס הויז פיין אויסגעמאָלט און די באַלעבאַטים זיינען געווען צופרידן. איך האָב געבעטן מיין שותף דזשימין ער זאָל אָפּנעמען דאָס געלט. „נעם״, זאָג איך צו אים, „דיין ׳מזוזה׳ אין קעשענע און גיי ברענג דאָס געלט!״ (מיין שותף האָט געהאַט אַן אָבערגלויבעניש: שטענדיק ווען ער האָט באַדאַרפט אויספירן אַ געוויסע שליחות פלעגט ער מיטנעמען אַ מזוזה און ער פלעגט שטענדיק מצליח זיין. ער איז געווען אין דעם אזוי איינגעגלייבט, אז איין מאָל, ווען ער האָט געדארפט אויספירן אַ וויכטיקן עניך, און ווען ער איז שוין באַלד געווען אויפן אָרט צו טרעפן זיך מיט די מענטשן, האָט ער זיך געכאַפּט אז ער האָט פאַרגעסן די מזוזה, איז ער צוריק געלאָפן אהיים און עס מיטגענומען, פאַר מזל־וועגן).

מיין שותף זאָגט מיר אז דאָ אין לאַנד פירט זיך ניט אזוי. מען לויפט ניט גלייך אָפּנעמען דאָס געלט פאַר אַן אָפּגעטאָנענע ארבעט. מען שיקט אריין א חשבון און מען וואַרט ביזן ערשטן פון חודש. אַ ברירה האָב איך? מען מוז וואַרטן. נאָכן ערשטן קומט דזשימי מיט אַ פּיזמון: ער האָט געזען דעם באַלעבאָס פון הויז און ער האָט אים אָפּגעלייגט ביז נאָכן 15טן. נאָכן 15טן — ווידער ביזן ערשטן. אזוי האָט ער מיר גענומען ציען מיטן געלט, ביז מיר איז איינגעפאַלן א געדאַנק אליין אריבערצוגיין צום באַלעבאָס פון הויז וואָס איך האָב אויסגעמאָלט און פרעגן אים וואָס הערט זיך מכוח דאָס געלט פאַר דער אַרבעט? דער באַלעבאָס פון הויז האָט מיך אָנגעקוקט פאַר־

וואונדערט און געוויזן מיר אַ קבלה פון מ״ר פרייזער, אז דאָס געלט האָט ער באַקומען גלייך ווי דאָס הויז איז פאַרענדיקט געוואָרן...

* * *

איך האָב זיך דערמאָנט אָן מ״ר ראַגאָפּס מעשה וועגן מיין שותף און איך האָב געטראַכט ווי מיאוס ער, פרייזער, האָט מיך אָפּגענאַרט... אָפּצו־נעמען דאָס געלט פאַר אַרבעט וואָס איך האָב געמאַכט, באַצאָלט די אַרבע־טער שכירות פון דער אייגענער קעשענע, באַצאָלט פאַר מאַטעריאַלן, און ער זאָגט מיר אז דאָס געלט האָט ער ניט געקראָגן! דאָס הייסט דאָך פשוט — גניבה... איך בין גלייך אוועקגעפאָרן קיין ברעקפּאָן זיך זען מיט אים און הערן זיין דערקלערונג וועגן דעם ענין... אין ברעקפּאָן דערוויס איך זיך אז אויף דער געביידע אַרבעטן בלויז צוויי אַרבעטער און אַלע פרייטיק שטעלט ער מיר צו אַ רעכענונג פאַר שכירות פאַר 4 ארבעטער. דאָס געלט פאַר די פיקטיווע 2 ארבעטער פלעגט ער צונעמען פאַר זיך... ווידער אַ מיאוסע גניבה!...

אויף דער הייסער מינוט האָב איך אים אָן צערעמאָניעס צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט:

„דזשים, דאָס געלט פאַרן הויז וואָס איך האָב געמאַכט, אויסגעצאָלט פאַר 'ווידזשעס' און מאַטעריאַלן, האָסטו שוין לאַנג אָפּגענומען און מיר גע־זאָגט אַ מיאוסן ליגן, אז דאָס געלט קומט אונדז נאָך. דער באַלעבאָס פון הויז האָט מיר געוויזן אַ קבלה, פון דיר אונטערגעשריבן, פאַר דער סומע געלט. אַלע פרייטיק שטעלסטו מיר צו אַ רעכענונג פאר 4 ארבעטער שכי־רות, אין דער צייט ווען די גאַנצע צייט האָבן געארבעט מער ניט ווי 2. דאָס געלט פאר די 2 מענטשן, ווי אויך דאָס געלט פאַר דעם הויז האָסטו, וואַר־שיינלעך אוועקגעטראָגן צו די פערד־געיעגן! אפנים, דזשים, אז דער וואָלף קען בייטן זיין פעל, אָבער ניט זיין נאַטור. מאָרגן פרי גיי איך גלייך צום סעקרעטאַר פון דער 'מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן' און איך דערצייל אים פון אַלע דיינע 'מעשים טובים' און איך וועל אים בעטן ער זאָל מאַכן א סוף צו אונדזער שותפות".

„טו עס ניט, איך בעט דיר", האָט ער מיך אָנגענומען ביי די לאַצן און גענומען טרייסלען. "זיי וועלן אונדזביידן אויסשליסן פון דער אָרגאַני־זאַציע!"

„מיר איז אַלץ איינס", האָב איך געענטפערט. „איך האָב סיי־ווי באַשלאָסן ארויסצוגיין פון דעם שותפות. איך וועל בעסער אין גאַנצן פאַרלאָזן דעם פאַך, איידער דו וועסט מיך מאַכן 'געבראָכן'. איך וועל בעסער זוכן עפּעס אנדערש צו טאָן"...

אויף מאָרגן פרי בין איך אַוועק צום סעקרעטאַר אין ביוראָ. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש און האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען. ביי אַ גלעזל טיי האָב איך אים דערציילט וועגן מיינע ערשטע טריט אין מיין געשעפט מיט מיין שותף, מ"ר פרייזער. איך האָב אים דערציילט וועגן מיין שותפס „מעשים טובים" און זיינע מעלות. איך האָב געבעטן אים אויב מעגלעך זאָל די עקזעקוטיווע פון דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן" מיר געבן אַ דערלויבעניש צו בלייבן, דאָס הייסט איך וועל זיך פונאַנדערטיילן מיט מיין שותף און בלייבן אין דער אָרגאַניזאַציע און פירן דאָס געשעפט אליין. אויב דאָס איז ניט מעגלעך, וועל איך זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די אָרגאַניזאַציע און ליקווידירן דאָס געשעפט.

דער סעקרעטאַר איז געווען זייער סימפּאַטיש צו מיר. ער האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט און מיר געגעבן האָפענונגען, אז אויב אַלץ וואָס איך האָב דערציילט איז אמת, וועט, לויט זיין מיינונג, מ"ר פרייזער ווערן אויסגעשלאָסן פון דער אָרגאַניזאַציע. אָבער אין שייכות וועגן מיין פאַרבלייבן אין דער אָרגאַניזאַציע וועט דאַרפן באַשטימען די עקזעקוטיווע. דערביי האָט ער מיר פאַרזיכערט, אז אין איניקע טעג ארום וועלן מיר קריגן מעלדונגען וועגן קומען און ברענגען אונדזערע טענות פאַר דער עקזעקוטיווע.

אין א קורצער צייט ארום זיינען מיר פאַררופן געוואָרן צו אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע. מיר זיצןביידע, איך מיט דזשים פרייזער ביים טיש. דער פאָרזיצער גיט דאָס וואָרט מ"ר פרייזערן. ער וויל הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

דזשימי פרייזער האָט גענומען דרייען מיטן צונג. ער האָט געפּרובירט זוכן תרעומות אויף מיר, אָבער האָט ניט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך געפּלאָנטערט מיט זיינע רייד. ער האָט זיך סותר געווען און אזוי זיך פאַרדרייט אז ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט זיך ארויספּלאָנטערן. דער פאָרזיצער האָט אים אָפּגעשטעלט און מיר געגעבן דאָס וואָרט, איך זאָל דערציילן די סיבות פאַרוואָס איך וויל זיך אָפּטיילן.

איך האָב קיין רעדעס ניט געהאַלטן. איך האָב בלויז דערציילט די צוויי פאַקטן וואָס מיין שותף האָט אָפּגעטאָן: אָפּגענומען דאָס געלט פאַר דעם הויז וואָס איך האָב אויסגעפּאַרבן אָן מיין וויסן און פאַרשפּילט אויף די „רייסעס", אין דער צייט ווען איך האָב באַצאָלט די אַרבעטער און פאַר מאַ־טעריאַלן פון מיין אייגענער קעשענע, און די ברעקפּאַן־גניבה, וואָס ער האָט באַשעפטיקט צוויי מענטשן און ביי מיר גענומען שכירות פאַר פיר.

קאָנסטו אָפּלייקענען די באַשולדיקונגען וואָס מ"ר טאַבאַטשניק האָט דאָ געבראַכט קעגן דיר?" האָט דער פאַרזיצער געפרעגט.

דזשימי פרייזער האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן.

„די עקזעקוטיווע וויל הערן פון איך, מ"ר פרייזער, אויב אַלץ וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן קעגן איך פון אייער שותף איז אמת אָדער ניט?" האָט דער פאַרזיצער אויפגעהייבן זיין שטימע.

מ"ר פרייזער זיצט און ענטפערט ניט.

„מיר בעטן איך פאַרלאָזן דעם צימער אויף אַ קורצער צייט. באַלד וועלן מיר איך אריינרופן און איר וועט אויסהערן אונדזער באשלוס!"

מיר זיינען געזעסן ווי צוויי פרעמדע און ניט געקוקט איינער אין צווייטנס זייט. מען רופט אונדז אריין, און מיר פאַרנעמען אונדזערע פריי־ערדיקע ערטער.

„נאָכן אויסהערן איךביידן און נאָכן באַטראַכטן אייער סיכסוך", האָט דער פאַרזיצער געמאָלדן, „האָבן מיר איינשטימיק אָנגענומען דעם פאָלגנ־דיקן באַשלוס: מ"ר דזשים פרייזער ווערט אויסגעשלאָסן פון דער אָרגאַ־ניזאַציע און מ"ר מ. טאַבאַטשניק בלייבט און קאָן אָנפירן מיט זיין געשעפט אויף זיין אייגענעם נאָמען!"...

# איך באַזיג מיינע שוועריקייטן

דער לייטער, אויף וועלכן איך קלעטער צו דערגרייכן אַ מענטשלעכע עקסיסטענץ, וואַקלט זיך... דער ערשטער אָנהייב איז גאָר ניט געווען קיין געלונגענער. פון איין זייט טאַקע — אַזאַ דערגרייכונג? קיין אַנדער יידישער מאלער, וואָס איז שוין אין דעם פאַך צענדליקער יאָרן, האָט דאָס ניט געקאָנט דערגרייכן. און איך האָב עס יאָ דערגרייכט! איך בין איצט אַן אָפּיציעלער „מאַסטער־פיינטער", אויף מיין אייגענעם נאָמען און פאַר מיר זיינען ניט פאַראַן קיינע באַגרענעצונגען. אַלע טירן און טויערן זיינען אָפן פאַר מיר.

אָבער פון דער צווייטער זייט, דאָס דערגרייכן זיך אריינצוקריגן אין דער אָרגאַניזאַציע דורך מיין שותף, האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן. אמת, ניט מיינע אייגענע געלט, נאָר געליענע. פון דער שותפותדיקער אַרבעט, וואָס מיר האָבן אויסגעפּאַרטיקט, האָט מיך מיין שותף בדלות געשטעלט. איך קום

געלט פאַר מאַטעריאַלן אין הורט־פאַרב־געשעפטן. דערצו נאָך, זייענדיק בשותפות נאָך מיט מ״ר פרייזערן האָב איך אָנגענומען אַ 12־שטאָקיקע גע־ביידע אין אילאָף־גאַס — „פּאָליאַקס קאָרנער״, און איך ווייס אפילו ניט ווי אזוי מען טרעט צו צו אזא גרויסער געביידע ארבעטן. קיין געלט האָב איך ניט. איך דריי זיך און וואַרף זיך אויף אַלע זייטן, ווי אַ שלאַנג. ביי איינעם באָרג איך און מיטן געלט צאָל איך אָפּ אַ צוויטן. מיינע פריינד און באַ־קאַנטע אין יאָהאַנעסבורג זיינען שוין „באַאַרבעט״ פון מיר... שוין ביי אלע־מען אָנגעליען... איך דערמאָן זיך, אז כדי צו קריגן אַ גמילת־חסד האָב איך געדאַרפט פאַרן קיין בענאָני, ווו איך האָב געקראָגן אַ הלוואה פון 15 פונט ביי מיין פריינד משה זיסקינד.

גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ צוויטן שותף — אַ ייד. זייער א געניטער באַלמעלאָכע אין דעם פאַך, שוין צו געניט. און וואָס „צו״ איז אומגעזונט. ער האָט געוואָלט דורך מיר זיך אריינבאַקומען אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״, האָט ער קיין ברירה ניט געהאַט און זיך געמוזט ווענדן צו מיר וועגן ווערן „שותפים״.

מיין קלוגע ווייב האָט זיך געבעטן ביי מיר: „גיי ניט אין שותפות מיט אים. עס וועט דיר צו טייער קאָסטן אזא שותפות... דו האָסט דאָך שוין איינ־מאָל באַצאָלט ׳רבי־געלט׳ אַ שותף!״ זי איז געווען גערעכט. איך האָב דאָס אליין פאַרשטאַנען, אָבער איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט. ערשטנס, האָט ער מיר פאַרזיכערט אז ער וועט פינאַנסירן דאָס געשעפט. אָבער די הויפּט־זאַך וואָס האָט מיך געצוווּנגען אריינצוגיין מיט אים אין שותפות איז געווען: געניטשאַפט צו פירן אזא געשעפט און די ידיעות וואָס איך וועל לערנען פון אים...

איך בין אריין מיט אים אין שותפות. און עס האָט זיך אויסגעלאָזט פונקט ווי מיין ווייב האָט נביאות געזאָגט און ווי איך אליין האָב זיך פאָרגע־שטעלט. אונדזער שותפות האָט מיך ווידער געקאָסט א סך געלט, וואָס איך האָב ניט פאַרמאָגט. דערפאַר האָב איך פון אים אַ סך געלערנט אויף אזוי פיל, אז איך האָב שוין געקאָנט אליין זיך שטעלן אויף מיינע פיס. איך האָב פאַרשריבן די פרייזן און ווי אזוי אויסצואַרבעטן אַ פרייז פון אַ נייער געביי־דע. איך האָב געלערנט די פּראַקטישע און אויך די טעאָרעטישע זייט פון דעם פאַך. ווי נאָר ער איז דורך מיר אריין אין דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן״ האָט ער דורך פאַרשיידענע תירוצים מיך ארויסגעשטופּט פון

דעם שותפות אונדזערן און מיר האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט. פינאַנסיעל בין איך טאַקע אריין „בגפו יבוא״, אָבער ארויס בין איך נאָך אַ גרעסערער בעל חוב...

* * *

איך האָב אָבער די האָפענונג און מוט ניט פאַרלוירן. איך בין געגאַנגען דעם „דערנער־וועג״ אַנטקעגן מיט אַ גלויבן, אַז איך וועל דורכברעכן פאַר זיך אַ וועג דורך די אַלע שטרויכלונגען... איך קלאַמער זיך מיט ציין און נעגל צו דעם וואָס איך האָב דערגרייכט ביז אַהער. איך זע פאַר זיך גרויסע מעגלעכקייטן און אַ ליכטיקע צוקונפט... איי, עס האָט מיר ניט אָפגעגאָלטן מיט מיינע צוויי שותפים? דערפאַר האָב איך דאָך אָבער דערגרייכט צוויי גרויסע זאַכן: ערשטנס, בין איך געוואָרן אַ מיטגליד אין דער גרויסער בוי־אָרגאַניזאַציע פון לאַנד דורך איין שותף. און דער צווייטער האָט מיך, ניט ווילנדיק און אפילו ניט וויסנדיק, אליין געוויזן און געלערנט ווי צו שטעלן זיך אויף מיינע אייגענע פיס, וואָס צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ קאָלאָסאַלע דערגרייכונג. איך בין אוועק איינער אליין אויף דעם שווערן וועג, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט פאַר דער צוקונפט אַן עקסיסטענץ דורך אַרבעט.

איך מוז אָבער צוגעבן, אַז מיין פריינד רחמיאל מיאַדאָוניק האָט מיר שטענדיק געהאָלפן מיט ראַט און טאַט ביז... צו אונדזער אלעמענס גרויסן באַדויערן און סורפּריז איז ער געצווונגען געווען, צוליב געוויסע ניט־פאַרויסגעזעענע סיבות, צו ליקווידירן צייטווייליק זיין גרויסע בוי־אונטערנעמונג און דורך דער ליקווידאַציע איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען מיינע ערשטע שווער־אָפּגעשפּאָרטע 400 פונט...

מיר זיינען אָבער דאָך געבליבן די בעסטע פריינד. ערשטנס, ווייל איך האָב געוווּסט מיט וויפל מי ער האָט געוואָלט ארויסראַטעווען מיינע געלט און עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן און צווייטנס, האָב איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן און אייביק געדענקט וואָס ער האָט פאַר מיר געטאָן ווען די צייט איז געווען אַ שלעכטע פאַר מיר. שפּעטער, ווען ער האָט זיך ווידער געשטעלט אויף זיינע פיס, האָב איך ווידער אַמאָל אָנגעהייבן אַרבעטן צוזאַמען מיט אים, ביז... איינמאָל, נאָך איניקע יאָר ווען ער האָט מיר ניט געגעבן קיין אַרבעט, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: „רחמיאל, פאַרוואָס מיידסטו מיר

אויס ? פאַרוואָס גיסטו מיר ניט דיינע אַרבעט ?" האָט רחמיאל אויף זיין גוטמוטיקן שטייגער מיר געענטפערט :

„מענדל, דיר האָב איך שוין געגעבן געגוג מעגלעכקייטן זיך ארויפ־צואַרבעטן. דו האָסט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון לייטער, און פאַר־געס ניט — מיט מיין הילף. איצט דאַרפסטו מיך ניט מער. איצט העלף איך אנדערע, מער־נייטיקערע ווי דו, זיך ארויפצואַרבעטן !"

איך האָב אים ארומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און באַמערקט : „גוט טוסטו, רחמיאל ! ביסט פולשטענדיק גערעכט און פאַר דיינע מעשים טובים וועט דיר די השגחה העלפן !..."

איך האָב אָנגעהייבן ווערן פּאָפּוליער ניט נאָר צווישן יידן, נאָר אויך צווישן קריסטלעכע, איבערהויפּט ענגלישע, בוי־קאָנטראַקטאָרס. מיין מאָטאָ איז געווען : גוטע באַדינונג און די בעסטע אַרבעט, וואָס מען קאָן געבן. צי איך האָב פאַרדינט אַ סך פון אַ געביידע, צי ווינציקער. אמאָל אפשר גאָרניט פאַרדינט — די אַרבעט האָט געמוזט זיין די בעסטע וואָס מען האָט געקאָנט דערגרייכן. מיין רעפּוטאַציע אַלס אָרנטלעכער מאַן און גוטער אַר־בעטער ווערט רעקאָמענדירט פון איין קאָנטראַקטאָר צום צווייטן און די נביאות פון פּאָפּולערן אַרכיטעקט מאָריס קאָהן הייבט אָן צו פאַרווירק־לעכט ווערן.

* * *

מיין לאַנדסמאַן מר" מייק מייערסאָן ע"ה, וואָס האָט געשטאַמט פון אונדזער שטעטל „דער־מיר", האָט זיך דאַן פאַרנומען מיט בויען גרויסע געביידעס. ער אליין האָט ניט געבויט. די אַרבעט פאַר אים האָט געטאָן אַ גרויסע ענגלישע פירמע מיטן נאָמען „דזשיימס לאָבאַן און זין".

איך האָב געהערט פון דער פירמע „דזשיימס לאָבאַן און זין", פון איר גוטער רעפּוטאַציע און איך בין געווען פאַראינטערעסירט צו באַקענען זיך מיט די ברידער לאָבאַן, אפשר וועט זיך מיר איינגעבן קריגן ארבעט ביי זיי. איך האָב געטראַכט אז איצט איז דאָ אַ געלעגנהייט זיך צו באקענען מיט דער פירמע דורך דעם, וואָס איינער פון די ברידער פון דער בוי־פירמע בויט אַ גרויסע געביידע אין קילאַרני פאַר מיין לאַנדסמאַן מייק מייערסאָן.

איך קום צו מ"ר מייערסאָן און דערצייל אים אז איך בין איצט אַ „פּיינטינג"־קאָנטראַקטאָר און שלאָג אים פאָר צו מאָלן די געביידע אין קי־

לאַרני, וואָס מ״ר לאָבאַן בויט פאַר אים. איך בין אַ מיטגליד פון דער „מאַסטער בויערס אָרגאַניזאַציע״ און איך קען אָננעמען די ארבעט פון דער געביידע. ער זאָגט עס מיר צו מיט אַ האַלבן מויל. אָבער ער לייגט עס אָפּ פון טאָג צו טאָג און אזוי גייען אוועק וואָכן, און קיין קלאָרן ענטפער קריג איך ניט... איינמאָל בין איך צוגעשטאַנען צו אים כמעט מיט א פאָדערונג:

„מייק״, רוף איך זיך אָפּ צו אים״, אַלע קאָנטראַקטאָרס, סיי יידישע, סיי קריסטלעכע, בענטשן זיך מיט מיין אַרבעט וואָס איך גיב ארויס, און דו, אַ לאַנדסמאַן, פון איין שטאָט, איגנאָרירסט מיך. סטייטש, היתכן?״

מייק האָט מיך אָנגעקוקט און ארויס מיט לשון: „הער זיך צו, פריינד מיינער, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. איך האָב גאָר קיין חשק ניט צו געבן דיר מיינע ארבעט צוליב כמה טעמים. ערשטנס, קען איך דיר אַלס לערער. איך געדענק אויך ווי גאָר ניט לאַנג צוריק ביסטו ארומגעפאָרן איבערן לאַנד אַלס פראָפּאַגאַנדיסט פון דער אָרגאַניזאַציע צו באַזעצן יידן אין רוסלאַנד. מיטאַמאָל ביסטו גאָר געוואָרן אַ ׳פיינטער׳. און איך בין ניט זיכער וואָס פאַר אַ ׳פיינטער׳ דו ביסט. צווייטנס, זיינען מיר גוטע פריינד און איך וויל ניט מיר זאָלן ווערן שונאים. איך וויל מיר זאָלן בלייבן גוטע פריינד ווי געווען...״

„אויב דאָס זיינען דיינע סיבות פאַרן ניט וועלן מיר געבן די געביידע צו מאָלן, איז הער מיך טאַקע גוט אויס: ערשטנס, וויל איך די געביידע כדי דורך דעם זיך צו באַקענען מיט דער בוי־פירמע ׳דזשיימס לאָבאַן און זין׳. איך וויל זיי קריגן פאַר מיינע קליענטן. איך וועל זיך באַמיען צו מאַכן די אַרבעט אז ניט נאָר דו זאָלסט זיין צופרידן, נאָר איבערהויפּט די פירמע ׳לאָ־באַן און זין׳. צווייטנס, דאָס וואָס דו זאָגסט אז דו ווילסט ניט מיר זאָלן ווערן אויס פריינד, פאַרזיכער איך דיר, מייק, אז אונדזער פריינדשאַפט וועט זיין נאָך שטאַרקער. איך האָב זיך נאָך מיט קיינעם ניט געקריגט צוליב געלט־ענינים און פריינדשאַפט שטייט ביי מיר אַ סך העכער ווי געלט. וועגן מיין אַרבעט קאָנסטו זיך נאָכפרעגן. דו קאָנסט זען די געביידעס וואָס איך האָב געמאָלן. איך וויל שטאַרק זיך באַקענען מיט דער ׳לאָבאַן׳־פירמע, און איך וועל טאָן דאָס בעסטע וואָס מען קאָן. איך בעט דיר, מייק, גיב מיר די מעגלעכקייט צו מאַכן פאַר דיר די געביידע און דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן!״

„גוט. גיב מיר אַ פרייז און האָב אין זינען וואָס דו זאָגסט — די בעס־טע ארבעט!״

מייק מייערסאָן האָט מיר דעם קאָנטראַקט געגעבן און ער האָט מיך פאַרגעשטעלט פאר דעם דירעקטאָר פון דער פירמע „דזשיימס לאָבאַן און זין‟, מיט מר‟ היו לאָבאַן, מיט וועמען איך בין נאָך ביזן היינטיקן טאָג זייער גוטע פריינד. ווען איך האָב זיך געשטעלט צו דער ארבעט ביי דער־אָ גע־ביידע, האָב איך באַשטימט מיין בעסטן פאָרמאַן און אים אָנגעזאָגט: ניט קאַרגן און ניט זשאַלעווען. געבן די בעסטע אַרבעט און די בעסטע מאַ־טעריאַלן! חוץ דעם האָב איך פערזענלעך גענומען א גרויסן אינטערעס אין דער געביידע און פלעג קומען איניקע מאָל אין טאָג באַקוקן ווי די ארבעט גייט.

מ״ר מייק מייערסאָן און די ברידער לאָבאַן זיינען געווען שטאַרק צו־פרידן פון דער אַרבעט אזוי, אז ביים אויסרעכענען זיך האָט מייק מייערסאָן מיר געגעבן אַ צוגאָב — אַ טשעק פון 100 פונט. מ״ר היו לאָבאַן האָט מיך געפרעגט אויב איך בין גרייט אָנצונעמען זייערע אַרבעט. אויף דעם האָב איך געהאָפּט און איך בין געוואָרן דער אָפיציעלער סוב־קאָנטראַקטאָר פון דער פירמע „דזשיימס לאָבאַן און זין‟.

די ברידער לאָבאַן זיינען געווען שטאַרק צופרידן פון מיין ארבעט און זיי האָבן מיך רעקאָמענדירט צו איינער פון די גרעסטע בוי־פירמעס אין יענער צייט דאָ אין לאַנד, צו „לואיס קאָנסטרוקשן קאָ‟. די פירמע „לואיס קאָנסטרוקשן‟ האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ דרום אפריקע. זיי האָבן אויסגעפירט די גרעסטע פּראָיעקטן און געבויט די גרעסטע געביידעס אין לאַנד. אויך פאַר אָט דער פירמע האָב איך געאַרבעט מיט גרויס דערפאָלג.

איינמאָל, נאָכן אויסענדיקן אַ גרויסע געביידע פאר דער פירמע „לואיס קאָנסטרוקשן‟ און קומענדיק צו זיי אין ביוראָ זיך אויסרעכענען, האָט צו מיר דער דירעקטאָר פון דער פירמע געזאָגט: „דאָס איז דאָס ערשטע מאָל זינט אונדזער עקסיסטענץ, אז מיר האָבן ארויסגעגעבן אונדזער ׳פּיינטינג׳ סוב־קאָנטראַקט צו אַ יידישער פירמע און איך פאַרזיכער אייך אז מיר האָבן ניט קיין חרטה. איך פאַרזיכער אייך, אויב אויף להבא וועלן אייערע פּרייזן זיין צוגעגלעך צו אנדערע פירמעס, וועט איר קריגן אונדזער ארבעט‟.

עס האָט מיך זייער געפרייט צו הערן אזא מיינונג וועגן מיר פון אַ די־רעקטאָר פון אַזאַ גרויסער בוי־פירמע.

* * *

מיינע געבורט־ווייען זיינען שוין אריבער, די חבלי־לידה — פאַרביי. איך האָב געפּאָקט און געמאָזלט ביי דעם פאַך, דורכגעמאַכט שבעה־מדורי גיהונים און א דאַנק דער השגחה שטיי איך שוין אויף מיינע אייגענע פיס. איך בין שוין אַ מענטש מיט מענטשן גלייך!

איך בין אוועק צו אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און בין געוואָרן א מיטגליד אין יעדער איינער פון זיי: אין דער חברה־קדישא, מושב־זקנים, בית־יתומים, ביקור־חולים און אין איניקע גמילות־חסדים אינסטיטוציעס. איך האָב ניט געוואַרט ביז מ׳וועט קומען צו מר, איך האָב אַליין עס געטאָן. מיין ווייב האָט אויפגעגעבן דעם קינדער־גאָרטן, וואָס זי האָט אָנגעפירט ביז אַהער. איך לעב שוין אין אַן אייגענער צוויי־שטאָקיקער הויז, וואָס די פירמע „לאָבאַן" האָט געבויט פאַר מיר. איך האָב שוין אַ דאַך איבערן קאָפּ און ווי זאָגט דאָס ווערטל: „איך בין שוין אין די פּע־דערן!" מיין גורל פירט מיך צו דעם הויכן שטאַפּל פון לייטער...

איך בין באַשעפטיקט ביי א גרויסער געבײדע פאַר דער פירמע „לוּאיס קאָנסטרוקשן קאָמפּאַני". איך קום אויף דער געבײדע איניקע מאָל אין טאָג אַכטונג געבן אז די ארבעט זאָל אָנגיין ווי איך וויל. איך וויל אז דער ארכי־טעקט, די בוי־פירמע און איבערהויפּט די באַלעבאַטים פון דער געבײדע זאָלן זיין צופרידן פון מיין אַרבעט, און עס געלינגט מיר. איך האָב שוין א גוטע ידיעה אין דער פּראַקטיק ווי אויך אין טעאָריע פון דעם פאַך. מיין מאָטאָ איז: גוטע אַרבעט און נאָך בעסערע באַדינונג. די דירעקטאָרן פון דער בוי־פירמע „לוּאיס קאָנסטרוקשן", וועלכע טאַדלען און קריטיקירן יעדן סוב־קאָנטראַק־טאָר, האָבן ניט גענוג לויב־ווערטער פאַר דער „פּיינטינג"־פירמע און שטעלן מיך ארויס אַלס ביישפּיל.

איינמאָל שיקט מען מיך רופן אין ביוראָ פון דער געבײדע. איינער פון די דירעקטאָרן פון דער פירמע בעט מיר איך זאָל אים טאָן א טובה. ניט ווייט פון דער געבײדע געפינט זיך די ביוראָ פון אַ גרויסן ארכיטעקט, איי־נער פון די גרעסטע ארכיטעקטן אין לאַנד. ער פרעגט מיר אויב איך בין גרייט איבערמאָלן די צימערן פון ביוראָ פון דעם ארכיטעקט. דערביי דער־קלערט ער מיר: „די אַרבעט מוז אויסגעפירט ווערן קינסטלעריש, אַזוי ווי דו קענסט און אפשר — נאָך בעסער. מען קאָן קיינמאָל ניט וויסן וואָס עס קען ברענגען. און פאַר דיר, אַלס אַ נייע פירמע, קאָן עס זיין א

געווינס צו באַקענען זיך מיט אזא ארכיטעקט. איך האָב אים צוגעזאָגט צו שיקן איינעם פון די בעסטע ׳פּיינטינג׳־קאָנטראַקטאָרס״.

איך האָב די אַרבעט אָנגענומען און אוועקגעשטעלט מיין בעסטן אר־בעטער, טאַקע דעם זעלבן הערי ראָהלאנד, וואָס האָט מיר די ערשטע צייט ביי מיאַדאָוויניקן אזוי פיל געהאָלפן. איך האָב אים דערקלערט די לאַגע און אים געבעטן צו מאַכן אַ ספּעציעלן „דזשאב. אגב, איז דאָ מיר זייער שטאַרק צוניץ געקומען וואָס איך האָב געלערנט אין מיינע יונגע יאָרן ביי מיין ערשטן באַלעבאָס אין קלעצק, ביי ה׳ קראַניטש, ווי אזוי עס ווערן געמאָלן קאַ־רעטן און ביים צווייטן באַלעבאָס סענדער קאַפּוליער, ווי אזוי עס ווערן אויסגעאַרבעט טירן זיי זאָלן אויסקוקן גלאַטיק ווי קאַרעטן. איך האָב פאַר ראָהלאנדן אין טעאָריע אויסגעמאָלן ווי אזוי דאָס ווערט געמאַכט. ווייזט זיך אַרויס אז ראָהלאנד האָט געהאַט אַ גוטע ידיעה אין דעם סאָרט אַרבעט. ער האָט מיר פאַרזיכערט אז די טירן וועלן געמאַכט ווערן לויט מיין ווילן. אזעלכע טירן וועלן זיין די ערשטע פון דעם מין דאָ אין לאַנד.

ווען איך בין איינמאָל געקומען באַטראַכטן דעם כמעט אויסגעפאַרטיקטן ביוראָ, האָב איך אָנגעטראָפן דעם אַרכיטעקט, ווי ער שטייט און באַוווּנדערט דעם אופן ווי די טירן זיינען געמאַכט געוואָרן און ווי אזוי זיי זעען אויס ער האָט זיך באַקענט מיט מיר און געווען צופרידן פון דער טרעפונג.

„גיט מיר אייער וויזיט קאַרטל״, האָט ער זיך געווענדעט צו מיר. „איך זע, אז איר מאַכט אַרבעט גאָר אויף אַן אַנדער אויפן ווי די היגע באַלמעלאָ־כעס מאַכן. איך מוז אייך זאָגן, אז אין מיין גאַנצער דערפאַרונג האָב איך נאָך אזעלכע אַרבעט ניט געזען. מעגלעך אז איך וועל אייך דאַרפן, דאַן וועל איך זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אייך. איך פאַרנעם זיך מיט זייער גרויסע פּראָיעקטן דאָ אין לאַנד. עס איז כדאי פאַר אונדז ביידן צו זיין באַקאַנט!״

איך האָב אים פּיין באַדאַנקט פאַר די קאָמפּלימענטן און גלייכצייטיק אים דערקלערט, אז די אַרבעט וואָס ער זעט אין זיין ביוראָ איז געמאַכט געוואָרן לויטן איראָפּעאישן סטיל. ער האָט גענומען לייענען מיין נאָמען אויף מיין וויזיט־קאַרטל, עטלעכע מאָל איבערגעחזרט ווי אזוי אַרויסצורעדן מיין נאָמען און מיט אַ שמייכל האָט ער זיך פריינדלעך געזעגנט מיט מיר...

# איך קריג דעם גרעסטן קאָנטראַקט — דעם שטאָט־זאַל

א יין מאָל זאָגט צו מיר איינער פון די ברידער לאָבאָן — דזשאָן: „ווען דו וואָלסט געהאַט אַ ביסל מער דערפאַרונג ווי אזוי אָנצופירן מיט גאָר אַ גרויסן פּראָיעקט, וואָלט איך דיר פאַרגעלייגט זייער אַ גרויסן קאָנטראַקט, אפשר דעם גרעסטן קאָנטראַקט דאָ אין לאַנד".

„וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָנטראַקט?" פרעג איך אים.

„דאָס איז דער שטאָט־זאַל פון יאָהאַנעסבורג. מיר האָבן שוין דעם בוי־קאָנטראַקט. איצט זיינען מיר באַשעפטיקט צו קריגן פרייזן פון סוב־קאָנטראַקטאָרס".

„האָסטו שוין ארויסגעגעבן צו פרייזן פאַר דער 'פיינטינג'־אַרבעט?" פרעג איך אים.

„יאָ". מיר האָבן שוין אַ פרייז פון דער גרעסטער 'פיינטינג'־פירמע דאָ

אין לאַנד, פון 'הערבערט־עווענס'. מיר האָבן געטראַכט אז פאר דיר וועט אזא אונטערנעמונג זיין צו גרויס".

„וואָס מיינסטו — צו גרויס?" פרעג איך דזשאָנען. „עס איז ניטאָ אזא זאַך ווי צו גרויס אָדער צו קליין", ענטפער איך. „ביסטו אן אונטערנעמער, אַ קאָנטראַקטאָר, דאַרפסטו זיך ניט אָפּשרעקן פאַר אַ גרויסן קאָנטראַקט. פאַרקערט איך מיין, אז וואָס גרעסער דער קאָנטראַקט אלץ בעסער און גרינגער איז עס פאַרן אונטערנעמער. אַנשטאָט לויפן באַזוכן און אַכטונג געבן אַ פּאָר מאָל אין טאָג אַ האַלבן דוצן קאָנטראַקטן, איז דאָך גלייכער צו האָבן איין גרויסן קאָנטראַקט און אָפּגעבן מער צייט פאַר דעם".

„וואָלסטו זיך אונטערנומען אויסצופירן די אַרבעט פון שטאָט־זאַל?"

„פאַרוואָס ניט?" ענטפער איך אָן צווייפל.

„אויב אזוי, קום שבת פרי צו מיר אין הויז וועלן מיר אַ שמועס טאָן וועגן דעם".

שבת פרי בין איך שוין ביי דזשאָן לאַבאַן אין הויז.

„האָסטו נאָך אמאָל גוט דורכגעטראַכט דעם ענין. האָסט גאָר קיין פּחד ניט אָנצונעמען אזא גרויסע אונטערנעמונג ווי דעם שטאָט־זאַל?" פרעגט ער מיר.

„עס איז ניטאָ וואָס איבערצוטראַכטן", זאָג איך גאַנץ רואיק צו דזשאָנען. „יעדער מענטש דאַרף שטענדיק שטרעבן צו העכערס און ניט בלייבן שטיין אויף איין און דעם זעלבן אָרט. יעדער געשעפט מוז פּראָגרעסירן. שטייט דאָס געשעפט אויף איין אָרט, מיינט עס — רעגרעס. איך וועל דיר פּרובירן אויפקלערן מיט מער איינצלהייטן פאַרוואָס אַ גרויסע אונטערנעמונג האָט מער מעלות ווי אייניקע קליינע אונטערנעמונגען. יעדע גרויסע אונטערנעמונג, ווי גרויס זי זאָל ניט זיין, ווערט ניט געמאַכט אין איין טאָג אָדער אין איין וואָך. די ארבעט ווערט געפירט בהדרגהדיק פון אָפּטיילונג צו אָפּטיילונג. במילא ווערט שוין די גרעסטע אונטערנעמונג צעטיילט אויף קלענערע אָפּטיילונגען. און טאָמער טרעפט זיך אַמאָל אז עס מוז געמאַכט ווערן אייניקע אָפּטיילונגען מיט אַמאָל, איז אויך ניט קיין בייז. שטעלט מען צו נאָך אייניקע מענטשן. אגב, וויס איך דאָך מיט וועמען איך האָב צו טאָן! איך מיין, איך בין דאָך ניט דער איינציקער וואָס פרייזט פאַרן 'דזשאָב'. איך בין זיכער, אז אויב מיין פרייז וועט זיין צו הויך וועל איך די אַרבעט ניט

קריגן. אויב אָבער מיין פרייז וועט זיין אַ סך נידעריקער, ביליקער, וועט די פירמע ׳לאָבאַן און זין׳ ניט דערלאָזן אז איך זאָל פארלירן געלט דערביי, וואָס איך פאַרמאָגט עס, אגב, ניט. אזוי ארום איז ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן!״

דזשאָן האָט אַ שמייכל געטאָן, אריין אין א צווייטן צימער און געבראכט א „ביל אָוו קוואָנטיטיס״ (אַן אויסמעסט בוך, ווו יעדער פונקט איז געווען אויסגעמאָסטן און פארשריבן), וואָס איז געווען גרויס, ווי אַ גרויסע גמרא פון אַ ש״ס, און האָט עס מיר דערלאַנגט:

„נעם עס מיט זיך אהיים, שטודיר עס גוט און פרייז עס פאַר מיר. איך מוז עס אָבער האָבן צוריק ניט שפעטער ווי מאָנטיק פאַר 12 אזייגער בייטאָג״.

איך האָב אויפן „ביל״ געאַרבעט דעם גאַנצן שבת, דעם גאַנצן זונטיק ביז אַ שטיק אין דער נאַכט, ביז איך האָב עס פאַרטיק געמאַכט. די פרייזן זיינען מיר שוין געווען גוט באַקאַנט און איך האָב זייער פּאַרזיכטיק געאַרבעט איבער דעם „ביל״ צוזאַמען מיט מיין עלטערן זון, דוד — שוין דאַן א סטודענט אין אוניווערסיטעט — איך זאָל חלילה קיין טעות ניט מאַכן.

ווען איך האָב צוריקגעבראַכט דעם „ביל״ מאָנטיק פרי ארום 10 אזייגער, מיט אַ בייגעלייגטן פרייז, האָט מיר דזשאָן לאָבאַן באגעגנט מיט א שמייכל. ער האָט איבערגעקוקט מיין פרייז און מיך גראַטולירט פאר מיין פּינקטלעכקייט פון צושטעלן אים דעם פרייז אין צייט און אויך פאַר אזא פרייז וואָס איז קאָנקורירנד מיטן אַנדערן פרייז וואָס ער האָט געהאַט.

„ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט האָבן מיר געגעבן דעם ׳ביל׳ צו פרייזן נאָר איין פירמע — דאָס איז די באוווסטע פירמע ׳הערבערט עוואַנס און קאָ.״. דו ביסט די צווייטע פירמע. אייערעביידנס פרייזן זיינען כמעט די זעלבע. דיין פרייז איז ביליקער פון ׳הערבערט עוואַנס׳ מיט 200 פונט. אָבער פאַר אזא אונטערנעמונג וואָס באַטרעפט איבער 10 טויזנט פונט איז דאָס אַ קלייניקייט און איך מוז דיר גראַטולירן פאַר אזא פּינקטלעכן אויסרעכענען. איך בין זיכער, אז די אַרבעט וועסטו קריגן. פון אונדזער זייט וועט קענען דיר ניט זיין קיין מניעה. אָבער איידער מען גיט ארויס אָפיציעל די סוב־קאָנטראַקטן וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ מיטינג פון די בויערס, דעם אַרכיטעקט, פון פאָרשטייער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, דעם שטאָט־אינזשינער און אלע צוזאַמען דאַרפן באַשליסן און באַשטעטיקן יעדן סוב־קאָנטראַקטאָר באַזונדער. אונדזער פירמע וועט זיין פאַרטראָטן פון אונדזער עלטערן ברודער היו, וועלכער וועט אָן ספק פאַרלייגן אז דער ׳פּיינטינג׳־

קאָנטראַקט זאָל דיר געגעבן ווערן. ווייל פון דער דערפאַרונג וואָס מיר האָבן געהאַט מיט דיר, זיינען מיר זייער צופרידן מיט דיין ארבעט!״

* * *

„איך וואַרט שוין אויף דיר מיט אומגעדולד״, זאָגט צו מיר מ״ר היו לאָבאן איין פרימאָרגן, ווען איך בין געקומען זען ווי אזוי עס גייט די אַר־בעט אויף איינער פון זיינע געביידעס. „איך האָב גוטע נייעס פאַר דיר, טעבי״. (אזוי האָבן מיר כמעט אלע ענגלישע גערופן).

„אוודאי דער שטאָט־זאַל?״ פרעג איך מיט אינטערעס. „האָב איך עס?״ זאָג איך און קאָן ניט באַהאַלטן מיין נייגיר.

„און נאָך ווי דו האָסט עס!״ ענטפערט מיר מ״ר לאָבאן צופרידן. „ווען דיין פרייז וואָלט געווען מיט 200 פונט טייערער פון ׳הערבערט עוואַנס׳, וואָלסטו דעם ׳דזשאָב׳ זייער לייכט און אָן צופיל דיסקוסיעס געקראָגן!״

מ״ר לאָבאן דערציילט מיר באריכות דעם אינטערעסאַנטן צופאַל וואָס עס האָט געטראָפן אויפן מיטינג פון די גדולי־העיר:

„מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט באַטראַכטן יעדן ׳טענדער׳ (פּרייז) פון פאַרשיידענע סוב־קאָנטראַקטאָרס. מען האָט זיך ניט גערעכנט מיט די ביליקערע ׳טענדערס׳, נאָר איבערהויפּט מיט דער רעפּוטאַציע פון די קאָנטראַק־טאָרס. נאַטירלעך זיינען די מיינונגען געווען פאַרשיידענע. עס זיינען גע־ווען פאַר און קעגן. צום סוף האָט די מערהייט באשטימט. איבערהויפּט האָט מען זיך גערעכנט מיט דער מיינונג פון אַרכיטעקט. ווען עס איז געקו־מען די פראַגע וועגן סוב־קאָנטראַקטאָר פאַר דער ׳פּיינטינג׳ האָב איך זיי צוגעשטעלט די צוויי ׳טענדערס׳ (פּרייזן) — פון דער פירמע ׳הערבערט עוואַנס׳ און דיינעם. געטראַכט האָב איך פאַרצולייגן מען זאָל אָננעמען דיין ׳טענדער׳, ניט דערפאַר וואָס דיינער איז ביליקער מיט 200 פונט, נאָר דער־פאַר וואָס איך האָב בעסער געוואָלט דיין ארבעט איידער ׳הערבערט עוואַנס׳.

„און דאָ האָט געטראָפן אזא צופאַל: ווי נאָר מען האָט ארויפגעבראַכט די פראַגע וועגן דעם ׳פּיינטינג׳־קאָנטראַקט, האָט דער ארכיטעקט ארויס־געצויגן פון זיין וועסט־קעשענע אַ וויזיט־קאַרטל און זיך געווענדעט צו אַלע־מען: ׳דזשענטלמען, איך האָב זיך לעצטנס באקאַנט מיט אַ דעקאָראַטאָר, וואָס האָט געמאַכט מיינע אָפּיסעס (ביוראָען) און איך מוז אייך זאָגן, אז איך בין אַנטציקט פון זיין אַרבעט. אזא אַרבעט האָבן מיר נאָך דאָ אין דעם לאַנד ניט געזען. איך וועל זיין צופרידן אייך איינלאַדן אין מיינע אָפּיסעס

צו באַטראַכטן זיינע אַרבעט. איך בין זיכער, אז ווען איר וועט זען זיין אַר־בעט וועט איר אַלע איינשטימען מיט מיר, מען זאָל אים פאַרבעטן צו ׳טענ־דערן׳ דעם שטאָט־זאַל. ער פאַרנעמט זיך מיט גרויסע געבײדעס אין שטאָט. ער אַרבעט פאַר דער פירמע ׳לואיס־קאָנסטרוקשן׳ און ער איז אַ מיטגליד פון דער ׳מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן׳. זיין נאָמען איז... אָט איז זיין וויזיט־קאַרטל... מ״ר מ. טאַבאַטשניק!״

„ווער? האָב איך כמעט ווי אויסגעשריען. מ. טאַבאַטשניק? דאָס איז דאָך מיין קאָנטראַקטאָר, וואָס טוט אַלע אַרבעט פאַר אונדזער פירמע! אים האָב איך עס טאַקע געוואָלט פאַרלייגן. אָט איז זיין ׳טענדער׳! אגב, איז ער ביליקער פון ׳הערבערט עוואַנס׳ מיט 200 פונט!... אַלע האָבן זיך צעלאַכט פון דעם אינצידענט...

„דו נאַר וואָס דו ביסט! פאַרוואָס איז דיין פרייז ניט געווען העכער מיט עטלעכע הונדערט פונט? דו וואָלסט אַלץ איינס דעם קאָנטראַקט גע־קראָגן!״

„׳פון וויניקער פרנסה ווערט מען ניט בדלות׳, זאָגט דאָס גלייכווערטל. אלזאָ, מיין פריינד היה ׳מזל־טוב׳!״ שטעק איך אים אָפּ אַ שלום־עליכם. „זאָל זיין מיט גליק! אָבער... איצט, מיין פריינד מ״ר לאָבאן, הייבט זיך אָן פאַר מיר אַ שווערע פּראָבלעם״.

„וואָס פאַר אַ פּראָבלעם?״ פרעגט מיך מ״ר לאָבאן.

„ווי דו ווייסט, היה, בין איך נאָך גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ מיליאָנער... אזא קאָנטראַקט!... מען דאַרף צוגרייטן באַצייטנס מאַטעריאַל, אין פאַל די פרייזן ווערן העכער. צו אזא קאָנטראַקט מוז מען זיך גוט אונטערגאַרט־לען מיט אַ היפּש ביסל מזומן — און דאָס פאַרמאָג איך ניט...״

„וויפל מיינסטו וועסטו דאַרפן, כדי דו זאָלסט קאָנען שלאָפן רואיק?״

„כ׳ווייס? ארום א טויזנט פונט!״

„קיין פּראָבלעם ניט. ווען דו וועסט דאַרפן וועסטו עס קריגן אָן קיינע שוועריקייטן״.

איך האָב אים הארציק באַדאַנקט. אָבער זיין גוטהאַרציקייט האָב איך ניט אויסגענוצט. איך האָב זיך אין דעם ניט גענייטיקט.

* * *

די נייעס אז איך האָב געקראָגן דעם קאָנטראַקט פאַרן שטאָט־זאַל האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן אַלע יידישע מאַליער־אונטערנעמערס. די רעאַקציע

איז געװוען פֿאַרשיידן: אנדערע, ניט פאַרגינערס, האָבן גערעדט מיט חוזק:

„נו, ווי געפעלט אייך דאָס מלמד׳ל? צו קריגן אזא קאָנטראַקט, און נאָך אַ ייִד דערצו! מסתמא האָט ער געגנוג ׳געשמירט׳. אז מען ׳שמירט׳ פאָרט מען!"

אנדערע האָבן מיט זיכערקייט געזאָגט: „אויב אזא ׳גרינער׳ אין דעם פאַך, און דערצו נאָך אַ ייִד, האָט געקאָנט קריגן דעם ׳פּיינטינג׳־קאָנטראַקט פון שטאָט־זאַל, מסתמא האָט עס געמוזט זיין פאַר האַלב פרייז".

איינער, וואָס האַלט זיך פאַר גאָר אַ גרויסן אויטאָריטעט, האָט ארויס־געזאָגט די פאָלגנדיקע סאַרקאַסטישע השערה: „אויב טאַבאַטשניק האָט אזוי פיל געלט צו דערלייגן צו אזא אונטערנעמונג, מסתמא מוז ער זיין אַ גרויסער גביר".

דאָס אַלץ האָט מיר דערציילט דער אייגנטימער פון גרויסן פאַרב־געע־שעפט אין דאַרנפאָנטיין, ה׳ טעדי רוד, אַ פּעאיקער געשעפטס־מאַן, מיט אַ סך ענערגיע. טראָץ דעם האָט ער זיך געמאַטערט צו מאַכן אַ לעבן, שטענ־דיק ארומגעלאָפן זוכן הלוואות אויסצוגלייכן זיינע חשבונות מיט דער באַנק. דאָס איז געוועזן צוליב דעם, וואָס די מערסטע פון זיינע קונדן זיינען געוועזן יידישע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר זיך אליין, אָדער מיט אַ פאָר מענטשן און האָבן אים ניט געקאָנט צאָלן זייערע חובות אין צייט. אַ סך פון זיי האָבן אים אָפּטמאָל אין גאַנצן ניט געקאָנט באַצאָלן זייערע חובות. איך בין שוין דאַן געוועזן פון די, וואָס פלעגן אים ארויסהעלפן אַמאָל מיט אַ גמילות־חסד. אגב, בין איך אויך געוועזן זיינער אַ קונד צוליב זיין גוטער באַהאַנדלונג.

דערציילט ער מיר ווייטער וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אים אין קראָם פאַרנאַכט, ווען מען האָט געענדיקט די ארבעט און די „פּיינטערס" האָבן גע־מאַכט זיין קראָם פאַר אַ מאַליערס־בירזשע. ער האָט זיך צוגעהערט צו די ארויסגעזאָגטע השערות אויף מיין חשבון, און תוך כדי דיבור קומט אריין מאַקס קאָהען. קאָהען ע״ה איז אין יענער צייט געוועזן איינער פון די גרעס־טע יידישע מאליער־אונטערנעמערס. ער האָט שוין דאַן געהאַלטן ארום אַ צענדליק מענטשן, יידישע און ניט־יידישע מאַליערס און כמעט אַלע יידי־שע פּריוואַטע ארבעט, ווי הייזער, פאַבריקן און סקלאַדן פלעגט אריינפאַלן צו אים. ער איז געוועזן זייער אַ ליבער און אָרנטלעכער מענטש, וואָס יעדער איינער האָט אים געמוזט ליב האָבן. ער איז דאַן געוועזן פאַררעכנט פאַר איי־נעם פון די חשובסטע אונטערנעמערס צווישן די יידישע מאַליערס. דערצו

איז מאַקס קאָהען געווען זייער אַ גוטער, אַ מענטש אָן אַ גאַל, אַ מענטש מיט אַ נשמה פון לויטער גאָלד. טאָן עמעצן אַ טובה איז ער שטענדיק געווען פון די ערשטע...

דערהערט די נייעס, אַז מענדל טאַבאַטשניק האָט געקראָגן דעם קאָנ־טראַקט צו מאָלן דעם שטאָט־זאַל, האָט ער לכתחילה ניט געוואָלט גלויבן. אָבער ווען מען האָט אים איבערצייגט אַז עס איז אמת, האָט ער ארויסגענו־מען אַ פונט פון קעשענע און האָט אויסגעשריען: „אידיאָטן וואָס איר זייט! ניט פאַרגינערס! אַז מיר האָבן דערלעבט צו זען אַ יידן דאָ, דערצו נאָך אַ ‚גרינער׳ אין דעם פאַך, צו ווערן אַ ‚מאַסטער־פיינטער׳ און ס׳איז אים גע־לונגען צו קריגן דעם גרעסטן ‚פיינטינג׳־קאָנטראַקט דאָ אין לאַנד, דעם שטאָט־זאַל, דאַרפן מיר זיך אַלע פרייען און לכבוד די גוטע נייעס — אָט איז אַ פונט, שיקט נאָך אַ פלעשל וויסקי מיט צובייסן און לאָמיר מאַכן דעם אמתן ‚לחיים׳ און ווינטשן אים גליק!“

ה׳ טעדי רוד דערציילט ווייטער: „מען האָט גלייך געבראַכט די וויסקי מיט צובייסן און מאַקס קאָהען האָט געהאַלטן דעם טאָסט פאַר איערטוועגן. ס׳איז געווען ‚ליהודים׳, ביז מיט צרות האָב איך זיי קוים ארויסגעשטופּט פון קראָם. נו, געפעלט איך עפּעס אזא מעשה?“...

מיך האָט באמת געפרייט צו הערן אזא אויסטערלישע געשעעניש. שפּע־טער, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט מאַקס קאָהען, האָב איך אים האַרציק געדאַנקט פאַר זיין פריינדלעכקייט.

* * *

מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט אין שטאָט־זאַל. מיר האָט זיך איינ־געגעבן צו קריגן איינעם פון די בעסטע „פאַרמאַנס׳ אין שטאָט. פאַר אַ סך יאָרן האָט ער געאַרבעט פאַר איינער פון די גרעסטע פירמעס אין שטאָט, און אלע האָבן געהאַט די בעסטע מיינונג וועגן אים. מאכט זיך אז ער האָט געהאַט אַן איבעררייד מיט זיין באַלעבאָס און ווען ער האָט זיך דערוווסט אז איך זוך אַ פאָרמאַן מיט אַ רעפּוטאַציע, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער אַר־בעט פון שטאָט־זאַל, איז ער געקומען צו מיר.

איך האָב אים אויפגעקלערט מיין מעטאָד פון דער אַרבעט: פאָדערן פון די מענטשן דאָס בעסטע. ניט קיין שקלאַפן־טרייבעריי, נאָר פאָדערן גו־טע אַרבעט און אין פאַל עס גיט זיך אַמאָל עפּעס ניט איין, איז אָן שום צווייפל איבערמאַכן די ארבעט עס זאָל ארויסקומען הונדערט פּראָצענט.

מיינע אינסטרוקציעס ווערן פּינקטלעך אויסגעפירט. דער „קלאַרק אַוו וואַרקס" (אַרבעטס־אויפזעער פון שטאָט־זאַל) קומט יעדן טאָג, באַטראַכט די אַרבעט און האָט קיינע באַמערקונגען ניט צו מאַכן. אויך דער אַרכיטעקט קומט אָפט באַקוקן די אַרבעט און איז צופרידן.

מיר האַלטן ביים אויספאַרטיקן דעם ערשטן פליגל, וואָס ס'איז מיר איי־בערגעגעבן געוואָרן צו טאָן. אַלץ איז שוין כמעט פאַרטיק. מיר נעמען זיך צום פאַרענדיקן די טירן. איך באַנוץ די פאַרב־מאַטעריאַלן וואָס עס איז געווען אָנגעגעבן אין קאָנטראַקט, ווען איך האָב צוגעשטעלט דעם פּרייז פאַר דער אַרבעט. איך בין אָבער ווייט ניט געווען צופרידן מיט דער ערשטער אויסגעענדיקטער טיר. די טיר געפעלט מיר עפּעס ניט. איך שטעל אָפּ די אַרבעט און ניט פרעגנדיק ביי קיינעם בייט איך אום דאָס פאַרב, וואָס איז געווען געמאַכט אין אַ היגער פאַבריק, און נעם דאָס בעסטע אויסלענדישע פאַרב, וואָס מען האָט געקאָנט קריגן. מיר שטעלן זיך ווידער מאָלן די טירן מיט דעם נייעם פאַרב — אַן אונטערשייד פון טאָג ביז נאַכט! איך הייס אָנ־גיין מיטן פאַרבן די טירן מיט דעם נייעם פאַרב, נאָר דאָס ערשטע אויסגע־פאַרבענע טיר לאָז איך אַזוי שטיין, מען זאָל זען דעם אונטערשייד.

דער פליגל איז געענדיקט מאָלן. איך לאָד איין אַן אָפיציעלע קאָמיסיע איבערצונעמען און באַשטעטיקן די אַרבעט פון דעם אויסגעענדיקטן פליגל. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון אַרכיטעקט, „קלאַרק אַוו וואַרקס" פון שטאָט־זאַל, שטאָט־אינזשינער, מ"ר לאָבאַן און מיין ווייניקייט. מען באַ־טראַכט צימער נאָך צימער. אויף אַלעמענס פּנימער אַ צופרידנקייט. דער אַרכיטעקט ווייזט ארויס זיין צופרידנקייט אָפן און גראַטולירט מיך מיט דער גוטער אַרבעט. איבערהויפּט געפעלן אים די טירן, וואָס זיינען גלאַט און גלאַנציק געמאָלן... אָבער אָט דערזעט ער די ערשטע טיר, וואָס איך האָב געפּסלט. ער שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט די טיר און פרעגט מיך אויב די טיר איז אויך פאַרטיק?

„יאָ", ענטפער איך.

„„טאָ פאַרוואָס אַזאַ גרויסער אונטערשייד פון די איבעריקע טירן ביז דער טיר?"

איך דערצייל אים וואָס עס האָט געטראָפן. איך זאָג דעם אמת, אַז איך האָב מיט קיינעם זיך ניט באַראַטן וועגן דעם און מיט קיינעם זיך קיין עצה ניט געהאַלטן. איך האָב עס געטאָן אויף מיין אייגענער אחריות.

„אָבער וויפל וועט דאָס קאָסטן עקסטרא?" פרעגט דער ארכיטעקט.

„קיין זאַך ניט". ענטפער איך. „אזוי פיר איך זיך אין מיין ארבעט. נאָר דאָס בעסטע וואָס מען קאָן ארויסגעבן!"

אַלע קוקן זיך איבער און די אַרבעט פון דעם פליגל איז אקצעפטירט געוואָרן.

אין אַ פּאָר טעג ארום דערציילט מיר מ"ר לאָבאַן, אז דער אַרכיטעקט האָט גערעדט מיט אים וועגן מיר מיט אַ שטיקל פאַרדאַכט:

„איז ניט פאַראַן אין דער האַנדלונג פון מ"ר טאַבאַטשניק אַ פאַרבאָר־גענער מיין?" האָט ער געפרעגט. „ווי אזוי קאָן א קאָנטראַקטאָר זיך לאָזן קאָסטן איבעריקע הוצאות' און אונדז ניט צושטעלן קיין רעכענונג? ווי קאָן מען עס פאַרשטיין?"

„„אויף דעם־אָ וועג פירט טאַבאַטשניק זיין געשעפט, — האָב איך געענטפערט דעם ארכיטעקט. — ער וועט קיינמאָל ניט אונטערקויפן אַן ארכיטעקט, דעם 'קלאַרק אָוו וואָרקס', נאָר זיינע אַרבעט רעדט פאר זיך... איך פאַרזיכער איך אז ער האָט ניט דערביי קיינע פאַרבאָרגענע אויסרעכע־נונגען".

פון דאַן אָן האָבן דער אַרכיטעקט און דער „קלאַרק אָוו וואָרקס" באַ־קומען צו מיר דעם פולסטן צוטרוי.

די נביאות פון די ניט־פאַרגינערס זיינען ניט מקוים געוואָרן. צי דאָס האָט זיי פאַרדראָסן אָדער געפרייט, ווייס איך ניט... נאָכן פאַרענדיקן דעם שטאָט־זאָל בין איך ארויס — מיטן אריינגעמען צוגעקומענע עקסטרע אר־בעט, וואָס האָט אויך געברייכט אַ היפשע סומע — מיט אַ ריינעם ריווח פון ארום 8 טויזנט פונט, אַ באַדייטנדיקע סומע אין יאָר 1941. חוץ דעם פאַר־דינסט האָב איך צוליב דער גוטער אַרבעט וואָס איך האָב אויסגעפירט מיט דערפּאָלג אין שטאָט־זאָל זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען ביי אַלע, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער גרויסער אונטערנעמונג.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָבן מיר, איך מיט מיין משפחה, חוץ מיין עלטערן זון וואָס איז פאַרבליבן אכטונג געבן אויף מיינע קאָנטראַקטן, זיך אוועקגעלאָזט קיין מיוזנבערג ביים ים פאַר אַ חודש צייט, און זיך צוריק־געקערט אָפּגעפרישט, מיט נייער ענערגיע זיך נעמען צו ווייטערדיקע ארבעט.

# איך קריג זיך אריין אין דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע

די שלעזינגער־אָרגאַניזאַציע איז פֿאַררעכנט פֿאַר דער צווייט־גרעסטער און רייכסטער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד. צו זיי האָט אין יענער צייט געהערט אַלע טעאַטערס און קינאָס איבערן גאַנצן לאַנד ווי אויך אין אַ סך שכנותדיקע לענדער, ווי ראָדעסיע, נאַיראָבי און אנדערע לענדער אין אַפֿריקע. חוץ דעם האָבן זיי געהאַט זייער א סך גרויסע געביידעס צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, אזוי ארום אז ניט נאָר איין „פּיינטינג"־פירמע האָט געקאָנט מאַכן אַ שיינעם לעבן פון דער־אָ אָרגאַניזאַציע — נאָר עטלעכע.

איך האָב זיך דערוווּסט, אז די שלעזינגער אָרגאַניזאַציע איז ווייט ניט צופרידן פון דער „פּיינטינג"־פירמע וואָס ארבעט פֿאַר זיי און איך האָב געזוכט אַ געלעגנהייט, דורך אַ רעקאָמענדאַציע, זיך אריינצוקריגן אין דער דאָזיקער גרויסער אָרגאַניזאַציע, דורך מאַכן פאר זיי אַ קינאָ אָדער א געביידע. און עס איז מיר געלונגען דאָס צו טאָן.

די יידישע בויערס „ראַפּ און מייסטער", אַ באַוווסטע בוי־פירמע אין יאָהאַנעסבורג, האָט געבויט פאַר דער שלעזינגער־אָרגאַניזאַציע אַ קינאָ אין אַ געוויסער געגנט אין יאָהאַנעסבורג. מיט דער פירמע „ראַפּ און מייסטער" בין איך געווען שוין פאַרבונדן דורך ארבעט, וואָס איך האָב פאַר זיי געטאָן און זיי זיינען געווען העכסט צופרידן. איך האָב באַשלאָסן ביי זיך אז די נייע קינאָ וואָס די בוי־פירמע „ראַפּ און מייסטער" בויט וועט מיר אפשר געבן אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די אַרכיטעקטן פון דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע, און אויך זיי וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו זען מיינע ארבעט.

איך בין אוועק צו „ראַפּ און מייסטער" אין ביוראָ, געטראָפן דאָרט ה' מייסטער. (אגב, חוץ ארבעט וואָס איך האָב געטאָן פאר זיי, זיינען מיר גע־ווען פערזענלעך באַפריינדעט). איך האָב געהאַט אַ פריינדלעכן שמועס מיט אים און אים דערציילט די סיבה פון מיין באַזוך: „איך וויל זיך אריינ־קריגן אין דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע, און דאָ האָב איך א געלעגנהייט — אייער נייע קינאָ וואָס איר בויט פאַר זיי! איך וויל איר זאָלט מיר געבן אַ מעגלעכקייט צו 'פּרייזן' פאַר דער קינאָ. איך פאַרזיכער אייך אז מיין פרייז וועט זיין צוגענגלעך, ווייל אין דעם פאַל זוך איך ניט קיין רווחים. איך בין מער פאַראינטערעסירט אין דעם פאַל זיך צו באַקענען מיט די אָנ־פירנדיקע ארכיטעקטן פוון זייער אָרגאַניזאַציע".

איך מוז צוגעבן, אז ה' מייסטער האָט ארויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו דעם ענין און אפילו באַמערקט, אז ער אליין האָט וועגן דעם געטראַכט נאָך איידער איך בין געקומען אים באַזוכן.

„אויף וויפל איך וויס זיינען זיי ניט שטאַרק צופרידן מיט דער 'פיינ־טינג'־פירמע וואָס ארבעט פאַר זיי. איך גלויב אז דאָ קאָן זיין א גוטער שידוך פאַרביידע צדדים. ארבעט אויס פאָרזיכטיק אייער פרייז. איך זאָג אייך צו אז איך וועל זיך מיען צו זיין א גוטער 'שדכן', אויב אייער ארבעט וועט זיי געפעלן זיין".

פארשטייט זיך, אז מיין פרייז איז געווען זייער צוגענגלעך און איך האָב די אַרבעט געקראָגן. צו יענער צייט האָב איך געהאַט צווישן מיינע ארבע־טער אייניקע גוטע באַלמעלאָכעס. איך האָב אָפּגעקליבן די בעסטע דעקאָ־ראַטאָרס, צווי כודאָזשניקעס, וואָס קיין ארבעט איז ניט געווען אוממעגלעך פאר זיי אויסצופירן. אפילו קונסט־מאָלערייען, וואָס עס האָט זיך דאַן גע־

פאַדערט אין דער נייער קינאָ האָבן זיי געמאַכט. די דאָזיקע קינסטלער האָב איך אָנפאַרטרויט צו מאַכן די אַרבעט אין דער נייער קינאָ פאַר דער שלע־זינגער אָרגאַניזאַציע.

* * *

מען האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. אין דער קינאָ האָב איך פאַר־בראַכט אַ סך צייט און אכטונג געגעבן, אַז די אַרבעט זאָל ארויסקומען ווי צום בעסטן. דורך דער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיט די אַרכיטעקטן, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אויסענדיקן פון דער קינאָ. מיר פלעגן זיך זייער אָפט טרעפן אויף דער געביידע און צוזאַמען מיט מיין דעקאָראַטאָר באַהאַנדלען ווי אַזוי אריינצוברענגען געוויסע נייעסן אין דער מאָלעריי און דעקאָראַציע פון דער קינאָ.

די צוזאַמענאַרבעט פון אונדז מיט די ארכיטעקטן און פאַרשטייער פון דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע איז געווען זייער אַ פריינדלעכע. ווען די קינאָ האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן איז די צופרידנקייט און באַגייסטערונג פון די אַרכיטעקטן און פאַרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע געווען אַזוי גרויס, אַז יעדן טאָג פלעגן זיי ברענגען מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע צו באַטראַכטן די מאָלערייען אין דער קינאָ און יעדער איז געווען זייער באַגייסטערט פון דעם.

די נייעס וועגן דעם נייעם „פּיינטינג"־קאָנטראַקטאָר איז דערגאַנגען צום הויפּט־ביוראָ און צו ה׳ שלעזינגער אליין. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ חקירה־ודרישה וועגן מיר: ווער בין איך? צי בין איך אַן אָרנטלעכער מענטש און צי מיין אויפפירונג אין געשעפט איז אַן אָרנטלעכע? זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט וועגן מיר אין דער „מאַסטער בילדערס אסאָסיאיישן", ווו זיי האָבן געקראָגן זייער אַ גוטן אָפּרוף וועגן מיר. זיי האָבן זיך אויך נאָכ־געפרעגט וועגן מיר אין דער שטאָט־זאַל אדמיניסטראַציע און ביי דער בוי־פירמע „לאָבאַן און זין", ווו אַלע האָבן געהאַט וועגן מיר די בעסטע מיינונ־גען. אָבער איבערהויפּט האָט אין אונדזער „שידוך" געשפּילט די גרעסטע ראָל ה׳ חנן מייסטער פון דער בוי־פירמע „ראַפּ און מייסטער", וואָס האָט גע־בויט די קינאָ.

ה׳ חנן מייסטער, אַ גוטער פריינד מיינער, האָט, ווי מען זאָגט, זיך פשוט „געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט" אריינצוקריגן מיך אין דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע. נאָכן אויסענדיקן די קינאָ און נאָך אַ גרינט־

לעכער אויספאָרשונג וועגן מיר, האָט די הויפּט־בוירא פון דער אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן מיך איינצולאַדן איך זאָל פאַר זיי „פּרייזן" אַלטע קינאָס איבער־צומאָלן, ווי אויך אַנדערע געבײַדעס.

עס האָט מיך אָפּגעגליקט מיט דער גרויסער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע און איך האָב געגומען מאַכן פאַר זיי איין קינא נאָך דער אַנדערער, איין גע־ביידע נאָך דער אַנדערער. נאָך אַ משך פון איניקע יאָר, ווען זיי האָבן אויס־געפונען אין מיר די קוואַליטעטן און אייגנשאַפטן, וואָס זיי האָבן געזוכט אין אַן אונטערנעמער, האָבן זיי מיך באַשטימט פאַר זייער אָפיציעלן „פּיינטינג"־קאָנטראַקטאָר פאַר כמעט אַלע זייערע אַרבעט.

נאָכן אויסענדיקן די נייע קינא מיט געמעלן, מיט פּלאַסטישע דעקאָראַ־ציעס, און נאָכן אַריינלייגן אַזוי פיל אַרבעט, ניט רעכענענדיק זיך מיט די הוצאות, האָב איך ניט דערוואַרט אַז פון דעם קאָנטראַקט זאָל איך עפּעס פאַרדינען. איך האָב אָבער בשום אופן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל דאַרפן צולייגן אַזוי פיל געלט פון מיין אייגענער קעשענע.

אָבער דאָ האָט פּאַסירט עפּעס אויף וואָס איך האָב זיך אויף קיין פאַל ניט גערעכנט. איין טאָג, ווען איך בין געקומען אין ביורא פון „ראַפּ און מייסטער" זיך אָפּרעכענען האָב איך געטראָפן מיין פריינד ה' דוד ראַפּ, וועלכער האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען.

„איך האָב געהערט", זאָגט ער, „אַז דו האָסט געמאַכט ביי דער שלע־זינגער אָרגאַניזאַציע זייער אַ גרויסן דערפאָלג מיט אונדזער קינא. האָסטו כאָטש פאַרדינט פון דעם קאָנטראַקט?" פרעגט ער מיך מיט אַ שמייכל.

„פאַרדינט?" ענטפער איך אויך מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל. „איך וואָלט געווען צופרידן ,ווען איך קריך אַרויס מיט די ביינער פון דעם קאָנ־טראַקט. איך בין זיכער אַז איר ווייסט, אַז איך האָב אָן דעם קאָנטראַקט פאַרלאָרן אַ סך, זייער אַ סך געלט. איר זייט צו פיל געניט אין דעם בוי־פאַך און איר האָט צופיל דערפאַרונג, און איר ווייסט אַליין אַז איך האָב צוגעלייגט אַ היפּשע מטבע. אָבער... איך האָב דאָס געוווסט נאָך איידער איך האָב די קינא אָנגעהייבן. און פאַרוואָס איך האָב דאָס געטאָן איז אייך אויך באַקאַנט. אָבער איך האָב ניט דערוואַרט צו דערלייגן אַזוי פיל... איך באַקלאָג זיך ניט חלילה, און מיינט ניט אַז איך בין געקומען בעטן פון אייך אַ הוספה. דאָס געלט וואָס איך האָב צוגעלייגט פון מיין אייגענער קעשענע, וועט מיר סוף כל סוף אומגעקערט ווערן. אַזוי האָף איך!"

„מיר ווייסן עס און פארשטייען דאָס זייער גוט“, ענטפערט מיר דוד ראַפּ. „מיר האָבן באַשלאָסן, איך מיט מיין שותף ה׳ מייסטער, אומצוקערן אייך אלע הזיקות. מיר ווילן ניט אז איר זאָלט פארלירן אָן אונדזערן א קאָנטראַקט אָן וועלכן מיר האָבן, גאָט צו דאַנקען, זייער גוט פאַרדינט. שטעלט אונדז צו אַ גענויעם חשבון וואָס די קינאָ קאָסט אייך און מיר וועלן אייך אומקערן אייערע פאַרלוסטן. מיר האָבן אויך באשלאָסן צו געבן אייך צען פראָצענט הכנסה פאר אייער גוטער ארבעט!“

דוד ראַפּ און חנן מייסטער האָבן געהאַלטן זייער צוזאָג. זיי האָבן מיר אויסגעצאָלט לויט מיין צוגעשטעלטן חשבון מיינע פאַרלוסטן מיט אַ צוגאָב פון צען פראָצענט פּרנסה.

* * *

אריין בין איך אין דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע, קאָן מען זאָגן, „מיט דער רעכטער פוס“. איך בין געוואָרן פּאָפּולער ביי אַלע דירעקטאָרן. אין הויפּט־ביוראָ בין איך געוואָרן אָן אָפּטער איינגייער אזוי, אז איך האָב ניט געדאַרפט מאַכן אַ באַשטעלונג מיט קיינעם זיך צו טרעפן. איך מאַך פאר זיי כמעט אלע ארבעט, ניט נאָר אין יאָהאַנעסבורג אליין, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד, ווו נאָר זיי האָבן קינאָס און געביידעס. זייערע פריערדיקע קאָנטראַקטאָרס האָבן זיי באַזייטיקט. איך האָב זיך דערוואָרבן ביי זיי אַ נאָמען, אַ גוטע רעפּוטאַציע אזוי, אז זיי האָבן אפילו אנטזאָגט זייערע שטענדיקע מאַליערס וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין „קאַרלטאָן האָטעל“ און מען האָט די האָטעל־ארבעט מיר אויך איבערגעגעבן.

צו מיין גליק האָט געטראָפן איניקע פאַלן, וואָס האָבן באַשטעטיקט זייער צופרידנקייט פון דער ארבעט ווי אויך דעם צוטרוי וואָס זיי האָבן צו מיר געהאָט.

איך האָב געדאַרפט געבן אַ פּרייז פאַר אַ געביידע אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן אין יאָהאַנעסבורג. דער ביוראָ־אָנגעשטעלטער וואָס האָט געדארפט אויסשרייבן אַלע דעטאַלן פון דער געביידע האָט געמאַכט א טעות און אָנגעגעבן ניט דעם ריכטיקן נאָמען פון דער געביידע, אָבער דעם ריכטיקן אַדרעס. שטיי איך פאַר אַ רעטעניש: דער אַדרעס איז ריכטיק, אָבער דער נאָמען פון דער געביידע שטימט ניט. איך שטיי אין אַ פאַר־לעגנהייט, קוק אויף דער געביידע און ווייס ניט וואָס מען הייבט אָן טאָן?

זיינען צוגעגאַנגען צו מיר צוויי עלטערע מענטשן, און איינער פון זיי — אַ נידעריקער — טוט מיך אַ פרעג:

„דאָס זייט איר מ״ר טאַבאַטשניק? איך בין צופרידן אייך צו טרעפן. מיין נאָמען איז י. וו. שלעזינגער״. ער גיט מיר די האַנט מיט אַ יידישן „שלום־עליכם״.

פארשטייט זיך, איך בין געווען זייער צופרידן מיט דער באַקאַנטשאַפט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געטראָפן ה׳ שלעזינגער. איך דערצייל אים מיין פאַרלעגנהייט. ער לייענט די אָנווייזונגען פון זיין ביוראָ און לאַכט זיך פונאַנדער:

„יאָ, דאָס איז די געביידע. מיין אָנגעשטעלטער האָט געמאַכט אַ טעות אין נאָמען, וויל גאָר ניט לאַנג האָבן מיר געביטן דעם נאָמען פון דער געביידע״. ה׳ שלעזינגער איז אויך צופרידן מיט דער באַגעגעניש. ער האָט זייער אַ סך געהערט וועגן מיר און האָט מיר גלייכצייטיק געזאָגט וואָס איך האָב צו טאָן מיט דער געביידע. „וועגן גוטע אַרבעט רייד איך אפילו ניט, איך ווייס אַז איר וועט זיך באַמיען צו טאָן דאָס בעסטע!״ ער געזעגנט זיך מיט מיר זייער פריינדלעך און ווינטשט מיר גליק!

ווען איך האָב געבראַכט דעם פרייז פאַר דער געביידע אין הויפּט־ביוראָ צום „שני־למלך״, ה׳ שלעזינגערס רעכטע האַנט, האָט ער מיך גראַטולירט מיטן פרייז און געזאָגט, אַז איך קאָן זיך שטעלן צו דער ארבעט. דער ה׳ שלעזינגער וועט זיין זייער צופרידן וויל״, זאָגט ער, „איר האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק אויפן ה׳ שלעזינגער. אפנים איר געפעלט אים. גלייכצייטיק מיט די גוטע נייעס האָב איך אויך פאַר אייך ניט קיין צו גוטע נייעס. ה׳ שלעזינגער וויל איר זאָלט איבערדעקאָרירן זיין רעזידענץ־הויז״.

„אָט דאָס הייסט ביי אייך שלעכטע נייעס?״ פרעג איך.

„יאָ!״ איז געווען זיין ענטפער. „איבערצומאָלן ה׳ שלעזינגערס רעזידענץ־הויז איז די ערגסטע נייעס פאַר אייך! איך וועל אייך דערקלערן פאַר־וואָס. דאָ האַנדלט זיך וועגן דער פריוואַטער וווינונג פון ה׳ שלעזינגער, און פון דער אַרבעט דאַרף זיין צופרידן ניט נאָר ה׳ שלעזינגער אליין, נאָר נאָך מער זיין פרוי. און דאָס איז כמעט ווי אוממעגלעך. פון דער דערפאַרונג ווייסן מיר, אַז וועלכן ׳פּיינטער׳ מיר האָבן געשיקט איבערדעקאָרירן ה׳ שלעזינגערס פריוואַטע וווינונג, האָבן מיר געהאַט אַ היפּשן פעקל צרות פון פרוי שלעזינגער. אז ס׳איז איר עפּעס ניט געפעלן געווען האָט זי געהייסן

גײן דעם קאָנטראַקטאָר און ניט געלאָזט ענדיקן די אַרבעט. אַזױ פּלעגן זיך בײטן די קאָנטראַקטאָרס. און דעם גאַנצן כעס פּלעגט זי אויסלאָזן צו אונדז, אין הויפּט־ביוראָ. איך דערצייל עס אײַך, װײַל איך װיל ניט איר זאָלט האָבן דעם זעלבן סוף פון די פריערדיקע ׳פּיינטינג׳־קאָנטראַקטאָרס.

„איך װעל זיך באַמיען, אַז מיט מיר זאָל ניט טרעפן דאָס װאָס עס האָט געטראָפן מיט די אַנדערע קאָנטראַקטאָרס. איך װעל אױעקשטעלן מײַן בעסטן פאָרמאַן און איך אַליין װעל זיך אָפּגעבן מיט דער הויז און זען אַז פרוי שלעזינגער זאָל זיין צופרידן. איך האָף אַז עס װעט מיך געלינגען!״

„קיין פרייז בעט איך ביי אייך ניט. איך װייס ניט װאָס איר װעט איינ־פאַלן צו פאָדערן פון אייך. זעט, טוט דאָס בעסטע װאָס איר קענט און זעט אַז פרוי שלעזינגער זאָל זיין צופרידן!...״

* * *

אויף די אויבערקליידער פון מיין פאָרמאַן, אַלף סילווער, האָט מען קיין שפּריינקעלע פון פאַרב ניט געקאָנט געפינען. װאָלט מען אים ניט געזען ביי דער ארבעט, װאָלט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ דאָקטאָר — אַזױ ריין האָט ער זיך שטענדיק געהאַלטן. ער איז געװען אַ פּאָרטוגעזער, אָבער זיין האַלטונג און זיין אָרט ריידן איז געװען װי פון אַן אמתן „ענגלישן דזשענטל־מען״. דאָס אַליין האָט שוין אויף פרוי שלעזינגער געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. איך פלעג באַזוכן דאָס הויז צװיי און אָפטמאָל דריי מאָל אַ טאָג און שטענדיק אין זינען געהאַט, אַז דאָס װעט זיין אַ שװערער עקזאַמען אויסצוהאַלטן. מען האָט אין דעם הויז אריינגעלייגט דאָס בעסטע װאָס מען האָט נאָר געקאָנט אין אַרבעט און מאַטעריאַלן. קיין זאַך האָט מען ניט געטאָן אָן דער צושטי־מונג פון פרוי שלעזינגער. זי האָט אָפּן אויסגעדריקט פאַר אונדז איר צו־פרידנקייט מיטן פּראָגרעס פון דער אַרבעט. אין הויפּט־ביוראָ האָט זי געלאָזט װיסן, אַז סוף־סוף האָט מען איר געשיקט די ריכטיקע ארבעטער פון װעמען זי איז העכסט צופרידן. דערביי האָט זי אָנגעזאָגט, אַז אויף להבא װעט זי קיינעם, אחוץ טאַבאַטשניקן און סילווערן, אויף איר שװעל ניט ארויפלאָזן. װען דאָס הויז איז געװען פאַרטיק האָט פרוי שלעזינגער מיך פיין באַדאַנקט. מיין פאָרמאַן, אַלף סילווער, האָט פאַרלאָזט דאָס הויז מיט אַ גאַנץ פיינער מתנה.

„איר האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען מיט אויסצייכענונגען!״ האָט מיך שלעזינגערס ארכיטעקט, ה׳ בערטאָן, גראַטולירט ביים אריינקומען אין

הויפּט־בוירא. „די גאַנצע שלעזינגער אָרגאַניזאַציע רעדט שוין דערפון, אַז איר זייט דער ערשטער און איינציקער וואָס פּרוי שלעזינגער איז צופרידן מיט אייער אַרבעט פון דעקאָרירן און מאָלן איר הויז. אייער פּאָזיציע אין אונדזער אָרגאַניזאַציע איז פון היינט אָן אַ געזיכערטע. איבערהויפּט האָט איר נושא־חן געווען ביי ה' שלעזינגער און ער האָט אָנגעזאָגט אין הויפּט־ביוראָ, אַז אַלע אַרבעט זאָל מען אייך געבן, אויב נאָר אייער אַרבעט און באַהאַנדלונג וועט אזוי אָנהאַלטן!"

דער פאַל מיט פרוי שלעזינגער האָט מיר געגעבן אַן אַטעסטאַט פאַרן קענען דורכפירן גוטע ארבעט. דאָס איז אָבער נאָך געווען ווייניק, אַז די שלעזינגער־אָרגאַניזאַציע זאָל האָבן צו מיר צוטרוי אַלס אָרנטלעכער מענטש, מיט וועמען מען קאָן פירן געשעפטן אָן שום צווייפל ניט אָפּגע־נאַרט אָדער באַשווינדלט צו ווערן... האָט זיך צו מיין גליק געמאַכט א צוויי־טער און זייער אַן ערנסטער פאַל, ווו זיי האָבן זיך איבערצייגט אין מיין פול־שטענדיקער אָרנטלעכקייט.

איך האָב געקראָגן דעם קאָנטראַקט צו מאָלן און דעקאָרירן דעם „היס־מעדזשיסטיס טעאַטער", ווען מען האָט די געביידע געבויט. די אַרבעט פון מאָלן די ביוראָס פון דער געביידע האָט דער בויער אליין געמאַכט מיט זיינע אייגענע מאָלערס, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן. לויטן קאָנטראַקט מיט דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע איז דער טעאַטער, דאָס הייסט דעקאָ־רירן און מאָלן דעם טעאַטער, ניט אריין אין דער קאָמפּעטענץ פון בויער.

מיין פּרייז פאַרן טעאַטער, לויט דעם „ביל אָוו קוואָנטיטיס" (ליסט פון אויסמעסטונגען) האָט באַטראָפן די סומע פון דריי מיט אַ האַלב טויזנט פונט. ווען איך האָב אויסגעענדיקט דעם טעאַטער און זיי צוגעשטעלט דעם חשבון, האָט די סומע דערגרייכט צו איבער אַכט טויזנט פונט.

די הויפּט־בוירא האָט זיך דערשראָקן פאַר אָט דער סומע און האָט מיך חושד געווען, אַז מיט די צוגאָב־אַרבעט האָב איך זיך געלאָזט ווויל גיין אויף זייער חשבון. זיי זיינען געווען זיכער, אַז מען האָט „געכאַפּט דעם גנב..." ווי האָט עס גאָר געקאָנט מעגלעך זיין, אַז די צוגאָב־אַרבעט זאָל באַטרעפן מער ווי דער גאַנצער קאָנטראַקט איז געווען? זיי האָבן ניט געוווסט, אַז צו דער אַרבעט פון מאָלן זיינען צוגעקומען דאָס גאַנצע האָלץ־פּאָליטור, פלאַסטיק־אַרבעט, איבערמאַכן פאַרשיידענע קאָלירן אאַ"וו. זיי האָבן צוגעגרייט פאַר מיר אַ „פאַסטקע". זיי האָבן באַשטעלט אַ „קוואָנטיטי־סאַרווייער" (אַן אויס־

מעסטער), ווּעלכן איך האָב ניט געקענט און אין א שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי מיר געמאָלדן, אז אין דער און דער צייט מוז איך קומען אין טעאַטער, ווו עס וועט שוין וואַרטן אויף מיר דער „קוואַנטיטי־סאָרווייער" צו רעווידירן מיינע צוגאָב־פרייזן.

די נייעס האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל. כאָטש איך האָב געוווּסט אז מיט מיין צוגאָב־חשבון בין איך קיין פאַלשקייטן ניט באַ־גאַנגען. אין דער זעלבער צייט האָב איך אָבער געוווּסט, אז איך בין ניט קיין קוואַליפיצירטער „קוואַנטיטי־סאָרווייער" און דאָס מעסטן האָב איך געטאָן אליין אזוי, אז עס האָט לייכט געקאָנט ארויסקומען געוויסע פעלערן אין מעסטן — אָדער צו הויך וואָס דאָס וואָלט געהייסן איבערגערעכנט און אָפּ־גענאַרט, אָדער צו ווייניק, וואָס דאָס וואָלט אויך געווען לרעה פאר מיר. אָבער איך וואָלט גליקלעך געווען ווען עס ווייזט זיך ארויס אז איך האָב אויסגעמאָסטן ווייניקער ווי אין דער אמתן, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ באַ־שטעטיקונג אויף מיין אָרנטלעכקייט...

* * *

איך בין געקומען צו דער באַשטימטער צייט אין טעאַטער און דאָרט געטראָפן א בייזן מאַן מיט שאַרף־שטרענגע אויגן, אָן אַ ווּעלכן ניט איז סימן פון פריינדלעכקייט, וואָס האָט מיך געגעבן זיין האַנט און אונטערגעבור־טשעט זיין נאָמען, ווּעלכן איך האָב ניט געקאָנט אויפכאַפּן. ער האָט פון א בוך ארויסגעצויגן מיינע בויגנס צוגאָב־חשבונות און מיר געבעטן אין אַ שטרענגן טאָן איך זאָל אים אויפקלערן פונקט ביי פונקט פאַרוואָס איך בעט אזא אוצר מיט געלט פאר די צוגאָב־ארבעט, וואָס עס באַטרעפט א סך מער ווי דער אָריגינעלער קאָנטראַקט !...

איך האָב אים דערקלערט און אויפגעוויזן, אז לויט די אינסטרוקציעס פון ארכיטעקט האָב איך אַ סך טיילן געמוזט איבערמאַכן א סך זאַכן. איך האָב געדאַרפט בייטן קאָלירן און איבערמאָלן. עס זיינען אויך צוגעקומען צוגאָב־טיילן, וואָס אין „ביל אָוו קוואַנטיטיס" איז עס ניט געווען.

ער האָט אַלץ פאַרשריבן און געהייסן מיך גיין אהיים. „די הויפּט־ביוראָ פון דער שלעזינגער־אָרגאַניזאַציע וועט איך שוין לאָזן וויסן וועגן די רע־זולטאַטן, צי איר האָט זיי באַשווינדלט אָדער ניט !"

זעענדיק מיט וואָס פאַר אַ נפש איך האָב דאָ צו טאָן, האָט מיין שרעק זיך מער פאַרשטאַרקט. איך האָב פון אים ניט ארויסגעזען קיין שום מענטש־

לעכע ווייכקייט, נאָר אַ שטייפקייט און אַ שטרענגע האַלטונג. צי ער איז געווען א שונא־ישראל אָדער ניט; צי אן אָרנטלעכער מענטש אָדער ניט האָב איך פון אים ניט געקאָנט ארויסזען. איך האָב אָבער געהאַט ביטחון. מיין טבע איז שטענדיק געוועןביים איבערמעסטן אַן ארבעט: „זאָל בעסער מיינס איבערגיין". איך פלעג שטענדיק האָבן אין זינען, אז עס קאָן טרעפן מען זאָל מיך נאָכקאָנטראָלירן. און צו כאַפּן מיר ביי אַ „קליינער גנבהלע" — אויף דעם האָט איך זיך ניט געקאָנט דערלויבן. איבערהויפּט נאָך מיט דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע. אַ דורכפאַל וואָלט געמיינט — פאַרלירן זייערע ארבעט...

אין אַ וואָך ארום רופט מען מיך אין הויפּט־ביוראָ פון דער שלעזינגער אָרגאַניזאַציע. איך גיי מיט האַרצקלאַפּעניש... ווער ווייסט צי דער פסק־דין איז לטובת מיר אָדער קעגן מיר? איך בין זיכער, אז פון דעם פסק־דין איז אָפּהענגיק מיין גאַנצע צוקונפט־קאַריערע מיט אָט דער גרויסער שלע־זינגער־אָרגאַניזאַציע. איך קום אריין צום „שני למלך", די רעכטע האַנט פון ה׳ שלעזינגער אליין. ער באַגעגנט מיך מיט אַ גרויסאַרטיקן „גוט מאָרגן", און אַ ברייטער שמייכל צעגיסט זיך אויף זיין פנים.

„איך האָב פאַר איך זייער גרויסע און גוטע נייעס. איר האָט אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען, קאָן מען זאָגן, מיט אויסצייכענונגען. מיר דאָ זיינען געווען כמעט ווי זיכער, אז פון דעם קאָנטראַקט פון ׳היס־מעדזשיסטיס׳־טעאַטער, האָט איר געוואָלט אָפּלעקן א פעטן ביינדל, איר האָט אונדז גע־וואָלט באשווינדלען. דעם ה׳ שלעזינגער האָבן מיר דערפון גאָרניט דער־ציילט, נאָר צווישן זיך האָבן שוין אייניקע פון אונדז אייך געטאַדלט, אנדערע האָבן אפילו געזאָגט אז איר זייט ניט אזא גרויסער ׳צדיק׳ ווי איר שטעלט זיך עס פאַר. מיר האָבן אָנגעשטעלט אַ „סאָרווייער" ער זאָל איבערקאָנטראָ־לירן אַלע אייערע צוגאָב־חשבונות. אָט איז זיין ראַפּאָרט: ׳אַלץ איז ראַיעל און ריכטיק׳. פאַרקערט, אַנדערע טיילן זיינען נאָך געווען אונטערגעמאָסטן, ווייניקער ווי ס׳איז געווען. ער שרייבט, אז ער איז זייער פאָרזיכטיק דורכ־געגאַנגען די פאַרלאַנגטע צוגאָב־הוצאות פונקט ביי פונקט און איר זייט גע־ווען ריכטיק מיטן אָפּשאַצן די צוגאָב־אַרבעט וואָס איר האָט געמאַכט! אַלזאָ, איר האָט געוואונען!"

איך האָב טיף און פריי אָפּגעאָטעמט...

„איר ווייסט וואָס דאָס מיינט פאַר אייך? אייער פּרעסטיזש איז ביי

אונדז אלעמען געשטיגן זייער הויך. מיר שאַצן אָפּ אייער אָרנטלעכקייט — און דאָס מיינט פאַר אייך זייער פיל!...״

נאָך די אייניקע פאַלן איז זייער צוטרוי צו מיר געוואָרן אזוי גרויס, אז זיי האָבן אויפגעהערט בעטן ביי מיר פרייזן. מען פלעגט מיר הייסן מאָלן קינאָס און געביידעס אָן א פאָרויס־באַשטימטן פרייז. עס איז כדאי צו פאַר־צייכענען נאָר איין פאַל:

ווען די שלעזינגער אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעקויפט פון דער רעגירונג די גרויסע „עסקאָם־הויז״ געביידע, האָט מיך איין טאָג ה׳ דזשאָן שלעזינגער אָפּגעקלונגען און מיך געהייסן זיך גלייך שטעלן איבערמאָלן די גאַנצע גע־ביידע — אינעווייניק און פון דרויסן. דער חשבון פאר דער ארבעט האָט באַטראָפן ניט מער און ניט ווייניקער ווי 24 טויזנט פונט. און דאָס איז גע־מאַכט געוואָרן ניט פרעגנדיק פון פריער ביי מיר קיין פרייז.

# אונדזערע משפחות אין אַמעריקע

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויף מיינע געשעפטן ניט געהאַט קיין שלעכטע ווירקונג. אין דער צייט ווען בוי־ און מאָלעריי־אונטערנעמערס האָבן גענומען פילן דעם קריזיס, וואָס די מלחמה־יאָרן האָבן געבראַכט מיט זיך, איז מיין געשעפט גאָר געוואַקסן. זינט איך האָב אויסגעפירט פאַר דער שלעזינגער־אָרגאַניזאַציע די ארבעט פון דער ערשטער קינאָ, האָבן זיי מיר געגעבן איבערצודעקאָרירן איין קינאָ נאָך דער צווייטער. אויסער דער שלע־זינגער־אָרגאַניזאַציע בין איך אויך געוואָרן פּאָפּולער צווישן אַ סך יידישע און ניט־יידישע בוי־אונטערנעמערס, אזוי ארום, אז פאַר דער צייט פון די מלחמה־יאָרן בין איך געווען שטאַרק פארנומען מיט ארבעט, אז פאַר מיר אליין איז עס שוין געווען זייער שווער אָנצופירן מיט דעם פאַרצווייגטן געשעפט.

מיינע פאַרדינסטן זיינען געווען זייער הויך, אזוי אז איך האָב פאַר דער

קורצער צייט וואָס איך בין געווען באַשעפטיקט ביי דעם פאַך, שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט א גאַנץ גרויסן פאַרמעגן. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכ־קייט צו פירן גרעסערע געשעפטן. בהדרגהדיק בין איך געוואָרן אַ שותף צו פאַרשיידענע געביידעס, וואָס מיר אליין האָבן געבויט און פאַרקויפט און דער ריווח פון דעם איז געווען גאָר ניט קיין שלעכטער.

די צייט לויפט און די מלחמה האַלט שוין ביים סוף. מיר דערוויסן זיך פון דעם גרויסן חורבן פון די יידן אין מזרח־אייראָפּע. אונדזערע פאַרצווייג־טע משפּחות אין פּוילן — מיין פרויס און מיינע — זיינען אַלע אומגעקומען. אין אמעריקע האָבן געוווינט מיינע צוויי שוועסטערס. איינע האָט פאַרלאָזן די אַלטע היים ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען און קוים וואָס איך גערעדנק איר; די צווייטע — האָב איך שוין ניט געזען אַן ערך דרייסיק יאָר. מיין פרויס אַ שוועסטער און אַ ברודער געפינען זיך ערגעץ אין אמעריקע. אָבער מיר האָבן ניט זייערע אַדרעסן און דערפאַר — קיין מעגלעכקייט צו קאָמוני־קירן זיך מיט זיי.

טרעפט זיך גראָד אז האַרט ביים סוף פון דער מלחמה האָט מיינער א גוטער פריינד, אַ סוחר פון פרויען־קליידער, ה׳ רחמיאל ראָמאַלאָף, גענומען אויף זיך די ריזיקע און באשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע קיין ניו־יאָרק וועגן גע־שעפט. איך האָב אָנגעשריבן מעלדונגען אין יידיש, מיט אַלע דעטאַלן, און געבעטן אים ער זאָל עס אריינגעבן אין די רעדאַקציעס פון אלע יידישע צייי־טונגען, אז איך זוך מיין שוועסטער עטל. ער האָט עס פאַר מיר געטאָן. קומענדיק אהיים האָט ער מיר איבערגעגעבן, אז ניט געקוקט וואָס ער האָט אריינגעגעבן די מודעות אין אַלע יידישע צייטונגען — חוץ אין דער קאָ־מוניסטישער „מאָרגן־פרייהייט" — האָט ער אָבער ביז זיין אָפּפאָר אהיים קיין אָפּרוף פון איר ניט געהאַט.

אין אַ פּאָר חדשים ארום באַגעגנט מיך מיינער אַ לאַנדסמאַן און דער־ציילט מיר, אז אין דער ניו־יאָרקער יידישער צייטונג „דער אמעריקאַנער" האָט ער געלייענט אַ מעלדונג פון איינער א פרוי מיטן נאָמען עטל טאַ־באַטשניק, וואָס זוכט ה׳ רחמיאל ראָמאלאף אין אַ געוויסן האָטעל אין ניו־יאָרק. וויזט זיך ארויס אז מיין שוועסטער עטל לייענט ניט קיין אנדערע יידישע צייטונגען ווי נאָר די „מאָרגן־פרייהייט". פון די מעלדונגען וואָס ה׳ ראָמאלאף האָט אריינגעגעבן אין די אַנדערע יידישע צייטונגען האָט זי זיך דערוווסט דורך אַ צופאַל. ווען מיין שוועסטער איז געקומען אים זוכן אויף

דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס האָט זי, צו איר גרויסער אנטוישונג, זיך דער־וווסט, אז ה׳ ראַמאלאַף האָט שוין פאַרלאָזן ניו־יאָרק. צום גליק איז איר אד־רעס געווען אין דער מעלדונג, און אזוי ארום האָבן מיר זיך דערוווּסט ווו זי וווינט.

מיין שמחה איז איין לשער. איך האָב איר גלייך אוועקגעשיקט אַ בריוו, און געקראָגן פון איר אַן ענטפער. אזוי האָבן מיר באַנייט אונדזער קאָרעס־פּאָנדענץ מיט מיין שוועסטער. אין איינעם פון מיינע בריוו האָב איך איר גע־בעטן זי זאָל אויפזוכן מיין פרויס שוועסטער. איך האָב איר געגעבן אייניקע איינצלהייטן וואָס מיר האָבן געוווּסט וועגן איר. אזוי ארום האָבן מיר אָפּ־געזוכט מיין פרויס שוועסטער, וועמען מיין פרוי האָט אין גאַנצן ניט גע־קענט. ווען מיין פרויס שוועסטער איז אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, איז מיין פרוי געווען אַ קליין קינד.

אזוי האָבן ברידער און שוועסטער זיך ווידער דערקענט — אָבער נאָר דורך בריוו...

## מיין זון גיט מיר אריין אַן אידעע

ס׳איז געווען א הייסער זומער־טאָג. נאָך אַ טאָג שווערער ארבעט קום איך אריין אין שטוב אַ פאַרשוויצטער, אַ פאַרמאַטערטער. אַ גאַנצן טאָג בין איך ארומגעפאָרן מיטן אויטאָמאָביל אין דער גרויסער היץ פון איין געביידע צו דער אַנדערער. מיין עלטערער זון, אַ סטודענט, ליגט אויף דער סאָפע און לייענט א בוך. ער הייבט אויף די אויגן און באַגעגנט מיך מיט אַ שמייכל...

„וואָס איז דאָ צו שמייכלען?״ פרעג איך אים אַן אויפגערעגטער.

„עס נעמט מיך אָן אַ געלעכטער, טאַקע פון דיר!״ ענטפערט ער. אין אַ מינוט ארום ווערט ער ערנסט און גיט צו מיר אַ זאָג בזה הלשון:

„פּאַ, צו באַטראַכטן די לאַגע ערנסט דאַרף מען ניט לאַכן, נאָר וויינען... איך האָב געזען ווי דו ביסט ארויף די טרעפּ פאַרמאַטערט, אָפּגעגאָסן מיט שווייס, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער. איך מוז דיר אָבער זאָגן, אז ס׳איז ניטאָ וואָס צו לאַכן. מען דאַרף באַטראַכטן די לאַגע ערנסט. איך וויל דו זאָלסט מיר ענטפערן אויף איין פראַגע: האָסטו געגוג מיטלען פאַר דיר מיט דער מאַמען אויסצולעבן אייערע יאָרן אין קאָמפאָרט?״

„יאָ!״ ענטפער איך. „איך האָב גענוג! אָבער קעגן וואָס פרעגסטו דאָס?״

„איך פרעג דאָס קעגן דעם", ענטפערט ער גאַנץ רואיק און געלאַסן, „אויב פאַר דיר מיט דער מאַמען האָסטו געגוג, טאָ פאַר וועמען ארבעטסטו אזוי שווער? פאַר אונדז? פאַר מיר, פאַר מיין ברודער און שוועסטער? זאָג איך דיר, ווי אַן איבערגעגעבענער זון, אז דו טוסט ניט ריכטיק... פאַר אונדז דאַרפסטו אזוי שווער ניט אַרבעטן... מיר וועלן דיינע געלט, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, גאָר גיך פאַרשפּענדן!"

„איז וואָס־זשע, לויט דיין מיינונג, דאַרף איך טאָן? אָפּגעבן דאָס געשעפט, ארומגיין פוסט און פּאַסט איבער די גאַסן און גאָרניט טאָן?"

„ניט דאָס מיין איך", ענטפערט ער מיושבדיק און ערנסט. „דו מיט דער מאַמען האָבן פאַרלאָרן אייערע משפּחות אין אייראָפּע. עס האָט זיך דיר איינגעגעבן צו געפינען דיינע צוויי שוועסטערס מיט זייערע משפּחות און דער מאַמעס שוועסטער און ברודער מיט זייערע משפּחות אין אמעריקע. איר קענט דאָך זיי אפילו ניט! וואָלט ניט געווען אַ גלייכע זאַך צופאָרן קיין אמעריקע זיך טרעפן מיט אייערע פאַמיליעס? וואָלט ניט געווען גלייכער דו זאָלסט איבערלאָזן דייך אַרבעט און אַ זאָג טאָן: גענוג! און איר ביידע זאָלט מאַכן אַ לוסט־רייזע איבער דער וועלט, און טאַקע דער ערשטער אָפּשטעל זאָל זיין אַמעריקע, זיך זען מיט אייערע ברידער און שוועסטער און זייערע פאַמיליעס. אַ ביסל זיך אָנפרייען מיט זיי, און דורך דעם פאַרלענגערן אייערע ביידנס לעבנס, אָנשטאָט פאַרקירצן אייערע יאָרן דורך שווערער ארבעט, פאַרדרוס, הארצווייטיק און שברי־לב, וואָס אזא געשעפט ווי דיינער איז עלול צו ברענגען. ווען דו וואָלסט א קוק געטאָן אויף זיך וואָלסטו זיך ערנסט פאַרטראַכט און מסכים געווען אז איך בין גערעכט..."

אויפן מאָמענט האָב איך אים ניט געענטפערט. איך האָב באַטראַכט זיינע ערנסטע רייד און בעת־מעשה אוועקגעמאַכט עס מיט דער האַנט. אָבער זיינע רייד זיינען אריינגעדרונגען טיף ביי מיר אין דער נשמה און איך האָב אַ קלער געטאָן ביי זיך: ער איז דאָך פולשטענדיק גערעכט! מען דאַרף זיך טאַקע וועגן דעם ענין גוט אריינטראַכטן. סוף־כל־סוף ווערט מען דאָך ניט ייגגער... אָט־אָט, איידער מען זעט זיך ארום שטייט שוין די עלטער ביי דער טיר... איך מיט מיין פרוי האָבן גענומען אַנאַליזירן דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס און געקומען צום באַשלוס, אז אונדזער זון איז גערעכט. מען דאַרף אים טאַקע פאָלגן און מאַכן אַ רייזע קיין אמעריקע.

איך האָב לאַנג ניט געוואַרט און אוועקגעשריבן צו אונדזערע משפּחות,

אַז מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע קיין אַמעריקע, זיך טרעפן מיט זיי און מיט זייערע משפחות און טאַקע פאַרברענגען מיט זיי אַ לענגע־רע צייט.

* * *

די נייעס וועגן אונדזער קומען קיין אַמעריקע האָט אויפגערודערט אונדזערע משפחות. מיט יעדן בריוו איז די קאָרעספּאָנדענץ געוואָרן וואַרע־מער. נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך ניט זען און אַפילו ניט קענען, האָבן זיי גע־לעבט אין דערוואַרטונג אונדז צו טרעפן. דערווייל זיינען אונדזערע משפחות דאָרט געוואָרן פאַראייניקט ווי איין משפחה. מיינע שוועסטערס און מיין ווייבס שוועסטער זיינען געוואָרן ווי לייבלעכע שוועסטערס. זיי פלעגן זייער אָפט זיך אָפרופן טעלעפאָניש און גאַנץ אָפט טרעפן איינע די צווייטע. מיט אונדזער רייזע איז אָבער ניט צוגעגאַנגען אַזוי שנעל ווי מיר האָבן געהאָפט. קיין עראָפּלאַנען זיינען נאָך דאַן ניט געפלויגן קיין אַמעריקע. אויך קיין גרוי־סע שיפן זיינען ניט געגאַנגען — בלויז קליינע פראַכט־שיפן, וואָס פלעגן נע־מען מיט זיך ניט מער ווי צוועלף פּאַסאַזשירן. אין יענער צייט איז געווען זייער שווער צו קריגן אַ פּלאַץ אויף אַזאַ פראַכט־שיף.

אַ צווייטער שטער איז געווען: אויף וועמען לאָזט מען איבער דאָס געשעפט, וואָס האָט געהאַט בלויז איין אָנפירער — דאָס בין איך אַליין גע־ווען! צומאַכן דאָס געשעפט, וואָס אין יענער צייט האָט מען עס פאַרגליכן צו אַ גאָלד־גרוב, איז געווען אַ שאָד. קומענדיק צוריק אַהיים וואָלט מיך אויסגעקומען אָנצופאַנגען פון אָנהייב אָן.

נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָב איך באַשלאָסן אריינצונעמען אַ שותף, כדי איך זאָל האָבן אויף וועמען איבערצולאָזן דאָס אָנפירן פון געשעפט. איך האָב אָבער געהאַט זייער שלעכטע אָפּשניטן מיט שותפים ביים אָנהייב פון אויפבויען מיין געשעפט. אין דער זעלבער צייט איז קיין פּאַסיקער קאַנדי־דאַט צווישן די יידישע אונטערנעמערס אויך ניט געווען. מיר איז אויסגע־קומען צו ווענדן מיינע אויגן צו די קריסטלעכע קאָנטראַקטאָרס. צווישן דעם האַלבן צענדליק קריסטלעכע „מאַסטער פּיינטערס" איז מיין אויג געפאַלן אויף איינעם, וואָס וואָלט אפשר געווען אַ פּאַסיקער קאַנדידאַט פאַר אַ שותף, האָט ער מיך אָבער אנטזאגט. קאָנטיק אַז ער איז געווען פאַרזיכטיק אריינ־צוגיין אין שותפות מיט אַ יידן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס מיין רעפּוטאַציע איז געווען זייער אַ הויכע.

איינמאָל, גייענדיק אזוי אין שטאָט, האָב איך באַגעגנט דעם יונגן מאַקס האַכשטאַדטער, וועלכער האָט, קומענדיק אַהער פון דייטשלאַנד, געאַרבעט פאַר מיר אַ גאַנץ לאַנגע צייט. ער איז געווען אַ זעלטן־גוטער ארבעטער, פול מיט ענערגיע און אָרנטלעך דערצו. איך בין געווען צופרידן פון זיין ארבעט, און עס האָט מיך באמת פאַרדראָסן ווען איין טאָג האָט ער מיך אינפאָרמירט, אז האָבנדיק אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט דאָ אין שטאָט האָט ער באַשלאָסן צו עפענען פאַר זיך אַ קליינעם מאליער־געשעפט. עס איז מיר באמת געווען אַ שאָד צו פאַרלירן אזא גוטן באַלמעלאָכע און נאָך מער אזא אָרנטלעכן מענטשן. אָבער איך האָב אים געווונטשן גליק אין זיין נייער אונטערנעמונג און צוגעזאָגט הילף אויב ער וועט זיך נייטיקן אין דעם.

נאָך אַ קורצן שמועס מיט אים דערוויס איך זיך, אז קיין צו גרויסע געשעפטן טוט ער ניט. ער האָט געאַרבעט אליין, בלויז מיט איין געהילף און פלעגט צונויפשלאָגן אויף חיונה, ווי אַ סך יידישע קליינע מאליער־באַלעבאַטים אין יענער צייט. ער איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן און דערצו נאָך אַן אָרנטלעכער מאַן, — ער האָט געשטאַמט פון אַ אָנשטענדיקער און רייכער פאַרצווייגטער פאַמיליע אין דייטשלאַנד — אָבער קיין געשעפטלעכע דער־פאַרונג האָט ער ניט געהאַט.

עס איז מיר איינגעפאַלן פאַרצולייגן אים ער זאָל אריין מיט מיר אין שותפות. לכתחילה האָט ער ניט געוואָלט גלויבן, אז איך מיין עס ערנסט. ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אַ צווייטן מאָל און איך האָב אים אויפגעקלערט מיינע מאָטיוון פאַרוואָס איך וויל אים אריינגעמען אַלס שותף, האָבן מיר איינגעשטימט אויף פאָלגנדיקן אָפּמאַך: איך וועל פינאַנסירן דאָס געשעפט אַן פראָצענט. איך וועל האָבן זעכציק פראָצענט און ער פערציק פון גע־שעפט. און אזוי ארום זיינען מיר געוואָרן שותפים.

איך האָב אים גלייך געהייסן אויפגעבן זיינע עטלעכע קליינע קליענטן, אוועקלייגן די אַרבעטס־קליידער, אָנטאָן אַ לייטישן שיינעם אָנצוג מיט אַ ריינער ווייסער העמד און פאַרגעסן אז ער איז אַמאָל געווען אַן אַרבעטער. „פון אַרבעטן אליין מיט די אייגענע צען פינגער וועסטו קיין גליקן ניט מאַכן. אָבער פירן אַ געשעפט, אָננעמען קאָנטראַקטן פון גרויסע געביידעס, אָנשטעלן אַ סך אַרבעטער און אליין אכטונג געבן אויף דער אַרבעט — דאָס איז שוין עטוואָס אַנדערש. דאָס איז אַ צוקונפט!..“

* * *

איך האָב אים אָנגעהייבן לערנען ווי צו פירן אַ געשעפט אויף אַ גרויסן פאַרנעם, מיט אַ סך אַרבעטער. איך האָב אים געלערנט ווי אַזוי צו „פרייזן" און ווי אַזוי מען שטעלט אויס אַ קאָנטראַקט, עס זאָל אַרויסקומען גוטע אַר־בעט און אויך גוטע פאַרדינסטן. איך האָב אים געפירט פאַר דער האַנט ווי מען פירט אַ חדר־ייִנגל און געלערנט אַלע פּאַזן פון דעם געשעפט. אין צוועלף חדשים צייט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער תלמיד שטייגט אַרי־בער דעם רבין. דאַן האָב איך אים שוין געקאָנט לאָזן אַליין אָנצופירן מיט דער אַרבעט פון געשעפט.

איך האָב דאַן געפילט אַז עס איז ניט יושרדיק פון מיין זייט, ער זאָל קריגן ווייניקער פון מיר. איך האָב אים פאַרגעלייגט אַ גלייכע שותפות. עס איז שוין פאַרביי אַ קימא־לן פון איבער זיבן און צוואַנציק יאָר זינט מיר זיינען שותפים, און פאַר דער צייט האָבן מיר געהאַט בלויז איין־איינציקן איבעררייד — אָן עפּיזאָד וואָס עס איז כדאַי צו דערמאָנען, מחמת אַזעלכע עפּיזאָדן טרעפן זיך זייער זעלטן.

נאָכן זיין מיט אים אין שותפות אַרום קאַרגע פערצן יאָר, האָט זיך אונד־זער געשעפט גענומען בייטן צום ערגער. דער ייחוס פון געהערן צו דער „מאַסטער בילדערס אַסאָסיאיישן" האָט גענומען פאַרלירן זיין גלאַנץ. עס האָט זיך געשאַפן אַן אָפּאָזיציע צו דער יחסנישער גרויסער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גענומען קאָנקורירן, שניידן פרייזן אַזוי, אַז סוף־כל־סוף האָבן ביידע אָרגאַניזאַציעס זיך פאַראייניקט. און פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן „כל דיכפין", יעדער איינער וואָס האָט נאָר געוואָלט, האָט אָן קיינע שוועריקייטן געקאָנט ווערן אַ מיטגליד אין דער־אַ אָרגאַניזאַציע.

מיר, די אַלטע „פיינטער"־קאָנטראַקטאָרס, האָבן ביסלעכווייז פאַרלאָרן אונדזער ייחוס. אָנשטאָט איינצלנע געציילטע אויסדערוויילטע, זיינען אין דער בראַנזשע אַריינגעקומען אייניקע צענדליק. דעמאָלט האָט זיך די קאָנקורענץ צעפלאַקערט אַזוי, אַז דאָס געשעפט איז געוואָרן ניט דאָס וואָס געווען. דאָס געשעפט איז בלאָסער געוואָרן, פאַרלאָרן דעם פריערדיקן רייץ, און אויך די פריערדיקע רווחים האָבן גענומען ווערן קלענער. מיר האָבן זיך גענומען אָנשטויסן אויף פּראָבלעמען וואָס האָבן אונדז פאַרשאַפט פיל פאַרדרוס...

עקאָנאָמיש בין איך געווען פאַרזיכערט. איך האָב זיך דערשלאָגן צו ווערן אַ שותף צו אייניקע געביידעס אַזוי, אַז איך בין ניט געווען שטאַרק

אָפּהענגיק אָן די קאָנטראַקטאָרס־געשעפטן. אויסער דעם האָט מיין עלטע־רער זון (וועגן אים וועל איך שרייבן באַזונדער) געפירט גרויסע געשעפטן, וווּ איך האָב געהאַט אַ קליינעם חלק. מיט פּרנסה בין איך שוין געווען פאַר־זאָרגט, טאָ צו וואָס קומען אַלע טאָג אין ביוראָ און זיך אָנעסן מיט פאַרדרוס און האַרצווייטיק? איין טאָג האָב איך באַשלאָסן: גענוג! איך בין געקומען מיט אַ פאָרשלאָג צו מיין שותּף: איך לאָז אים איבער דאָס גאַנצע פיין־ארויפגעאַרבעטע און פּאָפּולערע געשעפט אָן קיין שום „גודוויל" (אָפּטרעט־געלט), אָן קיינע פאַרפּליכטונגען. איך האָב אים פאָרגעלייגט ער זאָל מיר אַרויסצאָלן פון געשעפט דאָס וואָס מיר קומט אַרויס, פאַרשטייט זיך, לויט זיינע מעגלעכקייטן, און זאָל דאָס געשעפט בלייבן ביי אים...

„איך קען דאָס ניט טאָן!" האָט ער אַ דערשראָקענער געענטפערט. „דאָס געשעפט איז דיינער, דו האָסט אים געגרינדעט און עס ארויפגע־אַרבעט. האָסט מיך אריינגענומען אַלס אַ שותּף אין געשעפט אָן געלט, האָסט מיך געלערנט ווי אַזוי אָנצופירן מיטן געשעפט, איז ווילסטו איך זאָל איצט איבערנעמען דאָס געשעפט פאַר זיך אַליין? איך וועל עס פאַר קיין פאַל ניט טאָן!.."

אַזוי האָט ער מיר קאַטעגאָריש דערקלערט. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער כמעט ווי געבעטן זיך ביי מיר: „איך האָב אָן אַנדער אויסוועג! איך ווייס אַז עס וועט דיר שווערער פון טאָג אָנצופירן מיטן געשעפט. די יאָרן שטייען ניט אויף איין אָרט, מען ווערט עלטער. איך ווייס אַז עס וועט דיר שווער צו קריכן אויף די נייע געביידעס. דעריבער באַפריי איך דיר פון די אַלע התחייבותן. וועסט שוין אויף די געביידעס ניט דאַרפן גיין. וועסטו וועלן קומען אין ביוראָ איז גוט, אויב ניט איז אויך רעכט. איך וועל אַליין טאָן די אַלע ארבעט, אָבער אַ שותּף אין געשעפט בלייבסטו ווי פריער!"

„אויף דעם בין איך ניט מסכּים", האָב איך אים געענטפערט. „בין איך אַ שותּף, וויל איך ארבעטן גלייך מיט דיר. און אויב איך ארבעט ניט, וויל איך מער קיין שותּף ניט זיין!"

אויף מאָרגן פרי איז ער געקומען מיט אַ נייעם פאָרשלאָג:

„איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. איך האָב געזוכט אַן אויסוועג ווי אַזוי ארויסצוקריכן פון אונדזער בשותּפותדיקן פאַרפּלאָנטערטן פּראָבלעם. און איך האָב אַ פאָרשלאָג. דאָס געשעפט זאָל זיין שותּפות ווי געווען. איך וועל אַליין טאָן די ארבעט ווי גיין אויף די געביידעס, זען אַז די ביוראָ זאָל

געפירט ווערן אין אָרדענונג, ווי עס באַדאַרף צו זיין. און דו — ווערסטו וועלן אמאָל ארייננקומען אין ביורא און א קוק טאָן וואָס עס טוט זיך איז גוט, און אויב ניט, מאַכט אויך ניט אויס ; ווערסטו האָבן אַמאָל חשק צו קומען באַטראַכטן אַ געביידע איז גוט. אָבער דו דאַרפסט פאַרשטיין אז דו האָסט דערביי קיינע פאַרפליכטונגען ניט. איך וועל עס אלץ נעמען אויף זיך. אָבער דערפאַר וויל איך אַ חודשלעכן געהאַלט, עלעהיי מיר נעמען אָן אַ באַצאָלטן מענעדזשער אָנצופירן מיטן געשעפט".

זיין פאָרשלאָג איז מיר זייער געפעלן געווען. „איז וויפל מיינסטו דאַרף באַטרעפן דיין געהאַלט ?" האָב איך אים געפרעגט.

נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער שטיל ארויסגערעדט :

„הונדערט פונט אַ חודש !"

דאָס ערשטע מאָל פאַר די דרייצן און אַ האַלב יאָר וואָס מיר זיינען געווען שותפים בין איך אויפגערעגט געוואָרן :

„הונדערט פונט אַ חודש פאַרן פירן אליין אזא געשעפט ? ביסטו אראָפּ פון זינען ?" האָב איך מיט אויפרעקונג אויסגעשריען.

„איז עס צופיל ?" האָט ער דערשראָקן גענומען זיך פאַרטיידיקן, „טאָ זאָל זיין ווייניקער. באַשטים אליין די סומע !"

„ניט ווייניקער ווי צוויי הונדערט פונט אַ חודש ! אנדערש וויל איך וועגן דעם גאָר ניט ריידן !" האָב איך אויסגערופן מיט כעס...

דאָ האָט זיך אָנגעהייבן אַ דינגעניש פון זיין זייט. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט נעמען צוויי הונדערט פונט אַ חודש. דאָס איז צופיל פאַר אים. נאָך לאַנגע ארגומענטן און פאַרהאַנדלונגען איז געבליבן, אז דערווייל, צייטוויייליק, באַקומט ער הונדערט און פופציק פונט א חודש. שפּעטער, אויב דאָס געשעפט וועט פאַרבעסערט ווערן, וועט ער זיך אפשר לאָזן איבעררײדן...

דאָס איז געווען דער איין און איינציקער מאָדנער איבעררייד צווישן אונדז פאר די קנאַפּע 28 יאָר זיין שותפים אין געשעפט.

זיין פּלוצלונגדיקער טויט דעם 9טן דעצעמבער 1971 האָט דערשיטערט אונדזער גאַנצע משפחה. ער איז ניט בלויז געווען אַ שותף אין געשעפט, ער איז געווען פאררעכנט ווי אַ מיטגליד פון אונדזער משפחה...

# אויפן וועג קיין אַמעריקע

אין יענער צייט, אָנהייב 1947, איז אָנגעקומען זייער שווער צו קריגן אַ רעזערוואַציע אויף אַ וועלכער ניט איז שיף. אויך פּאַספּאָרטן, וויזעס און אנדערע דאָקומענטן, וואָס ס'האָט זיך געפּאָדערט כדי צו פּאָרן קיין אויס־לאַנד בכלל, און אין אמעריקע בפרט איז אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן, פּשוט קריעת־ים־סוף. נאָך אַ סך ערגערנישן, פּאַרדרוס און אנטוישונגען איז דער געגאַרטער טאָג צו פּאָרן קיין אמעריקע געקומען...

מיט מזל זיינען מיר שוין אין דערבן אויף אַ פּראַכט־שיף, וואָס דאַרף זיך לאָזן פּאַר גאַנצע דריי וואָכן איבערן אַטלאַנטיק, אויפן וועג קיין ניו־יאָרק. קען עמעצער זיך פּאָרשטעלן דעם „קבלת־פּנים" וואָס די גוואַלדיק־גרויסע כוואַליעס פון אַטלאַנטיק האָבן אונדז מיט די אַנדערע צען פּאַסאַזשירן גע־געבן, נאָכדעם ווי דאָס קליינע פּראַכט־שיף איז ארויס פון דערבענער האַפן ? קען עמעצער וואָס האָט דאָס אליין ניט דורכגעמאַכט זיך פּאָרשטעלן וואָס

מיינט דורכברעכן די גרויסע שטורעמדיקע כוואַליעס, וואָס יעדע איינע פון זיי הייבט זיך אויף אויף אַ הויך פון אַ צוויי־שטאָקיקער הויז און לאָזט זיך מיט ירגזון אַראָפּ אויף דאָס שיפל, גיט איר מכלומרשט אַ „גלעט", און פון דעם־אָ „גלעט" הייבט דאָס שיפל אָן וואַרפן אין אַ „קדחת"...

עס איז נאַכט. אַ פינצטערניש וואָס מען קאָן עס אָנטאַפּן מיט דער האַנט. אין הייך־צימער אויף דער שיף האָט אויסגעבראָכן אַ פייער. די עלעקטרישע איינריכטונגען זיינען קאַליע געוואָרן און דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן גע־וואָרן. מיר זיינען אין רעכטן מיטן שטורעם. דער ים איז צאָרנדיק. ער וואַרפט דאָס שיף ווי אַ פוטבאָל־פילקע ארויף און אראָפּ, דרייט איר פון איין זייט צו דער צווייטער, וויגט איר ווי אַ קינדער־וויגעלע. קיין סימן פון אַ שטערן זעט מען ניט אויפן הימל. חושך מצרים. דאָס גערויש לאָזט ניט רוען. וועגן כאַפּן א דרעמל איז אָפּגערעדט. דערצו נאָך האָט דאָס מעבל אין דער קאַיוטע זיך צעשפּילט, גליטשט זיך פון איין וואַנט צו דער אנדערער — און צוריק. די וואַזעס מיט בלומען וואָס זיינען געווען אויף די טישלעך, די בילדער אויף די ווענט ליגן שוין צעבראָכענע אויפן דיל, און דער געקלאַ־פּער פון די צעבראָכענע שטיקלעך גלאָז און ראַמען פון די בילדער איז מוראדיק. מיר ליגן אויף די בעטלעך און עס וואַרפט אונדז ווי אין אַ קדחת, עס טרייסלט אונדז אַ צאָן אָן אַ צאָן... פאַרשיידענע מרה־שחורהדיקע גע־דאַנקען פּלאָנטערן זיך אין מוח: איז דאָס שוין אונדזער סוף? וועלן מיר עס איבערלעבן און דערזען די ליכטיקע שיין?

מיט אזא „קבלת־פּנים" האָט אונדז דער שטורעמדיקער ים באַגעגנט די ערשטע נאַכט פון אונדזער רייזע אויף דער שיף. די מאַטראָסן לויפן הין און צוריק... דערביי פאַרגעסן זיי ניט צו בארואיקן די פּאַסאַזשירן, אז אלץ וועט זיין אין אָרדענונג ווי נאָר מיר וועלן דורכברעכן די „קייפּ־ראָלערס" (די קייפּ־שטורעם וואַסערן). מען האָט זיך געמוזט טרייסטן מיט דעם — אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? מיר ליגן איינגעגעוורעטע אין די בעטלעך און האַלטן זיך פעסט צו, דער שטורעם זאָל אונדז ניט ארויסוואַרפן פון זיי.

ווי גוט וואָלט געווען — טראַכט איך — ווען איך וואָלט געווען אַ בעל־ביטחון ווי מיין טאַטע ע"ה איז געווען. ער וואָלט זיך פאַרטומלט מיט קאַ־פּיטלעך תהילים און מיט „שמע־ישראל"... מיר ליגן אין שרעק און קוקן אויס אויף דער מינוט ווען די עלעקטרישע לאָמפּן וועלן זיך אָנצינדן און דער ירגזונדיקער ים וועט זיך ענדלעך מיט אונדז איבערבעטן...

* * *

מיט צרות האָבן מיר ווי עס איז דערלעבט צו זען דעם טאָג. ווען די זון האָט זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט האָט דער ים זיך אויך באַרואיקט, זיך צעשמייכלט מיט זון רינצלדיקן אויבערפלאַך. דאָס פייער אין הייץ־צימער איז פארלאָשן געוואָרן, די עלעקטרישע איינריכטונגען איז פאַרריכט געוואָרן און דאָס לעבן אויף דער שיף האָט אָנגענומען אַ מער נאָרמאַלן כאַראַקטער.

נאָכן באַקענען זיך מיטן שיף־פּערסאָנאַל, מיט די אָפיצערן און מאַט־ראָסן האָבן מיר גלייכצייטיק זיך אויך באַקענט מיטן אַמעריקאַנער נוסח און גייסט, וואָס איז פאַר אונדז געווען גאָר ניי. די שיף איז געווען אַן אמע־ריקאַנער און די מאַנשאַפט אין באַשטאַנען פון בלויז אמעריקאַנער. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אמת־וואַרעמער, ניט געקינצלטער פריינד־שאַפט. יעדערנס פּנים האָט אונדז איבערצייגט אין דער אויפריכטיקייט פון דער פריינדלעכער באַציאונג צו אונדז.

דער יונגער קאַפּיטאַן, (אגב, דער ייִנגסטער שיף־קאַפּיטאַן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן), סך הכל 34 יאָר אַלט, האָט זיך דעם ערשטן טאָג גע־האַלטן פון דער וויטן... מסתמא צוליב זיין יונגשאַפט האָט ער מיט דער־אָ האַלטונג זיינער געוואָלט שאַפן מער אָנזען, ארויסרופן מער דרך־ארץ צו זיך. לאַנג האָט ער עס ניט אָנגעהאַלטן. אין עטלעכע טעג ארום איז ער גע־וואָרן חבריש און גענומען אָנטיילנעמען אין אונדזערע געשפּרעכן און וויצן, אפילו זיך מיטבאַטייליקט אין אונדזערע פאַרוויילונגען. ביסלעכוויז האָבן מיר זיך גענומען פונאַנדערקלייבן אין דעם אונטערשייד פון דעם אמערי־קאַנער טיפּ מענטש און לעבן מיט דעם פון דרום אפריקע.

## דער נעגער דזשאָנסאָן

דזשאָנסאָן איז געווען א יונגער נעגער, אַ לאַקיי, וואָס האָט באַדינט די אָפיצערן אויפן שיף. נאָכן ענדיקן זיין ארבעט אין עס־צימער, איז ער געזעסן לעבן דעם מיסיאָנערישן גלח, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צוריק אהיים קיין קאַנאַדע, פון אַ מיסיע אין דרום אפריקע.ביידע האָבן געשמועסט גע־מיטלעך, ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד.

לאַזנדיק קנוילן רויך פון זיין כפל־שמונהדיקער, אָפּגעבליאַקעוועטער ליולקע דעם גלח גלייך אין פּנים אריין, וואָס ער, דער גלח, האָט געהאַלטן

אין איין אוועקבלאָזן פון זיך, האָט דזשאָנסאָן היציק זיך געקאָכט אויף פּרע־זידענט טרומאַן:

„ער געפעלט מיר ניט, דער פּרעזידענט און איך שרעק זיך שטאַרק אז ער, פּרעזידענט טרומאַן, זאָל ניט קאַליע מאַכן דאָס, וואָס דער פאַרשטאָר־בענער פּרענקלין ד. רוזוועלט האָט אויפגעטאָן. דו פאַרשטייסט, פאַסטאַר, דער איצטיקער פּרעזידענט, טרומאַן, האָט ניט קיין פעסטגעשטעלטע מיי־נונג. ער זוכט אַלעמען צופרידנשטעלן. היינט איז ער מיט די דעמאָקראַטן און מאָרגן מיט די קאָנסערוואַטאָרן. ווו האָסטו געזען, פאַסטאַר, אז אַ פּרע־זידענט זאָל אַלעמען ועלן צופרידנשטעלן? אפילו דער גרויסער רוזוועלט האָט עס ניט געקאָנט באַוויזן. די קאָנסערוואַטאָרן זיינען געווען רוזוועלטס פאַרביסנסטע קעגנער דערפאַר, ווייל ער האָט זיך איינגעשטעלט און גע־וואָלט פאַרבעסערן די לאַגע פון פּשוטן מענטשן, פון אַרבעטער. אָבער רוז־וועלטן האָט עס ניט געקימערט. ער האָט זיך געהאַט זיין וועג, זיין ריכטונג. ער האָט געוווסט וואָס ער וויל און צו וואָס ער צילט! אָבער טרומאַן? ער בלאָנדזשעט דאָך! ער טאַפּט אין דער פינצטער און ווייס ניט אויף וואָסער וועלט ער איז! איצט זיי אַ חכם און גיי ווייס וווהין ער קאָן דאָס לאַנד דערפירן?"

דאָס געשפּרעך האָט מיך פאַראינטערעסירט. איך האָב זיך אוועקגעזעצט אנטקעגן דזשאָנסאָנען און מיט נייגער זיך צוגעהערט צו זייער פּאָליטישן שמועס. קאָנטיק, אז דער פאַסטאַר האָט ניט געוואָלט זיך אריינלאָזן אין אַ וויכוח מיט דזשאָנסאָנען, האָט ער אויף די מערסטע פון זיינע ארגומענטן צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ און אָפּטמאָל זיך ארויסגעזאָגט: „אפשר ביסטו טאַקע גערעכט, דזשאָנסאָן!"

דזשאָנסאָן האָט זיין פּאָליטיק אריבערגעפירט צו ענגלאַנד, צו דער בע־ווין—אַטלי רעגירונג. „זיי", זאָגט ער, „זיינען דאָך כלומרשט שוין ארבע־טער־פירערס! נו, איז וואָס קומט ארויס דערפון. קאָנסטו זיי כאָטש גע־טרויען איין וואָרט, איין צוזאָג זייערס? אז דו האָסט דאָ צו טאָן מיט מענטשן, מיט פּאָליטיקער, וואָס זייערע רייד איז ניט ווערט מער ווי דאָס רויך פון מיין ליולקע! אַלץ וואָס זיי זאָגן — מיינען זיי עס ניט. היינט גיי און פיר מיט זיי געשעפטן! גיב זיי געלט! — יאָ, דאָס ווילן זיי. ווייטער גאָרניט. אַ חלק האָבן זיי אריינגעלייגט?... און טרומאַן, ווי אַן אייזל — גיט!"

דזשאָנסאָן האָט געמערקט ווי איך הער זיך צו מיט אינטערעס צום שמועס, האָט ער אָפּגעלאָזן אַמעריקע און ענגלאַנד און זיך אַ נעם געטאָן צו דרום־אפריקע. פּעך און שוועבל האָט ער געגאָסן אויף דרום־אפריקע מיט איר ראַסן־סיסטעם. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט רוצחישע אויגן, גע־קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש און אויסגעגאָסן זיין גאַנצע „תוכחה" אויף דרום־אפריקע מיט אירע ווייסע...

זיין צאָרן איז ניט געווען קיין אומזיסטער. דאָס איז געווען דאָס ערש־טע מאָל וואָס ער האָט באַזוכט דרום־אפריקע. ווען די שיף האָט זיך אָפּגע־שטעלט אין דערבענער האַפן, האָט ער זיך ארויסגעלאָזט איבער די דערבענער גאַסן זיך ווילגיין אויפן מאַטראָסן־שטייגער. און דאָ איז געקומען די ערשטע אנטוישונג: ווען עס האָט זיך אים שוין איינגעגעבן צו געפינען אַ שענק, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים ברייטן טיש, וואָס איז געווען ארומגע־זעצט מיט ווייסע שענק־באַזוכערס, האָט מען אים מיט ווילדע באַליידיקונ־גען פון דאָרט ארויסגעיאָגט. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין אַ צווייטן און אין אַ דריטן שענק — און אַלץ צוליב דעם וואָס זיין הויט איז שוואַרץ...

אַן אַנטוישטער, מיט אַ ברענענדיקן כעס, אָבער גלייכצייטיק זייענדיק שטאָלץ דערמיט וואָס ער איז אַן אמעריקאַנער בירגער, האָט ער געלאָזט פאַלן זידל־ווערטער אויפן חשבון פון די אַפריקאַנער ווייסע מיט דער רע־גירונג זייערער. דזשאָנסאָן איז ניט געווען צו פאַרזיכטיק מיט זיינע זיד־לערייען. אייניקע ווייסע, וואָס זיינען גראָדע ארויסגעקומען פון שענק, האָבן דערהערט די „חוצפּה" פון אַ שוואַרצן, האָבן זיי מיט אים זיך אויסגעטענהט גאָר אויף אַן אַנדער אופן — זיי האָבן אים שיעור ניט געממיתט. אַ צעשלאָ־גענער, אַ צעבלוטיקטער האָט ער זיך קוים דערשלעפּט צו זיין שיף...

איך האָב אים פּרובירט איבערצייגן, אז ניט אַלע ווייסע אין אפריקע האָבן די זעלבע באַציאונג צו די שוואַרצע. פאַרקערט, עס זיינען דאָ אין אפריקע אַ ליבעראַלע און קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס קעמפן קעגן דער רע־גירונג פאַרן דיסקרימינירן די שוואַרצע. אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. „איר קענט האָבן אייער אפריקע. פאַר מיר וואָלט געווען אַ שאַנדע צו זיין אַ בירגער פון אַ לאַנד, ווו איין מענטש טאָר ניט שטיין אָדער זיצן לעבן אַ צווייטן — מעגן זיי זיין פריינד — נאָר דערפאַר ווייל איינער האָט אַ שוואַר־צע הויט און דער צווייטער אַ ווייסע. איך בין שטאָלץ מיט אונדזער אמע־ריקע!" האָט דזשאָנסאָן פאַרענדיקט זיין געשפּרעך מיט פאַרדרוס.

# צוויי קאָנטינענטן פרעגן די זעלבע פראַגע

איך שפּאַציר אויפן שיף־דעק מיט אַ צעבאַלעוועטן, אכצן־יאָריקן דער־בענער ייִדישן בן־יחיד. מיט אַמאָל איז ער שטיין געבליבן, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און אָנכאַפּנדיק מיר פאַרן האַנט האָט ער אויסגעשריען:

„זעט נאָר, זעט! ווייסע שפּילן צוזאַמען מיט שוואַרצע..."

אויפן דעק האָבן די מאַטראָסן פון דער שיף, וואָס איז באַשטאַנען פון ווייסע און שוואַרצע, געשפּילט זייער נאַציאָנאַלן שפּיל, „בייז־באָל". אויף מיין באמערקונג, אַז ביי די צפון־אמעריקאַנער איז עס אַ נאַטירלעכע דער־שיינונג. דער אמעריקאַנער זעט אין קאָליר פון מענטשן קיין אונטערשייד ניט, האָט מיין יונגער שיף־פריינד מיט צאָרן אויסגעשריען:

„ווי אַזוי קאָנען זיי דאָס טאָן?"

איין טאָג זיינען די מאַטראָסן געווען באַשעפטיקט מיטן איבערמאָלן די שיף. דער אויפזעער איבער דער אַרבעט איז געווען אַ נעגער. ער האָט גע־געבן באַפעלן און אינסטרוקציעס צו איניקע ווייסע מאַטראָסן. דאָס האָט זייער געערגערט אונדזערע אפריקאַנער אויף דער שיף. „ס'איז עפּעס ניט אין אָרדענונג מיט די אַמעריקאַנער! אַ שוואַרצער זאָל באַלעבאַטעווען אי־בערן ווייסן?!" האָט דער יוגנטלעכער פון דערבן זיך געקאָכט. „איך קען זיי ניט פאַרשטיין!"

„יאָ, אוודאי איז עס ניט אין אָרדענונג", האָט אַן אמעריקאַנער מאַטראָס, וואָס האָט געהערט די באַמערקונג פון דעם יוגנטלעכן, זיך אָפּגערופן. „אָבער ניט מיט די אמעריקאַנער, נאָר טאַקע מיט אייך, אפריקאַנער!"

דער יוגנטלעכער האָט אָנגעקוקט דעם מאַטראָס מיט פאַרחידושטע אויגן.

זייענדיק שוין אין אמעריקע, איבערהויפּט אין ניו־יאָרק־סטייט, איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט אַמעריקאַנער יידן און קריסטן, אָרעמע און רייכע און כמעט אלע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט אונדזער ראַסן־פראַגע, מיט דער באַציאונג פון אונדז, ווייסע, צו די שוואַרצע איינוווינער אין לאַנד, און מיט יעדן איינעם פלעגט דער שמועס זיך ענדיקן מיט דער פראַגע: „ווי קאָנען עס די ווייסע אין אייער לאַנד זיך באַציען אַזוי צו די שוואַרצע?"

# „דאַק"

מער פון אַלעמען, סיי פון אָפיצערן און סיי פון מאַטראָסן, איז געווען באַשעפטיקט אויפן שיף „דאַק" (אזוי האָבן אים אַלע גערופן). פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געווען פאַרנומען. ער האָט גערייניקט די קאַבינעס, געוואַשן, באַדינט אַלעמען און געזוכט יעדן איינעם פון די פּאַסאַ־זשירן צופרידנצושטעלן.

„דאַק" איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, מיט יונג־ליבלעכע בלויע אויגן, אָבער שוין מיט ווייס־זילבערנע האָר אויפן קאָפּ. ער איז געווען דער הויפּט־נערוו פון דער שיף. מיט האַרציקער פריינדשאַפט און מיט זיין תמיד אויפריכטיקן שמייכל האָט ער זיך מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט באַ־צויגן צו אַלע פּאַסאַזשירן פון דער שיף. ער האָט זיך באַמיט מיט אַ וויץ אָדער אַ גלייכווערטל צו פאַרטרייבן די שלעכטע שטימונג פון יעדן וואָס האָט זיך געשפּירט ניט אמבעסטן, האָט עס געמעגט זיין אַ ייד צי אַ קריסט, אַ ווייסער צי אַ שוואַרצער.

עס איז געווען נאַכט. נאָך אַ הייסן טאָג ביים עקוואַטאָר איז „דאַק" ארויפגעקומען אויפן דעק פון שיף זיך אָפּרוען אַ ביסל, כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט און אויסגלייכן די ביינער אין אַ וויכן דעק־שטול. די פולע לבנה, ארומגערינגלט מיט מיליאָנען שטערן האָט פאַרשפּרייט אַ טונקעלע ליכט. די לופט האָט מחיהדיק אָפּגעפרישט. אַ קיל ווינטעלע האָט געגלעט צאַרט ווי אַ מאַמעס האַנט, ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַר דער הייסער זון, וואָס האָט אומברחמנותדיק געבערענט און געבראָטן מיט אירע פייערדיקע שטראַלן דעם גאַנצן טאָג.

„דאַק" ליגט זיך אזוי אויסגעצויגן רחבותדיק אין דעק־שטול און קווענקלט אַן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די מלחמה־יאָרן, ווען ער האָט אויף אַ קריג־שיף, באַלאָדן מיט מיליטער און וואָפן, אויך געטאָן די זעלבע ארבעט. אָבער די צייט איז דאַן ניט געווען אזא זיכערע... שרעק און אומרואיקייט האָט שטענדיק נאָכגעפאָלגט... מען האָט זיך דאַן ניט געקאָנט דערלויבן אזא פאַרגעניגן, ווי ליגן אויסגעצויגן רואיק אויף אַ דעק־שטול. דער שונא האָט געלויערט פון אַלע זייטן, באזונדערס די פאַרשאָלטענע אונטערוואַסער מש־חיתים...

„נאָך היינט״, דערציילט ער מיט שרעק, „„שטעלן זיך מיר מיינע האָר קאַפּויער, ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם שרעקלעכן פּאַל ווען אונדזער שיף, באַגלייט פון בײדע זײטן פון שוועסטער־שיפן, האָבן אין אַ גרויען פרימאָרגן זיך אָנגעשטויסן מיט צוויי דייטשישע אונטערוואסער־שיפן. עס איז געווען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט !״

ער און זיינע חברים, דערציילט ער, האָבן געקעמפט ווי ווילדע טיגערס. נאָך אַ לאַנגער און ביטערער שלאַכט האָט מען באזיגט דעם שונא.

„אונדזערע באַגלייט־שיפן זיינען געזונקען געוואָרן. אַ סך קרבנות געפאַלן... עס איז געווען פיינלעך, כאָטש נעם און וואַרף זיך אין וואַסער אריין צוזאַמען מיט דיינע בעסטע חברים און פריינד, וואָס זיינען אומגעקו־מען ! און וואָס מיינט איר האָבן מיר געטאָן מיט די פאַרשאָלטענע דייטשן, וואָס זיינען ארומגעשווומען אין זייערע רעטונגס־גאַרטלען אויפן וואַסער פלאַך און מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן מען זאָל זיי ראַטעווען ? מיט מיינע אייגענע הענט האָב איך זיי ארויפגעבראַכט אויפן דעק פון אונדזער שיף, געגעבן זיי עסן און טרינקען, געהיילט זייערע ווונדן, פונקט ווי זיי וואָלטן געווען אונדזערע ברידער...״

„דערטרינקען ווי הינט האָט איר זיי געדאַרפט !״ איז געפאַלן אַ צווישנרוף.

„מיר זיינען אַמעריקאַנער !״, האָט ער שטאָלץ געענטפערט. „מלחמה־שונאים אָדער ניט. נאָך דער שלאַכט האָבן מיר שוין געהאַט צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, וועלכע זוכן זיך ווי צו ראַטעווען פון טויט ! אזוי לערנט אונדז די אמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. ווען די שלאַכט איז אריבער און מענטשן בעטן זיך ראַטעווען פון דערטרונקען צו ווערן אין די טיפענישן פון ים, דעמאָלט פאַרשווינדט יעדער אונטערשייד, דעמאָלט האָבן מיר צו טאָן מיט מענטשן. און נאָך וויל איך אייך זאָגן : אמעריקע איז ווי אַ גרויסער שמעלץ־טאָפּ, ווו אַלע מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן ווערן אײ־בערגעשמאָלצן אין אמעריקאַנער בירגער. די צרה איז, וואָס ניט אַלע אמע־ריקאַנער זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיקן דעמאָקראַטישן גייסט. ביי אונדז זיינען אויך פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן ברעכן אונדזער קאָנסטיטוציע, אָבער דאָס וועט זיך זיי קיינמאָל ניט איינגעבן !..״

# דער מיליאָנער

איינער פון די פּאָפּולערסטע פּאַסאַזשירן אויף דער שיף איז געווען אַן אמעריקאַנער מיליאָנער, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט אהיים, נאָך אַ קורצן באַזוך אין דרום אפריקע. פּאָפּולער איז ער געווען ניט צוליב זיין פאַרמעגן, נאָר אַ דאַנק זיין פּשטות און פריינדלעכער באַציאונג צו יעדן מיט־רייזנדן אויפן שיף.

ער האָט זיך ארומגעדרייט צווישן די אָפּיצערן און מאַטראָסן, אָנגעטאָן אין קורצע הייזלעך. מיט אלעמען זיך געחברט. אַ סך האָבן אים אפילו גע־רופן ביים ערשטן נאָמען זיינעם. ער איז געווען אַ מאַן אין די זעכציקער יאָרן, אָבער מיט זיין יוגנטלעכן אימפּעט און ענערגיע האָט ער אויסגענוצט די דריי־וואָכיקע נסיעה אויף דער שיף, וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. יעדן פרימאָרגן האָט ער צוגעגרייט באַריכטן פאַר זיינע 49 אקציע־געזעל־שאַפטן, ווו ער איז געווען דירעקטאָר, ווי אויך באַריכטן פאַר דער פרעסע. אין צווישן פלעגט ער געפינען צייט זיך אוועקצולייגן אויף אַ דעק־שטול צו כאַפּן אַ שמועס מיט אונדז, דרום אפריקאַנער.

אין דער יוגנט — דערציילט ער — איז ער געווען אַ צייטונגס־פאַרקוי־פער, געטאָן כל עבודת פּרך. היינט איז ער אַ באַנקיר, אַ דירעקטאָר פון אַ פילם־געזעלשאַפט, אַ דירעקטאָר פון אַ כעמישער אינדוסטריע און דאָס, זאָגט ער מיט שטאָלץ, האָט ער געקאָנט דערגרייכן נאָר אין דעם לאַנד פון פרייהייט, אין דעם לאַנד ווו מען פרעגט זיך ניט אויף דיין ייחוס־אבות און צו וועלכע נאַציע אָדער ראַסע צו געהערסט...

„בלויז אין אונדזער אמעריקע האָט געקאָנט פּאַסירן, אז אַן איינפאַכער פּאָליציאַנט זאָל גרייכן צו דער מדרגה פון ווערן בירגערמייסטער פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט — פון ניו־יאָרק. און מיר, אַמעריקאַנער, זיינען שטאָלץ מיט אזעלכע בירגערמייסטערס און פּרעזידענטן. און נאָך וואָס : אונדזער לאַנד ליידט חלילה ניט דערפון. פאַרקערט, מיר מאַרשירן פאָרויס שנעלער און זיכערער מיט אונדזער אַנטוויקלונג און ציוויליזאַציע ווי וועלכע עס איז אַנדער לאַנד !"

מיט פריינדשאַפט האָט ער אונדז געגעבן אָנווייזונגען מכוח אמעריקע. ער האָט אונדז געעצהט דאָס בעסטע און איז געווען פאַראינטערעסירט, אז מיר זאָלן זיך פילן גוט אין אמעריקע.

איך האָב געקוקט אויף דעם אמעריקאנער מיליאָנער און אויף דער דרום אפריקאַנער פרוי מיט איר צעבאַלעוועטן 18 יאָריקן זון, און איך האָב אַ קלער געטאָן: וואָס וואָלט געווען, ווען דער מאַן פון דער דרום־אפריקאַנער פרוי, וואָס איז אין דער צייט פון מלחמה רייך געוואָרן, וואָלט פאַרנומען די זעלבע פּאָזיציע אין לעבן ווי דער פשוטער אמעריקאַנער מיליאָנער? מיר דוכט אז „דאַק" דער אויפּפּאַסער וואָלט געווען פאַר איר ניט גענוג צו באַדינען און אַלע מאַטראָסן מיטן קאַפּיטאַן בראש וואָלטן געדאַרפט זיין צו איר דינסט...

# באַגעגעניש מיט אונדזערע משפחות

לאַנג האָבן מיר געוואַרט אויפן מאָמענט ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען פּנים־אל־פּנים מיט דער „פרייהייט־סטאַטוע". מיר האָבן געציילט די שעהן ביז מיר וועלן אריינשווימען אין ניו־יאָרקער האַפן, וועלכער געפינט זיך סך־הכל אַ פופצן מינוט רייזע פון דער „פרייהייט־סטאַטוע" — דער איינציקער האַפן אין דער וועלט, ווו אין מיטן ים איז קינסטלעריש געמאַכט געוואָרן אַן אינדזל אויף וועלכן עס שטייט די סטאַטוע מיט איר אויסגעשטרעקטער האַנט אין וועלכער זי האַלט אַ פאַקל צו באַגריסן יעדן נייעם אימיגראַנט, וואָס קומט צו די ברעגעס פון אמעריקע. מעג עס זיין אַן אַנטלאָפענער פון פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד, אָדער גאָר אַן אַנטלאָפענער פון צאַרישן פריזיוו. מעג עס זיין א פארפאָלגטער ייד, אַ רוס צי אַ דייטש, אַ פראַנצויז, אַ האָלענדער, אַן איטאַליענער אָדער אַן אירלענדער — אָן אונטערשייד ווינקט צו אים די „פרייהייט־סטאַטוע" מיט איר שטומען רוף:

„אין מיין מדינה זיינען אַלע גלייך! אין מיין מדינה וועט דיר קיינער ניט פאַרפאַלגן דערפאַר ווייל דו דינסט צו דיין גאָט... קום אריין צו אונדז אין גרויסן שמעלץ־טאָפּ, ווו דו וועסט ווערן אַן אמעריקאַנער בירגער און וועסט אונדז העלפן בויען און אנטוויקלען אונדזער לאַנד, וואָס געהערט צו אונדז אַלעמען!..״

ס'איז אונדז געבליבן בלויז נאָך איין טאָג רייזע אויף דער שיף. אָבער אָט איז געקומען אַ באַפעל אז אונדזער שיף זאָל בייטן איר קורס און אַנשטאָט ניו־יאָרק זאָל זי לאַנדן אין באַלטימאָר. אַלע אויף דער שיף, די פּאַסאַזשירן, אָפיצערן און מאַטראָסן זיינען געווען זייער אנטוישט און האָבן געוואָרפן אָפּשייד־בליקן צו ניו־יאָרק און צו דער „פרייהייט־סטאַטוע״.

די ידיעה האָט אונדז אַלעמען צעטומלט. נאָך אזוי פיל טעג אויפן ים, האָבן מיר שוין געוואָלט פילן הארטן באָדן אונטער די פיס, און דאָ פּלוצ־לונג — באַלטימאָר, וואָס איז אַן ערך 200 מייל פון ניו־יאָרק. און ווער פון אונדזערע משפחות וועט זיך עס אונטערנעמען קומען אונדז באַגעגענען אזא מהלך?

מיר זיינען געווען זייער פאַרצווייפלט פון די נייעס. איך האָב אָפּגע־שיקט טעלעגראַמעס צו אונדזערע משפחות אין ניו־יאָרק און מיר וואַרטן צו לאַנדן אין באַלטימאָר... אָבער ווי זאָגט אַ ווערטל: ווו עס איז קורץ, דאָרטן רייסט זיך. די שיף איז געבליבן שטיין פאַרטאָג ניט ווייט פון באַל־טימאָר־האַפן און צושווימען צום ברעג איז געווען אוממעגלעך צוליב דעם געדיכטן טוי, וואָס האָט זיך צעלייגט אויף מיילן ווייט. מען זעט פאַר זיך נאָר חושך, פינצטערניש. דער שיף־טרומייטער ווערט ניט אנטשוויגן אויף קיין איין רגע, לאָזט וויסן אַנקומענדיקע שיפן צו זיין פאָרזיכטיק, כדי אויסצו־מיידן אַ קאַטאַסטראָפע. אָבער — די שיף רירט זיך ניט פון אָרט...

פּאַסאַזשירן לויפן אום הין און צוריק. מיר ווילן זיך דערוויסן ווו מיר האַלטן אין דער וועלט און ווען וועלן מיר שוין דערלעבן זען דעם געגאַרטן ברעג? אָבער קיינער קען אונדז ניט פאַרזיכערן ווען דער טוי וועט זיך פונאַנדערשפּרייטן, כאָטש שריי חי־וקים! גיי האָב טענות צו גאָט! אין אזא צושטאַנד פון נערוון־אָנשטרענג האָבן מיר געוואַרט גאַנצע פינף שעה ביז דער טוי האָט פריי געמאַכט דעם וועג צוצופאָרן צום ברעג, ווו מיין שוועסטערס זון האָט אונדז אָפּגעוואַרט ביים ברעג.

אַן אומרחמנותדיקע היץ האָט אונדז באַגעגנט אין באַלטימאָר. די אַמע־

ריקאַנער ביים ברעג ים קוקן אויף אונדז, אין אונדזערע פֿאַרפּוצטע וואַרעמע קליידער, ווי אויף משוגעים. אַליין זיינען זיי אָנגעטאָן כמעט האַלב־נאַקעט און דאָך האַלטן זיי זיך אין איין ווישן דעם שווייס פֿון פּנים. ווייטער, וואָס טוט מען מיט אונדזערע גרויסע טשעמאָדאַנעס, וואָס די שיף האָט ארויס־געוואָרפן פֿון איר אינגעווייד? מיר זיינען הילפלאָז. עס פֿעלן דאָ די אפרי־קאַנער שוואַרצע, וואָס כאַפּן די פּעק און זעק, ווי נאָר מען קומט אָן ערגעץ אין אפריקע און טראָגן עס פֿאַר אייך וווּהין איר הייסט זיי...

אַ ייד האָט זיך דערבאַרעמט איבער אונדז. ער האָט איבערגענומען אונדזערע פּעק מיט די טשעמאָדאַנעס און האָט אונדז צוגעזאָגט אָפּשיקן אויף דעם אַדרעס אין ניו־יאָרק, וואָס מיר האָבן אים געגעבן. מיר האָבן געמוזט לויפן צום באַן וואָס גייט קיין ניו־יאָרק. פֿארשפּעטיקן דעם באַן האָט געמיינט וואַרטן נאָך אַ מעת־לעת. מיר האָבן קיין אנדער ברירה ניט געהאַט און איבערגעלאָזן אונדזער באַגאַזש אין פֿרעמדע הענט, אויף גאָטס באַראָט.

* * *

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן ניו־יאָרקער צענטראַל־פּענסילוויע־ניע וואָקזאַל. עס איז שוין געווען אין מיטן בין־השמשות. די עלעקטרישע פֿייערן האָבן פֿאַרפֿלייצט דעם ארום. צוויי נאָענטע משפּחות זיינען געקומען אונדז אָפּוואַרטן. צוויי משפּחות, וואָס האָבן זיך צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן דערזען, האָבן געוואָרט אויפֿן וואָקזאַל צו באַגעגענען זייער ברודער, שוועסטער, פֿעטער, מומע, שוועסטער־קינדער און פּלימעניקעס.

צוויי פֿאַרצווייגטע משפּחות האָבן זיך אין איינציקע מינוטן פֿאַראייניקט אין איין גרויסער הויז־געזינד. די באַגעגעניש איז געווען אַ האַרציקע, אַ רירנדיקע... איז דען אַ וווּנדער. איין שוועסטער האָב איך אין גאַנצן ניט געקענט. זי האָט פֿאַרלאָזן די היים ווען איך בין געווען אַ קינד פֿון פֿינף יאָר. מיין שוועסטער עטלען האָב איך אויך ניט געזען אַ קימאַ־לן פֿון איבער דריי־סיק יאָר. מיין פֿרוי האָט איר שוועסטער דינה אויך ניט געקענט. גאַנצע פֿערציק יאָר ווי זיי זיינען געווען צעשיידט. קוים וואָס ביידע געדענקען זיך. און איצט שטייען זיי ארומגערינגלט מיט פֿאַרצווייגטע משפּחות: קינדער, אייניקלעך, שוועסטער־קינדער...

אַ ריי אויטאָמאָבילן פֿירן אונדז צו מיין קוזין מענדל וועגנער, וואָס האָט פֿאַרלאָזן די אַלטע היים ווען ער איז נאָך אַ קליין יינגל געווען. עס איז

געווען אַ גרויסע שמחה, ביי געדעקטע טישן, ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַרום דריי אַזייגער פאַרטאָג זיינען מיר אָנגעקומען צו מיין פרויס שוועסטער דינה קאַבלין, וואָס האָט געוווינט אַרום צוואַנציק מייל פון ניו־יאָרק. ביי איר אין הויז איז געווען צוגעגרייט פאַר אונדז אַ שיין־אויסגעפּוצטער צימער מיט אַלע נויטיקע באַקוועמלעכקייטן. אַפילו פאַרשיידענע פּערפיומען, ווי עס פּאַסט פאַר אַמעריקע.

פאַרשטייט זיך, אַז וועגן גיין שלאָפן איז געווען אָפּגערעדט... די צוויי שוועסטערס און — איך בתוכם — האָבן זיך צוגעכאַפּט ריידן און דערציילן, יעדע באַזונדער, איר לעבנס־געשיכטע. ניט געקוקט וואָס מיר האָבן ניט געשלאָפן שוין די צווייטע נאַכט, האָבן מיר דאָך ניט געקאָנט פילן ביי זיך איבערצורייסן די שמועסן און גיין שלאָפן. עס האָט אויסגעזען ווי די צוויי שוועסטערס האָבן געוואָלט אין משך פון איין נאַכט אויסדערציילן אַלץ וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין אַ משך פון פערציק יאָר זיין צושיידט.

און טאַקע גלייך דעם ערשטן אָונט און דורך דער נאַכט האָבן זיך די שוועסטערס דערקענט. פאַר מיר, אַ נאָענטן זייטיקן — כאָטש מיין שוועגערין האָט מיך געקרוינט מיטן נאָמען „ברודערל״ — איז געווען אינטערעסאַנט זיך צוצוהערן און צוקוקן ווי די צוויי שוועסטערס זיינען אין גע־ציילטע שעהן געוואָרן איינס, ווי די פערציק יאָר מחיצה איז גאָר קיינמאָל ניט געווען צווישן זיי. ווען דער טאָג האָט געגומען גראָען זיינען מיר צו־געפאַלן צו די בעטן אויסצורוען אונדזערע מידע גלידער.

* * *

ניו־יאָרק האָט פאַרגעשטעלט פאַר אונדז אַ נייע וועלט. דאָס גערויש, דער מענטשן־געלאַף, דאָס טרומייטערן פון הונדערטער טויזנטער אויטאָמאָ־בילן, וואָס די שטאָט ניו־יאָרק האָט דאַן פאַרמאָגט און די פאַרשיידענע איינריכטונגען, אינסטיטוציעס און קוריאָזיטעטן האָבן געמאַכט אויף אונדז אַ שטאַרקן איינדרוק. אונדזערע משפחות האָבן זיך גענומען צו אונדז „ביד חזקה״ און צוליב אונדז אויך גענאָסן פון די פאַרשיידענע אַטראַקציעס, וואָס אַ גרויסער טייל ניו־יאָרקער איינוווינער האָבן, לעבנדיק אין דער גרויסער שטאָט צענדליקער יאָרן, ניט געזען...

אונדזער פּלימעניצע, מיין שוועגערינס טאָכטער, אַ לערערין אויף פּראָנ־צוויזיש אין אַ פאָלקשול, האָט גענומען אורלויב אויף די גאַנצע זעקס חדשים וואָס מיר האָבן געדאַרפט פאַרברענגען אין אַמעריקע און זי האָט זיך גע־

שטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע מיט איר אויטאָמאָביל. אויך מיין קוזין מענדל װענגער האָט איבערגעלאָזט זיין געשעפט אין די הענט פון זיין מע־נעדזשער אויף זעקס חדשים און צוזאַמען מיט זיין פרוי ראָזי, געװען צו אונדזער דינסט. יעדן טאָג פלעגט פאַרקומען באַראַטונגען צװישן זיי װוּהין מען זאָל אונדז פירן און װאָס קאָן אונדז אַממערסטן אינטערעסירן. אַזוי ארום האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער גרעסטער שטאָט אין דער װעלט און איר ארום, צו בעאָבאַכטן די נייע װעלט װאָס עס האָט זיך פאַר אונדז געעפנט, די װעלט װאָס הייסט אַמעריקע און איבער־הויפּט — ניו־יאָרק.

## ניו־יאָרק אין 1947

שרייבן װעגן דער שטאָט ניו־יאָרק מיט אַלע אירע מערקווירדיקייטן קאָן מען ניט אין געציילטע שורות, און אפילו אויך ניט אין איניקע קאַפּיט־לען. װעגן די איינדרוקן װאָס ניו־יאָרק מאַכט אויף אַ מענטשן קאָן מען אָנ־שרייבן עטלעכע ביכער אַזוי, אַז אין זכרונות װאָלט זיך דאָס ניט ארייננגע־פּאַסט. אָבער מען קאָן אויך ניט דורכלאָזן און אָנצייכענען איניקע זאַכן, װאָס ביי אַ פּען־מענטש װאַרפט זיך עס פּשוט אין די אויגן. דעריבער װעלן מיינע לייענער מיר דערלויבן ארויסברענגען איניקע פון זיי אויפן פּאַפּיר:

ניו־יאָרק איז פּאַקטיש ניט קיין שטאָט, נאָר אַ מדינה פאַר זיך. אין יאָר 1947 האָבן אין ניו־יאָרק געלעבט קנאַפּע ניין מיליאָן מענטשן. דאָס איז אַ שטאָט װאָס פיל מדינות, װעלכע האָבן פאַרטרעטער אין יונ״א, קאָנען זיך ניט פאַרגלייכן צו אָט דער גרויסער שטאָט אויפן ערד־קיילעך ניט מיט דער באַפעלקערונג און אויך ניט מיט זייער מלוכה־ביודזשעט.

ניו־יאָרק איז ארומגערינגלט פון דעם טייך האָדסאָן און דעם אַטלאַנ־טישן אָקעאַן. דער צענטער פון ניו־יאָרק, מאַנהעטען, איז פאַרבונדן מיט די טיילן בראָנקס, ברוקלין, קווינס און ריטשמאָנד דורך װוּנדערלעכע בריקן, װאָס דער מענטשלעכער געניוס האָט געקאָנט ארויסברענגען. ריידן מיר װעגן מענטשלעכן געניוס, מוז מען באַװוּנדערן די אונטערװאַסער־טונעלן, װעלכע פאַרבינדן ניו־יאָרק מיט די אַנדערע טיילן פון שטאָט. זעכציק פוס אונטערן האָדסאָן־טייך זיינען אויסגעפּלאַסטערט טונעלן. די װענט און די סופיטן זיינען מיט װייסע קאַכלעס. דורך די טונעלן יאָגן זיך אויטאָמאָבילן

אין די טויזנטער הין און צוריק אויף מײַלן־ווייטע שטרעקעס. און ווען מגיט אַ טראַכט אַז די דאָזיקע אויטאָמאָבילן פֿאָרן אַזוי טיף אונטערן וואַסער פֿון טײַך האָדסאָן, איז שווער זיך פֿאַרצושטעלן אויב דאָס איז ניט קיין חלום...

ניו־יאָרק איז ניט נאָר דער צענטער פֿון פֿינאַנס אין אַמעריקע (וואָל־סטריט), אָדער די גרעסטע פֿאַרוויילונגס־שטאָט אין דער וועלט (בראָדוויי), זי איז אויך די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע שטאָט אין אַמעריקע. אין 1947 האָט זי פּראָדוצירט סחורה אין ווערט פֿון זיבן ביליאָן דאָלאַר.

ניו־יאָרק האָט אַ שם אין דער וועלט ווי די שטאָט פֿון וואָלקנקראַצערס. דערוואַרט דאָך אַ טוריסט אָנקומענדיק אין ניו־יאָרק ווערט ער דאַרפֿן ניש־טערן דעם הימל צווישן די הויכע וואָלקנקראַצערס — בלייבט ער אַנטוישט. אמת, עס וואַרפֿן זיך אין די אויגן אַ פּאָר צענדליק וואָלקנקראַצערס. אָבער עס איז ניט ווי מען שטעלט זיך פֿאָר. פֿון דער ווייטנס זעען אויס די גרויסע געביידעס ווי הויכע קוימענס פֿון פֿאַבריקן. אָבער עס איז דאָ אויך אַ בלוי־ער, קלאָרער הימל אין אַ שיינעם טאָג.

פּאָר אַ מענטשן פֿון יאָהאַנעסבורג, וואָס איז געוווינט צו זען נײַע, גע־פֿאַרבטע געביידעס אין פֿאַרשיידענע קאָלירן, מאַכט ניו־יאָרק דעם אײַנדרוק פֿון אַן אַלטער, פֿאַרחושכטער שטאָט. די געביידעס זײַנען גאָר ווייניק, און אַנדערע אין גאַנצן ניט געפֿאַרבן. שטייענדיק אַזוי צענדליקער יאָרן זײַנען זיי פֿאַרשוואַרצט געוואָרן פֿון רויך פֿון די פֿיל פֿאַבריקן, אַז אַנדערע זעען אויס ווי אַלטע תּפֿיסות.

די באַפֿעלקערונג פֿון ניו־יאָרק איז אַ געמישטע פֿון פֿאַרשיידענע עטני־שע גרופּעס. די גרעסטע פֿון זיי איז די ייִדישע. נאָך דער ייִדישער גרופּע זײַנען איטאַליענער, אירלענדער, שפּאַניער, פּאָרטאָריקער, קאָלירטע און שוואַרצע. איז דעריבער קיין וווּנדער, ווען מען שפּאַצירט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן באַגעגנט מען זיך, מערסטנטייל, מיט ייִדישע פּנימער, מחמת די איטאַליענער האָבן אויך אַ סעמיטישן אויסזען.

אָפּגעזונדערט ווי אין אַ געטאָ וווינען די כינעזער. דער טייל וווּ די כי־נעזער וווינען הייסט „טשיינאַ־טאַון (כינעזער שטאָט). קומט מען אַרײַן אין דעם דאָזיקן טייל פֿון ניו־יאָרק באַקומט זיך דער אײַנדרוק ווי מען וואָלט פֿאַרבלאָנדזשעט אין פּעקינג אָדער אין שאַנכײַ. די געביידעס דאָרט זײַנען אַלט, פֿאַרחושכט, ווי אין אַנדערע טיילן פֿון ניו־יאָרק. די גאַסן זײַנען זייער שמאָל. אין אַנדערע גאַסן קאָן מער ווי איין אויטאָמאָביל ניט דורכפֿאָרן.

מען קאָן זאָגן — אַ שטיק כינע אין ניו־יאָרק. די שילדן זיינען אויף כינע־זיש, נעאָן־עלעקטריק לאָמפּן אין כינעזיש. כינעזישע קראָמען, האָטעלן, צייטונגען אויף כינעזיש. די אויפשריפטן אויף שענקען, רעסטאָראַנען, נאַכט קלובן און סינעמאָס זיינען אויף כינעזיש. ס׳איז אפילו דאָ א כינע־זישער טעאַטער.

## קאַלירטע און שוואַרצע

די קאָלירטע און שוואַרצע האָבן זיך אויך אויסגעטיילט אין אַ באַזונ־דערן קוואַרטאַל, וואָס הייסט „האַרלעם". ווי אזוי „האַרלעם" איז צושטאַנד געקומען ווערט דערציילט דאָס פאָלגנדיקע:

איינעם אַ נעגער האָט זיך איינגעגעבן אָפּצושפּאָרן געלט. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט דער נעגער געקויפט פאַר אַ גאַנץ הויכן פּרייז אַ הויז אויף איינער פון די גאַסן אין „האַרלעם", וואָס איז דאַן געווען באַוווינט פון ווייסע, און ער האָט זיך אַהין אריינגעצויגן. דאָס איז געווען דער אָנהייב ווען די שוואַרצע האָבן גענומען זיך באַזעצן אין דער געגנט. די ווייסע האָבן פאַרקויפט זייערע הייזער צו די שוואַרצע בחצי־חינם און גענומען זיך ארויס־ציען פון דער־אָ געגנט. אזוי איז „האַרלעם" געוואָרן א „שוואַרצע טעריי־טאָריע".

עס איז מערקווירדיק, וואָס אין „האַרלעם" זיינען די געשעפטן פאַר צענדליקער יאָרן אַלץ נאָך געווען אין די הענט פון די ווייסע. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג גענומען ארויסגעבן האַנדלס־פאַטענטן אויך צו שוואַרצע. עס זיינען געעפנט געוואָרן פאַרשיי־דענע געשעפטן און אויך בראָנפן־געשעפטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז די ווייסע באַפעלקערונג האָט אין גאַנצן פאַרלאָזן די „האַרלעם־טע־ריטאָריע"...

## „די באַוערי"

ניט ווייט פון „האַרלעם" געפינט זיך „די באַוערי". דאָס איז די היים פאַר „באָמס", „טרעמפּס", „בראָדיאַגעס" און אויסוואורפן, מענטשן וואָס האָבן אין גאַנצן פאַרלוירן זייער מענטשלעכע ווירדע און אין מאַנכע פאַלן אפילו אויך דעם מענטשלעכן אויסזען. גאַנצע גאַסן אין דער „באַוערי" זיי־

נען באַווינט פון די דאָזיקע ברואים וואָס רופן זיך „מענטשן". אין דער „באַוערי" איז שטענדיק אַ דוחק אין הייזער און אין דירות. לעבן טאַקע די דאָזיקע געשטראָפטע צו 8 פּערזאָן און אמאָל מער אין איין קליינעם צימער. אין קאַלטע נעכט שלאָפן זיי אויף דער פּאָדלאָגע פון די אזוי גערופענע גאַסט־הייזער און האָטעלן. אין די זומערדיקע נעכט טרעפט מען זיי שלאָפנ־דיק אויף די טראָטואַרן מיט אַ פּויסט צוקאָפּנס אָדער אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן דעם שטיינערנעם פונדאַמענט.

## „סעמיס באַוערי"

אַ ייד מיטן נאָמען „סעם" האָט, מסתמא, אַמאָל פאַרטראַכט אַ געניאַלן איינפאַל: ער האָט געעפנט אַ נאַכט־קלוב פאַר די „באָמס" אין דער „באַו־ערי". אין דעם נאַכט־קלוב איז משקה געווען לרוב. אָבער סעם האָט מסתמא געוואָלט אריינברענגען אין נאַכט־קלוב אַ ביסל מער לעבן, אויפמונטערן די געשטראָפטע און פאַרוואָרלאָזטע נפשות, פון ביידע געשלעכטער, וואָס ציילן אין ניו־יאָרק אין די טויזנטער. זיין נאַכט־קלוב האָט סעם איינגעאָרדנט לויט דער לעצטער מאָדע. ער האָט צונויפגעקליבן אַ טרופּע „אָפּגעקליבע־נע" אַקטיאָרן. עס הייסט — אַקטיאָרן און אקטריסעס וואָס זיינען געווען „אויסגעשפּילט" צוליב זייער עלטער, פרויען־אַקטריסעס וואָס האָבן פאַר־לוירן זייערע פיגורן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אן אימה מיט זייער פעטקייט. אָבער אויף דער בינע האָבן זיי זיך נאָך אויסגעטויגט, איבערהויפּט זינגערס מיט אויסערגעוויינלעכע שטימעס. ער האָט זיי אויסגעפּוצט אין אויסטער־לישע קאָסטיומען, מיט היט אין וועלכע עס האָבן געשטעקט שטרויס־פע־דערן, ווי עס פּאַסט פאַר אזא נאַכט־קלוב. ער האָט אויך אַנגאַזשירט אַ צו־געפּאַסטן פּיאַניסט פאַר דער חברה און האָט געקרוינט דעם נאַכט־קלוב מיט דעם נאָמען: „סעמיס באַוערי".

די ערשטע צייט איז „סעמיס באַוערי" געווען אויסשליסלעך פאַר די איינוווינער פון דער „באַוערי". סעם האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט פאָרשטע־לונגען מיט קופּלעטן, סצענקעס, געזאַנג און טענץ, לויטן געשמאַק פון דעם דאָזיקן „פּובליקום", אזוי אז דער „קלוב" האָט געגומען גיין כאָדאָראָם.

דאָס אריסטאָקראַטישע ניו־יאָרק האָט דערשמעקט דעם אויסטערלישן נאַכט־קלוב און אים גענומען באַזוכן, צוערשט פון קוריאָזיטעט וועגן. סעם

האָט זיין געניאַלן איינפאַל געגומען רעקלאַמירן. גאָר אין גיכן האָבן אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע זיך גענומען באַווייזן אָפּהאַנדלונגען פון „סעמיס באַוע־רי". שפּעטער איז ער געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט איינגעקויפט אַ פּאָר שעה אויף דער ראַדיאָ און צוויי מאָל אין וואָך קומען פאָר פּראָגראַמען פון „סעמיס־באַוערי". דער נאַכט־קלוב איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער צווישן דער ניו־יאָרקער אַריסטאָקראַטיע, אַז ביים היינטיקן טאָג איז בלויז פאַרבליבן אַ קליין ווינקעלע ביים שענק פאַר די, פאַר וועמען דער נאַכט־קלוב איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן.

די זעלבע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, די זעלבע פּראָגראַמען. אָבער די „באָמס" ווערן אַהין ניט אַריינגעלאָזן מער. זייער אָרט האָבן פאַרנומען די רייכע, די זאַטע מיט געלט־אָנגעשטאָפּטע ניו־יאָרקער אַריסטאָקראַטיע, וואָס פּילן אָן „סעמיס באַוערי" נאָר צוליב קוריאָזיטעט. די „באָמס", די „בראָ־דיאַגעס" דרייען זיך אַרום נאַכט־קלוב, פּוצן די שיינע לוקסוס־אויטאָמאָ־בילן פון די רייכע ניו־יאָרקער און בעטלען אויס אַ „ניקל" אָדער אַ „דיים" — די קלענסטע אַמעריקאַנער מטבעות.

בעת מיר האָבן באַזוכט די „באַוערי" האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ גרופּע אַקטיאָרן פון האָליוווד, מיט דער באַרימטער קאָמיקערין דזשאָן דיי־וויס בראש.

## נאַכט־קלובן

אין ניו־יאָרק זיינען דאָ אַ סך נאַכט־קלובן, וואָס זיינען פאַרשפּרייט אי־בער דער גאַנצער שטאָט. די נאַכט־קלובן זיינען פּאָפּולער ניט נאָר ביי די יוגנטלעכע, נאָר אויך ביי עלטערע, פאַרמעגלעכע קלאַסן. די נאַכט־קלובן אין אַמעריקע טראָגן אַ מער היימישן, אינטימען כאַראַקטער. ערשטנס קו־מען פאָר אין זיי אייניקע פאָרשטעלונגען, בינע־ספּעקטאַקלען. פאַרשטייט זיך וואָס טייערער דער נאַכט־קלוב איז, אַלץ בעסערע אַקטיאָרן טרעטן דאָרט אויף. דאָס טאַנצן פאַרנעמט ניט דעם אויבן אָן, ווי אין אונדזערע נאַכט־קלובן. אויפן ערשטן אָרט זיינען די פאָרשטעלונגען, די מוזיק און דאָס עסן. ווער עס איז אַ בעלן קאָן אויך כאַפּן אַ טענצל. פאַרן טאַנצן אין די נאַכט־קלובן איז געגעבן געוואָרן דאָס קלענסטע פּלאַץ פון זאַל.

בעת אונדזער פאַרווײַלן אין ניו־יאָרק האָבן מיר באַזוכט דעם שענסטן

נאַכט־קלוב דאָרט — „ביל מילערס ריוויערא״, וואָס בעט זיך באשריבן צו ווערן מיט אַ פּאָר ווערטער.

די געביידע איז אויפגעבויט אויף אַ פעלדז ביים ברעג פון האָדסאָן־טייך, וואָס קוקט ארויס צום „וואַשינגטאָנער בריק״. דער ארייַנפאָר צום קלוב איז מיילן־לאַנג ביים האָדסאָן־טייך. דאָס איז אַ פּלאַץ פאַר די הונדערטער אויטאָ־מאָבילן וואָס ברענגען געסט צום נאַכט־קלוב. ווען דער עולם איז פאַרזאַמלט און האָבן שוין פאַרנומען זייערע ערטער, „שפּאַלט זיך דער הימל״. עס צע־עפענען זיך די סופיטן (נאַטירלעך, ניט אין א רעגן־נאַכט) און עס באַווייזט זיך פאַר אייך אַן אויסגעשטערנטער הימל און שווימענדיקע וואָלקנס.

די ווענט זיינען פון גלאָז. דורכזיכטיק אזוי, אז איר זעט בלויז הימל און וואַסער, ווו עס טונקען זיך טויזנטער עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס שיינען אָפּ פון דער „וואַשינגטאָנער בריק״, ווי אויך פון די באַלויכטענע גאַסן פון ניו־יאָרק. די ארכיטעקטור פון נאַכט־קלוב שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע שיף. איר האָט דעם איינדרוק אז איר געפינט זיך אויף אַ שיף אין מיטן ים, מיט דעם אָפּגלאַנץ פון אַן אויסגעשטערנטן הימל... באמת, א ווונדערשיינע פּאַנאָראַמע !...

## „קוני־איילאַנד״

אין הייסע זונטיק־טעג פאַרלאָזט כמעט א פינפט־חלק פון דער ניו־יאָר־קער באַפעלקערונג די שטאָט און פאָרן צו פארשיידענע אָפּרו־פּלעצער. דאָס גרעסטע אָפּרו־פּלאַץ ווו־הין עס ציט די אָרעמע און אויסגעמאַטערטע באַ־פעלקערונג פון ניו־יאָרק איז „קוני־איילאַנד״.

„קוני־איילאַנד״ געפינט זיך ביים אטלאַנטיק. די פּלאַזשע ציט זיך מיילן־ווייט. דער „באָארד וואָק״ (שפּאַציר־גאַנג) איז ספּעציעל געמאַכט פון דיקע הילצערנע געהובלטע פּאַליעס. איבער דער גאַנצער לענג פון פּלאַזשע ליגט אויסגעשפּרייט אַ שטאָט מיט פּראַכטפולע האָטעלן, רעסטאָראַנען, קינאָס און געשעפטן, ווו איר קאָנט קויפן וואָס אייער האַרץ גלוסט. אויסער דעם, ווו נאָר איר קערט זיך זעט איר האַזאַרד־שפּילן, פּלעצער פאַר קאָרטן־שפּיל, נאַכט־קלובן און אנדערע פאַרווײַלונגס־פּלעצער. וואָס מען קאָן עס ניט אויסרעכענען און מען קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אויב מען זעט עס ניט אליין מיט די אייגענע אויגן.

איין הייסן זונטיק האָבן מיר פאַרבראַכט אין „קוני־איילאַנד“, האָבן מיר אויף מאָרגן געלייענט אין דער פּרעסע, אז דאָרט זיינען געווען ניט ווייניקער ווי אַנדערהאַלבן מיליאָן מענטשן. אָנרופן „קוני־איילאַנד“ אַן אַפּרו־פּלאַץ וואָלט, לויט מיין מיינונג, געווען ניט ריכטיק. איידער איר דערנענטערט זיך צו „קוני־איילאַנד“ קענט איר שוין הערן דעם טומל וואָס טראָגט זיך פון דאָרטן. און ווען איר קומט נאָענטער צום פּלאַץ, איז ווו נאָר אייער בליק גרייכט זעט איר מענטשן, מענטשן און מענטשן. אָדער בעסער געזאָגט: יידן, יידן און יידן. וואַרפט איר אייער בליק צו דער פּלאַזשע, אויפן זאַמד ביים ים, קאָנט איר זען וויט אוועק ווו אייער אויג קאָן נאָר דערגרייכן, קעפּ פון מענטשן, אזוי ווי מוראַשקעס אין געדיכטע נעסטן. אויפן שפּאַציר־גאַנג אָבער קאָנט איר ווייטער פון אייער נאָז ניט זען, ווייל די באַוועגלעכע מאַסע מענטשן פאַרשטעלט אייך דעם גאַנצן ארום און ניט ווילנדיק מוזט איר נאָכהאַלטן דעם שטראָם מענטשן.

פון די פאַרוויילונגס־פּלעצער, פון די האַזאַרד־שפּילן פאַרהילכט די לופט פון די געשרייען דורך מיקראָפאָנען פון די נאַראַטאָרס, וואָס לאַדן אייך איין צו באַזוכן זייערע טישן און זאָגן אייך צו גליקן און הרים וגבעות. עס גייט דאָרט אָן אַ קאָלאָסאַלע באַוועגונג — מענטשן אריין, מענטשן ארויס.

פאַר מיילן־לאַנג שטייען אויסגעשטעלט פעלד־קיכן. מענער און ווייסע פאַרטוכער שטייען פאַרשוויצטע, קאָכן, באַקן און פּרעגלען פאַר אייך וואָס נאָר אייער האַרץ גלוסט. די פאַרציעס עסנוואַרג קריגט מען איינגעוויקלטע אין ספּעציעלע פּאַפּירן, פּאַפּירענע געפּעס. מען גייט אויפן „שפּאַציר־גאַנג“ מיט אָנגעשטאָפּטע באַקן, מיט פולע מיילער, מיט אָנגעלאָדענע הענט מיט עסנוואַרג און מען עסט טאַקע אַפּעטיטלעך.

איבער די קעפּ הוזשען עראָפּלאַנען. פּאַראַשוטיסטן הייבן זיך אויף צו די הימלען און לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער ערד. די כף־הקלע מאַשינען ארבעטן אין פולן גאַנג, פרויען קוויטשען, חלשן. מען קומט ארויס פון די כף־הקלע מאַשינען מיט אויסגעבלייכטע פּנימער, האַלב־טויטע. אנדערע „גיבן“ צוריק דעם פרישטיק מיט פּראָצענט. אָבער די שפּיל גייט אָן. די הויך־ריידערס שרייען, פאַרזיכערן אייך ספּאָרט־פאַרוויילונגען, און מענטשן אין די הונדערטער שפּאָרן זיך צו זיין די ערשטע אין דער ריי.

גאַנצע משפחות, מיט זייער ווייבער, קינדער און קינדס־קינדער קומען זיך פאַרוויילן און אָפּרוען אין די „וויקענדס“ קיין „קוני־איילאַנד“. די

גאַנצע וואָך קאָנט איר דאָרט אויך געפינען הונדערטער און טויזנטער מענטשן. אנדערע פאַמיליעס פאַרברענגען דאָרט דעם גאַנצן זומער. מען דינגט אַ האָטעל, אַ הויז אָדער צוויי־דריי צימערן און מען שלאָפט דאָרט איבער. קיין עסן פעלט דאָרט ניט — מען עסט אין רעסטאָראַנען, און דער־צו פאַרשפּאָרט מען נאָך וואַשן דאָס געפעס. דער ברויט־געבער פון דער פאַמיליע, אָנשטאָט צו פאָרן צו דער ארבעט און צוריק פון די בראָנקס, פון ברוקלין, פירט אם די באַן הין און צוריק צו „קוני־אײלאַנד". דערפאַר אָבער פאַרברענגט ער די אָוונטן און די נעכט אין אַ ריינער ים־לופט.

ווי געזאָגט, אָנרופן עס אַן אָפּרו־פּלאַץ קאָן מען עס ניט. ווייל קומענ־דיק צוריק פון „קוני־אײלאַנד" איז דאָס טומלדיקע ניו־יאָרק אַ גן־עדן, אַן אָפּרו פאַר די נערוון. קומענדיק צוריק פון „קוני־אײלאַנד" האָט מיין ווייב פאַרבראַכט דעם מאָנטיק אין בעט, ארויסצושלאָגן דעם משוגעים־טשאַד פון קאָפּ. דאָך איז „קוני־אײלאַנד" דאָס פּאָפּולערסטע פלאַץ פאַר די ניו־יאָרקער...

* * *

די אויבן דערמאָנטע באַשרייבונג האָט ווייט נאָך ניט אויסגעשעפּט די פאַרשיידענע מערקווירדיקייטן פון דער שטאָט ניו־יאָרק. איך האָב אַ סך אויסגעלאָזן. מען האָט נאָך פיל געקאָנט שרייבן וועגן די טעאַטערן אין ניו־יאָרק, איבערהויפּט וועגן „ראַדיאָ־סיטי", וועגן „בראָדוויי", וועגן דער „מעטראָפּאָליטאַן"־אָפּערע, לואיס סטאַדיום און באַזונדערס וועגן די צוויי פּאָפּולערסטע „עסטייטס", ווי „הייד־פּאַרק — רוזעוועלטס עסטייט — און „וואַנדערבילס עסטייט", וואָס געפינען זיך ניט ווייט פון ניו־יאָרק, וואָס איך האָב באַזוכט.

מיינע איינדרוקן פון ניו־יאָרק זיינען געשריבן געוואָרן אין יאָר 1947. מיינע זכרונות שרייב איך שוין מיט 25 יאָר שפּעטער. זינט דאַן זיינען פאָר־געקומען גאָר גרויסע ענדערונגען אין דער וועלט. דער מהלך פון יאָהאַ־נעסבורג ביז ניו־יאָרק איז פאַרקירצט געוואָרן פון דריי וואָכן רייזע מיט דער שיף אויף וועלכער איך בין געפאָרן, צו 18 שעה מיטן עראָפּלאַן. יאָ־האַנעסבורג און ניו־יאָרק זיינען געוואָרן אַ „שטוב מיט אַ קאַמער" אזוי, אַז טויזנטער מענטשן פליען הין און צוריק יעדן חודש און איך גלויב, אַז יעדערן איז ניו־יאָרק גוט באַקאַנט. דעריבער געפין איך ניט פאַר נייטיק

צו שרייבן מער וועגן דעם, כאָטש אין מיינע פאַרצייכענונגען זיינען זיי פאַראַן.

זינט 1947 זיינען מיר, איך מיט מיין פרוי געווען אין אמעריקע איינציקע מאָל און פאַרבראַכט דאָרט אַ לענגערע צייט. דאָס לעצטע מאָל זיינען מיר געווען אין יאָר 1969. וועגן די פּאָליטישע ענדערונגען וואָס זיינען פאַר דער צייט דאָרט פאָרגעקומען, וועל איך זיך אומקערן אין אַ וויטערדיקן קאַפּיטל.

אין צווישן צייט האָבן מיר געמאַכט פאַרשיידענע רייזעס אויסער אמע־ריקע, בתוכם איינציקע מאָל אין ישראל. כאָטש מיינע איינדרוקן פון ישראל אין יאָר 1959, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט גאַנצע 10 וואָכן, זיינען געווען גע־דרוקט אין זשורנאַל „דרום אפריקע", דאַך געפין איך פאַר נייטיק זיך טיילן מיט איינציקע קאַפּיטלען מיט מיינע לייענערס.

# איבער מדינת ישראל

ד ער עראָפּלאַן וועלכער האָט זיך אויפגעהייבן פון יאָהאַנעסבורגער פלי־פעלד איז איבערפולט. עס איז קיין איין ליידיקער פלאַץ ניט פאַראַן. אַן ערך 70 מענטשן, לחלוטין פרעמדע, ווערן פלוצלונג ווי איין משפחה. יע־דערער איז באַהערשט פון איין און דעם זעלבן געפיל: וואָס גיכער דער־גרייכן די היימישע, די ישראל־ערד.

די פריילעכע פנימער פון די פּאַסאַזשירן זאָגן עדות, אז ניט צוליב נערוועזיטעט וויל יעדער רייזנדער טרייבן די צייט. מען האָט שוין פאַר־געסן, אז מען געפינט זיך 19 טויזנט פוס אין דער לופטן, און ווער טראַכט עס איצט, אז דער עראָפּלאַן פליט מיט אַ שנעלקייט פון 300 מייל אַ שעה. עס זעט אויס אז די שרעק, די אויפרעקונג אידער מען איז ארויף אויפן עראָפּלאַן איז געבליבן דאָרט אונטן, אויף דער ערד. ווי נאָר דער צייכן האָט געוויזן אז מען זאָל זיך באַפרייען פון די זיכער־גאַרטלען, האָט זיך די שטי־

מונג אין גאַנצן געביטן און אַלעמענס פּנימער האָבן אויסגעדריקט צו־פרידנקייט.

מען גרייט זיך צו מיטאָג. מיין שכן פון רעכטס שלעפּט ארויס פון אַ באַ־העלטעניש אַ פלאַש משקה, וואָס ער האָט דורכגעשמוכלט און לייגט פאַר די ארום־זיצנדיקע אַ לחיים. דאָס גלעזעלע בראַנפן נעמט דורך אַלע גלידער און די שטימונג ווערט נאָך מער וואַרעמער.

„לחיים יידן, לאָמיר טרינקען פאַר אונדזער היים, פאַר אונדזער ישראל!"

די יידישע פלי־מאַנשאַפט, די חנעוודיקע יידישע „האָסטעס" (באַדין־פּערסאָנאַל) שמייכלען, שענקען וואַרעמע באַגריס־ווערטער אין עברית און אין ענגליש.

„זעט איר, ווי צייטן האָבן זיך געביטן!" רופט זיך אָן מיין שכן צו מיר. „ווי לאַנג, דוכט זיך, איז עס געווען אז יידן זיינען געפאָרן אויף פּסח אַהיים פון דער פרעמד; איינער איז געפאָרן פון מרחקים, ווו ער איז געווען פאַר־טאָן אין געשעפטן; איינעם האָט זיין גורל פאַרטריבן וווּיט פון ווייב און קינד צו זוכן פּרנסה; איינער איז געפאָרן פון אַ קנעלונג, ווי אונדזער שלום־עליכם באַשרייבט עס אין 'אויף פּסח אהיים'. — מען האָט געאיילט מיט באַ־נען, מיט פורן, כדי אָנצוקומען אהיים אין דער צייט צו דער משפּחה; קינ־דער זיינען געקומען צו טאַטע־מאַמע. אָבער פון דעם אַמאָל איז שוין אַ קיימא־לן 40—50 יאָר אַוועק, און איצט? אָט פאָרן אויך יידן אויף פּסח אהיים, אָבער גאָר צו אַן אַנדער היים — ניט צו ווייב און קינד, ניט צו קיין משפּחה, ניט צו טאַטע־מאַמע, מען האָט גאָר פאַרלאָזן די משפּחה, פאַרלאָזן ווייב און קינד, פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע און מען פאָרט פון דער כלומרשטער היים צו דער אמתער היים, אויף פּסח — קיין ישראל". אזוי רעדט אין מיר דער ייד ארויין אַ גאַנצע דרשה. „איז טאַקע, לחיים יידן, מען זאָל איבער אַ יאָר ווידער פאָרן!" גיט ער זיך אַ ווענד צו די ארומיקע.

דער עראָפּלאַן פליט און מיט אים — די צייט. עס איז לעבעדיק און פריילעך. יידן דערציילן זיך וויצן, אַנעקדאָטן, מען וואַרפט זיך דורך מיט ווערטלעך — אַן אמתע יידישע אסיפה אין דער הויך, איבער די וואָלקנס.

זיץ איך אזוי און באַטראַכט דעם גוט־אויפגעלייגטן עולם, יידישע פּאַ־סאַזשירן, און מאַך אַ פאַרגלייך מיט מיינער אַ לופט־רייזע מיט אייניקע יאָר צוריק אויף אַן ענגלישן עראָפּלאַן: אַ געמיש פון פאַרשיידענע מענטשן,

פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אַלע זיצן פֿאַרטאָן און פֿאַרטראַכט אין זיך. עס הערט זיך נאָר דאָס רוישן און רודערן פֿון די מאָטאָרן. זעלטן ווען איין רייזנדער שענקט אַ געמאַכטן שמייכל צו זיין שכן. עס איז אַן אָנגעצויגענע שטימונג און יעדער טראַכט פֿון זיין אייגן וועלטל, און ניט ווילנדיק פֿאַר־גנבעט זיך ביי יעדן אין האַרצן אַן אומרואיקער געדאַנק: „מיר פֿליען דאָך אַזוי הויך, טאָמער... חלילה... די שעה, די רגע זאָל ניט זיין...“

אָבער ווי אַנדערש עס איז די יידישע לופֿט־רייזע מיטן „אל־על“ עראָ־פּלאַן? עס איז אפֿשר אַ ביסל צו פֿיל טומלדיק, אָבער היימלעך־יידישלעך, מען פֿאַרגעסט די צייט, ווו מען געפֿינט זיך. עס איז שוין שפּעט אין אָוונט און די מערהייט טראַכטן נאָך גאָר ניט וועגן איינאָרדענען זיך צו כאַפּן אַ דרימל. עס איז נאָך אַלץ לעבעדיק, רירעוודיק.

יידן פֿאָרן אויף פּסח אַהיים!

# צום סדר אין אַ קיבוץ

מיר האָבן באַקומען אַ פּאָר בריוועלעך פֿון מיין אַמאָליקער שילערין צביה פּעקער, ווו זי בעט זיך רחמים מיר זאָלן איר אָנטאָן דעם פֿאַרגעניגן און זיין אירע געסט צום סדר אין קיבוץ יפֿעת.

יפֿעת איז אַ נייער קיבוץ, סך־הכל קיין פֿינף יאָר ניט אַלט, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון קיבוץ גבת צוליב פּאַרטיי־רייבערייען. גבת אַליין איז אַן אַלטער איינגעפֿונדעוועטער מוסטער־קיבוץ, אָבער די יונגע ניי־געקומענע חלוצים, אונטערן איינפֿלוס פֿון אחדות העבודה, האָבן אַזוי ענג געמאַכט די אַלטע בויער און פּיאָנערן פֿון קיבוץ, די א״ג וותיקים, אַז זיי האָבן זיך איין טאָג איינגעפּאַקט, אָפּגעטיילט פֿון זייער אַלטן קיבוץ און האָבן באַוויזן די יונגע וואָס וותיקים קאָנען אויפֿטאָן אין פֿינף יאָר.

טאָקע ניט ווייט פֿון גבת, אַן ערך 15 מינוט גאַנג, האָבן די וותיקים אַ שטייניקן באָדן פֿאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיקן גאָרטן. נייע שיינע בנינים, צו 4 וווינונגען אין אַ בנין, מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען: עלעקטריע, וואַסער־שפּריצן, הייס און קאַלט וואַסער, שיינע אויסמעבלירטע צימערן; שולן, קינדער־היימען, אַ בית תפֿילה מיט אַ כשרע קיך פֿאַר די עלטערע רעליגיעזע מענטשן, אַן אַלגעמיינער בית־אוכל; חוץ דעם טויזנטער פּרוכט־ביימער, פֿי־ און היגער־צוכט לויט די לעצטע טעכנישע איינריכטונגען.

מיט איין וואָרט — אַ קיבוץ מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, מיט וועלכן די בויער גרויסן זיך.

מיר האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג, און ערב פּסח, גאַנץ פרי, האָבן מיר, איך, מיין ווייב, מיין שוועסטער און שוואָגער פון ניו־יאָרק, זיך גענומען איילן פון אונדזער האָטעל, כדי צו קומען באַצייטנס צום סדר. גראָדע איז דער טאָג געווען אַ „חמסין", פון דעסטוועגן האָבן מיר באַשלאָסן אויס־צולאָזן די טאַקסי־באַקוועמלעכקייטן און פאָרן מיט די פול־געפּאַקטע אויטאָבוסן, וווּ לא כל אדם איז זוכה צו קריגן אַן אָרט צום זיצן, בפרט ערב פּסח, ווען דער פאַרקער אויף דער „תחנה מרכזית" אין תל־אביב זעט אויס ווי אַ שווינדלדיקער לויף־פאַרמעסט.

אַז אַ טוריסט, פון וועלכער לאַנד ער זאָל ניט קומען, וויל באמת זען דאָס נייע לעבן אין ישראל, דאַרף ער זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון די שיינע רעקלאַמעס פון די אָרגאַניזירטע אויספלוגן, אָדער די באַקוועמע טאַקסיס צי שרות־שפּאַצירן. ער דאַרף בעסער אויסקלייבן דעם שווערן און ניט אָנגענעמען וועג מיט די געפּאַקטע אויטאָבוסן, מיט וועלכע די מאַסן איינ־וווינער פון לאַנד פאָרן. אַזאַ וועג, פון תל־אביב צום עמק, האָבן מיר באַ־שלאָסן מאַכן מיטן אויטאָבוס.

האָבן מיר טאַקע פאַרבראַכט אַ שווערן האַלבן טאָג שטייענדיק אין תור, זיך שטופּנדיק מיט די פּעקלעך, און שפּעטער — זיך האַלטנדיק ביי די הענט־לעך פון די רערן אין אויטאָבוס, אָנגעשפּאַרט איינער צום צווייטן, צוזאַמען מיט יידן פון דער גאָרער וועלט, יידן מיט פאַרשיידענע שפּראַכן, מיט פאַר־שיידענע דיאַלעקטן. אויסגעבאָדענע אין שווייס און אויסגעמאַטערטע זיינען מיר אָנגעקומען אין קיבוץ יפעת.

שטאָט און קיבוץ — וואָס פאַר אַן אונטערשייד! דאָ איז גאָר אַן אַנדער אַטמאָספער. מען זעט ניט די נערוועזע פּנימער פון שטאָטישן מענטש. ניטאָ דאָ די פאַרשמייעטע יידן, וואָס יאָגן זיך איבער די גאַסן פון תל־אביב, די געלט־מאַכער און די פּרנסה־זוכער. אין קיבוץ באַגעגנט מען רויִקע, פרידלעכע געזיכטער. שמייכלענדיקע אויגן גריסן אייך פון אַלע זייטן. צי איר זייט אַ חבר פון קיבוץ, אַ פרעמדער אָדער גאָר אַ גאַסט, זייט איר דאָך אָבער אַ ייד און אַ מענטש, דאַרפט איר באַגריסט ווערן.

איז ווּעמען דאַרפן מיר גראָדע אָנטרעפן צו פרעגן ווו מיין מכניס־אורח צביה פּעקער וווינט? טאַקע ניט קיין אַנדערן ווי דעם געוועזענעם אַגריקול־

טור־מיניסטער און איצטיקן עצה־געבער פון דעם זעלבן מיניסטעריום, דעם וואונדערבאַרן חיים גבתי. דער נאָמען אליין איז אַן עדות, אז ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון קיבוץ גבת, און איצט — איינער פון די בויער פון דעם נייעם קיבוץ יפעת.

מיין שילערין מיט איר מאַן האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט.

„נאָך 7 יאָר זיך ניט זען", וואונדער איך אויף צביהן, „האָסטו זיך גאָר ניט געביטן".

„דאָס לעבן אין קיבוץ", דערקלערט זי מיר, „האַלט מיך יונג. ניט חלילה ווייל מיר לעבן דאָ אַ לוקסוס־לעבן, ניין, דווקא דערפאַר ווייל מיר ארבעטן שווער און ווייל מיר ליבן אונדזער אַרבעט, שפּירן מיר ניט די שוועריקייטן, ווערן ניט מיד און פילן זיך תמיד יונג".

איר מאַן, נאָך אין זיינע אַרבעטס־קליידער, איז נאָר וואָס געקומען פון כרם, פון זיינע ווייַנטרויבן־ביימלעך, וועלכע ער קולטיווירט. לכבוד די געסט און לכבוד יום־טוב האָט ער זיך פאַרגונען קומען פון פעלד מיט אַ שעה פריער.

מיר אַלע, זאַלבעפערט, זיינען פאַרבעטן צו אונדזער לאַנדסמאַן אלתר פעקער, אַ וותיק און דער ספּעציאַליסט פון דער פּירות־אָפּטיילונג אין קיבוץ. זיינע פּרוכטן זיינען אַ שם דבר, אָבער — נאָר פאַר עקספּאָרט. דער טיש איז געגרייט מיט אייגענע ווייַנען, באַשיינט מיט אייגענע טאָרטן. מען געניסט, מען פרייט זיך מיט דער באַגעגעניש און מען מאַכט זיך פאַרטיק צום סדר.

## דער סדר אין קיבוץ

„האָט איר פאַר אונדז יארמעלקעס?" ווענד איך זיך צו מיינע באַגליי־טער מיט אַ פראַגע.

„יארמעלקעס? צו וואָס? צו אונדזער סדר איז עס ניט נייטיק", דער־קלערט מען אונדז. „אונדזער סדר איז אַ מאָדערנער".

„און די הגדה זאָגט איר?" פרעג איך ווידער אַ קשיה. „הייַנט ווי זשע שיקט זיך עס צו זאָגן די הגדה אָן אַ היטל?"

„אונדזער הגדה מעג מען זאָגן אָן היטלען", פּסקנט אונדזער גאַסט־געבער. „איבריקנס, מיר גייען דאָך צום סדר, וועט שוין דאָרט אייך אַלץ קלאָר ווערן".

אין בית־אוכל רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. אַכט הונדערט מיטגלידער פון קיבוץ און אַ פּאָר הונדערט געסט ווערן באַזעצט אויף פּלעצער. און אַט: אַ פּרוי אין די מיטעלע יאָרן דערקענט איר אַמאָליקן לערער. מען פאַלט זיך ארויף קושן, טרערן פון פרייד. דאָס קליינע ניין־יאָריקע גוטעלע פון ווייטן אַמאָל איז שוין אַ באָבע, האָט שוין אַן איניקל. איר טאָכטער, די מו־טער פון דעם איניקל, איז אויך אַ חברה פון קיבוץ. זי וועט זינגען אַ פּאָר סאָלאָס מיטן קיבוץ־כאָר. די קלענערע קינדער זיצן לעבן איר. מיר אָרדע־נען זיך איין צוזאַמען — ווי איין משפחה.

שולחן ערוך: דער טיש איז געגרייט מיט מצה, ווייַן, עופות, קניידלעך און שאר־ירקות פּאָר יעדן איינעם באַזונדער. לעבן יעדן טעלער אַ פלאַש ווייַן און אויך אַ... הגדה. ווען איך נעם אָבער בלעטערן די „הגדה" ווערט מיר קלאָר פּאַר וואָס מען מעג דאָ זיצן מיט בלויזע קעפּ צום סדר: די הגדה איז ווייט ניט קיין טראַדיציאָנעלע, זי איז געשאַפן און צונויפגעשטעלט גע־וואָרן פון דער קולטור־קאָמיסיע ביים קיבוץ. דער אינהאַלט איז מעניני דיומא, אָן וועלכע ניט איז רעליגיעזע צערעמאָניעס. עס רעדט זיך נאָר וועגן דער באַפרייאונג פון אַ פאָלק, פאַרבונדן מיטן חג־האביב, מיטן יום־טוב פון פרילינג. יעדן יאָר ווערט געשאַפן אַ נייע הגדה, ווייל איטלעך יאָר ברענגט דאָס לעבן נייע פאָרמען און די הגדה דאַרף זיך צופאַסן צום לעבן.

דער הילכער רופט אויס און בעט די כאָריסטן צו פאַרנעמען זייערע ערטער. עס שטעלן זיך אויס זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס, יוגנט־לעכע און קינדער. די כאָר־דיריגענטין איז אַ יונגע מיידל מיט גרויסע מו־זיקאַלישע פעאיקייטן. איר טאַטע און אַ שוועסטער זיינען אויך כאָריסטן. דער הילכער הייבט אָן זאָגן די הגדה:

החודש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכם לכל חדשי השנה, חודש האביב. ובחודש האביב, בארבעה עשר בו זמן חרותנו. והיה היום הזה לכם לזכרון וחגותם אותו לדורותיכם, חוקת עולם תחגוהו, כי בעצם היום הזה יצאו אבותיכם ממצרים. היום הייתם לעם אא״וו. עס רעדט זיך וועגן פרי־לינג־יום־טוב, וועגן פעלד, וועגן בלומען, ביז מען קומט צו די פיר קשיות, אָבער דער „עבדים היינו" איז שוין אויך גאָר אַן אַנדערער. אזוי ווערט געפירט דער סדר. דורכן הילכער ווערט רעציטירט אַ פּסוק, וועלכן דער כאָר זינגט גלייך איבער. עס גיסן זיך וואונדערלעכע קלאַנגען איבערן גרויסן זאַל פון בית־אוכל. טענער וועלכע פאַרכישופן ממש מיט זייער מתיקות.

פון פאַרשיידענע ווינקלען הערן זיך פסוקים פון דער נייער הגדה. עס לייענען פאַר אַלטע און יונגע, מענער און פרויען און יעדער פסוק ווערט אונטערגעכאַפּט און איבערגעזונגען פון כאָר. ביי געוויסע פסוקים דרייט זיך די מיידל־דיריגענטין אויס מיטן פּנים צום זאַל און עולם כאַפּט אונטער די ניגונים. מיילן וויט טראָגן זיך די קלאַנגען פון אַן עדה חלוצים, אידעאַליסטן, בויער פון אַ נייעם לעבן, אַ לעבן פון אמתער גלייכהייט און ברידערלעכקייט, וווּ דער יחיד לעבט פאַרן כלל און דער כלל פאַרן יחיד.

עס איז שוין נאָך דער הגדה און נאָך די קנידלעך. דער זייגער ווייזט שוין די עלפטע שעה, אָבער דער יום־טוב פאַנגט זיך ערשט אָן. אין דרויסן, אונטער אַן אויסגעשטערנטן הימל שטייען שוין אויסגעשטעלט הונדערטער שטולן, איבערהויפּט פאַר די אורחים. דער הילכער בעט אַלעמען ארויס צו שירה בציבור. און ווען יונג און אַלט פאַרווילן זיך מיט די שיינע, האַרציקע ישראל מאַטיוון, ווערט דער גרויסער זאַל, דער אלגעמיינער עס־צימער, אָפּגערייניקט און צוגעגרייט פאַר טענץ. און ויהי בחצי הלילה — הויבן זיך אָן די טענץ, אין וועלכע כל דיכפין קאָן מיטטאַנצן.

די לופט שמעקט מיטן אַראָמאַט פון פעלד און בוים. אַ שאָד דאָס אַלץ איבערצולאָזן און גיין שלאָפן. אין אַ שפּעטער שעה, פאַרשיכורט פון איינדרוקן, פון ווייַן געזעגענען מיר זיך מיט אַ חג שמח!

## עומר

פונקט ווי דעם סדר האָבן די חברים פון יפעת אויף זייער שטייגער סטיליזירט און מאָדערניזירט, אזוי האָבן זיי, היינטיקס יאָר צום ערשטן מאָל, געבראַכן די טראַדיציע פון דער עומר־צערעמאָניע.

צו וואָס דער בחיפזון אין דעם טאָג פון ערב פּסח, האַרט ביים סדר, ווען די עומר־צערעמאָניע קאָן ניט דורכגעפירט ווערן מיטן געהעריקן גלאַנץ און פראַכט צוליב דער איילעניש? און פון דער אַנדער זייט: צו וואָס אָפּכאַפּן על רגל אחת די הכנות צום סדר, ווען אַלץ קאָן געטאָן ווערן אין רו? האָבן די יפעתער טאַקע גענומען די איינגעבירגערטע טראַדיציע פון עומר און זי איבערגעטראָגן אויף ראשון של פּסח.

נאָך מיטאָג, 4 אזייגער, נאָכן אָפּרוען זיך, האָבן זיך גענומען ציען די מער ווי טויזנט מענטשן, זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס, יוגנטלעכע,

קינדער און געסט צו די גרייטע, גרויסע אויטאָבוסן און אָפענע לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן שוין געוואַרט אויף אויפצונעמען און אָפּפירן דעם עולם צו דער עומר־צערעמאָניע.

אין די אָנגעפּראָפּטע אויטאָבוסן און לאַסט־אויטאָס האָט דער עולם, שטייענדיק און האַלטנדיק זיך איינער אָן צווייטן זיך געוויגט און געשאָקלט אויפן וועג צום באַשטימטן פּלאַץ אויפן פעלד, ווו אַ הילכער מיט אַן אויפגעבויטע פּלאַטפאָרמע זיינען געווען איינגעאָרדנט און באַצירט מיט רויטע און ווייס־בלויע פאָנעס. בונטן תבואה, געבונדענע אין גאַרבן, האָבן געדינט פאַר שטולן און בענק צום זיצן. ווען עולם איז געווען אויסגעזעצט האָט זיך די צערעמאָניע אָנגעהייבן:

יונגע מיידלעך, פאַרפּוצט אין ווייסן, בחורים אין קאָלירטער קליידונג, האָבן צוזאַמענגעשטעלט די אָנטיילנעמער פון דער צערעמאָניע. פייפל־ און אַקאָרדיאָן־שפּילער האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם אָרקעסטער. ארויסגעקליבענע קאַפּיטלעך תהילים און ספּעציעל צוזאַמענגעשטעלטע לויט אַ געוויסן סדר זיינען געלייענט און געזונגען געוואָרן פון יוגנטלעכע. אַ יונגער בחור רעציטירט אַ פּסוק, וועלכער ווערט איבערגעזונגען דורכן כאָר אין צוזאַמענשפּיל מיטן אָרקעסטער. אָט קלינגט דורכן הילכער די שטים פון אַ יונג מיידל, וואָס זאָגט די פאַרפאַסטע ברכה פון „עומר" און אַ גרופּע יונגעלייט, געקליידט אין ווייסן, מיט קאָסעס אין די הענט, נעמען שניידן די פאַרטיקע תבואה. הינטער יעדן בחור קלייבט צונויף אַ מיידל, אויסגעפּוצט אין ווייסן, די אָפּגעשניטענע זאַנגען און בינדט זיי צונויף אין גאַרבן.

נאָך דער צערעמאָניע, אונטער דער באַגלייטונג פון אַקאָרדיאָן, הייבן אַלע פאַרזאַמלטע אָן זינגען בציבור. טענער קלינגען איבער ווייטע מיילן, פרייד־טענער פון אייגענער פּראַצע און האָרעוואַניע, וועלכע מען זייט מיט שווייס און מען שניידט מיט געזאַנג.

מחנות יוגנטלעכע אין פיל־פאַרביקע קליידער און קאָסטיומען לאָזן זיך אַוועק טאַנצן בויגעוודיק, ריטמיש צום טאַקט פון דער פריילעכער מוזיק.

עס הייבט אָן טונקלען און מען פאַרענדיקט מיט דער נאַציאָנאַלער האָרא, אין וועלכער יונג און אַלט ווערן אריינגעצויגן.

די צערעמאָניע איז געווען אימפּאָזאַנט. פריילעכע, צופרידענע ציען זיך ווידער הונדערטער מענטשן אין די אָפענע אויטאָבוסן און לאַסט־אויטאָס אהיים, אין קיבוץ אריין.

# להתראות, יפעת

נאָך ניט געַנוג וואָס דער קיבוץ האָט אונדז, מיך, מיין ווייב, מיין שוועס־טער און שוואָגער, אויסגעהאַלטן פאַר צוויי טעג מיט עסן און טרינקען, מיט אַ באַקוועמער דירה און אַזוי פיל גייסטיקן פאַרגעניגן, איז נאָך פאַר אונדזער אָפּפאָרן, ביים געזעגענען זיך, ממש ארויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף אונדז דאָס מיטנעמען א גרייטן פּעקל מיט פרישע פרוכט מכל המינים — פּירות פון קיבוץ.

געראַטן האָט מען אונדז, צוליב באַקוועמלעכקייט, נעמען אַ טאַקסי און זיך ניט שטויסן אין דער ענגשאַפט און שטיין אין די רייען אויף דער ברע־נענדיקער זון. מיר האָבן אָבער אויסגעקליבן דעם שווערן וועג — פאָרן מיט אַן אויטאָבוס. דאָס לעבן קאָן מען בעסער זען און בעאָבאַכטן דווקא אין די אויטאָבוסן, דווקא אין דער ענגשאַפט, שטייענדיק אין תור. און מיר האָבן קיין חרטה ניט געהאַט.

צי וואָלטן מיר, ניט שטייענדיק אין תור אין עפולה, געקאָנט זען דעם בלינדן אַראַבער, וואָס זיין איינציקער באַגלייטער איז געווען זיין שטעקן. ער האָט זיך גראָד דערטאַפּט מיט זיין שטעקן צו מיר און געפרעגט אויב דאָס איז דער תור קיין תל־אביב. לכתחילה, ניט אויסרעכענענדיק, בין איך ארויס פון דער ריי און אים אָפּגעפירט צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ. איך האָב אָבער באַלד חרטה געהאַט, זעענדיק ווי ער ווערט, גראָד ניט בייזוויליק, ארויסגעשטופּט פון דער ריי. איך האָב ווידער פאַרלאָזן מיין פּלאַץ און אים געבראַכט לעבן אונדז אין ריי און פון דער לאַנגער שורה הינטער אונדז האָט קיינער ניט פּראָטעסטירט. צוליב דער ענגשאַפט אָבער, ווען דער אוי־טאָבוס קיין תל־אביב איז אָנגעקומען, האָב איך אים פארלוירן. אַ יידישער יונגערמאַן האָט אים אריינגעבראַכט, ממש דורכגעבראַכן אַ וועג אין דעם געשפּאַר. דער פריינטלעכער נהג האָט אים אפילו דורכגעלאָזט אָן געצאָלט. מען האָט אים אוועקגעזעצט, ניט געקוקט וואָס קיין זיך־פּלעצער זיינען שוין ניט געווען. עמעצער האָט פאַר אים באפרייט זיין אָרט... אין מיטן וועג, אויף אַ פעלד, ווען דער בלינדער האָט געדאַרפט אויסשטייגן, האָבן זיך איינ־געפונען אייניקע בעלנים און אים אראָפּגעפירט. דער נהג האָט געוואַרט אַ היפּשע ווילע ביז מען האָט אים געבראַכט אויף אַ זיכערן אָרט און דאַן איז מען ווייטער געפאָרן.

דער דאָזיקער אינצידענט האָט פּשוט געריירט.

אָדער צי וואָלט איך, ניט אין אויטאָבוס, זיך געקאָנט באַקענען מיט דער יונגער אידעאַליסטישער קיבוץ־לערערין, שרה, ווען זי האָט דערקענט אין מיר אַ טוריסט און זיך פאַראינטערעסירט צו האָבן אַ שמועס מיט מיר און — דווקא אין עברית. זי האָט אַזוי גערעדט צו מיר, אַז איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען, ווייל זי האָט אָנגעווענדט צו מיר דעם זעלבן פּעדאַגאָגישן צו־גאַנג ווי צו אירע מאַראָקער אָדער אַבעסיניער קינדער, צו וועלכע זי פאָרט פון מושב צו מושב זיי לערנען.

„קענסטו יידיש?", פרעג איך איר.

„איך פאַרשטיי אַ ביסעלע. אבל אני שונא את השפה הזאת". און שטיי־ענדיק אין אויטאָבוס לעבן מיר, בשום אופן ניט אָננעמענדיק מיין פאָרלייג צו נעמען מיין זיץ־פּלאַץ, האָט זי מיר געגעבן אַ לעקציע און אויפגעקלערט איר שטאַנדפּונקט פון אַ חלוציש־אידעאַליסטישן צוגאַנג צו דער זאַך, און אַלץ אין אַ פאַרשטענדלעכער פאָר מיר שפּראַך אַזוי, אַז איך האָב גענומען באַטראַכטן און פאַרשטיין דעם יונגן חלוץ אין זיין גאַנצער גרויסקייט, הער־לעכקייט און שיינקייט.

אָדער וואָלט איך געקאָנט גלויבן, ווען איך זע עס ניט מיט מיינע אויגן, ווי צוויי אַראַבער מיט פּעק און פּעקלעך, מיטפאָרער אין אויטאָבוס, זיינען באַהאַנדלט געוואָרן מיט מער ריקזיכט און אַ סך בעסער אפילו ווי די יידישע פּאַסאַזשירן. אפשר איז עס אַן איבערבלייב פון דעם גלות־קאָמפּלעקס, אויך אין ישראל, זיך באַציען צו אַ גוי מיט מער דרך ארץ? אלנפאַלס, די אַראַ־בער האָבן זיך לחלוטין ניט געפילט אז זיי געהערן צו אַ מינדערווערטיקן מיעוט. די פריינדלעכקייט פון ייד און אַראַבער איז ביי דער דאָזיקער גע־לעגנהייט געקומען שטאַרק צום אויסדרוק.

אָדער וואָלט איך געקאָנט זען, ניט פאָרנדיק מיטן אויטאָבוס, ווי אַ יונגע אַראַבישע מיידל שטופּט זיך אריין צווישן עולם מיט אַ קעלבל־פּאַסאַ־זשיר, שלעפּנדיק עס אויף איר אקסל, כדי צו ברענגען דאָס קעלבל פון עפולה צו איר היים? מיט אזעלכע און ענלעכע עפּיזאָדן קאָן מען זיך אָנשטויסן ווען מען פאָרט צוזאַמען מיט כל ישראל. דאָ זעט מען דאָס לעבן נאַקעטערהייט, ניט געפּוצט און ניט באַפאַרבן, ווייל צוזאַמען מיט אַלעמען איז מען איינער פון כלל, און קיינער באַמיט זיך ניט אויסצונעמען פאַר אייך, ווי מען וואָלט אפשר זיך באַמיט פאַר אַ טוריסט.

אויפן מאָמענט האָט מיך ניט אינטערעסירט די פּאָליטיק פון דער רע־גירונג בנוגע דער אַראַבישער מינדערהייט. אָבער איך האָב זיך איבער־צייגט אז דאָס פאָלק, די ברייטע מאַסן באַטראַכטן דעם אראבער ווי אַ גלייכן מיטבירגער און עס זיינען פאַראַן מעגלעכקייטן פאַר אַ בעסערן צוזאַמענלעבן.

# מדינת ישראל נאָך זיבן יאָר

אין 1952 בין איך געווען אין ישראל, און איצט, מיט זיבן יאָר שפּע־
טער האָבן זיך פּאַר מײַנע אויגן ממש ווונדער אַנטפּלעקט וואָס שייך די
דערגרייכונגען: פון וויסטענישן זײַנען אין פיל ערטער געוואָרן בליענדיקע
גערטנער. ווען מען פאָרט מיטן באַן פון תל־אביב קיין ירושלים, זעט מען
די בערג ארום, וווּ נאָר ס'איז מעגלעך געווען, אויסגעבויט מיט טעראַסן־
טרעפּ די גרויסע שטחים ערד, וואָס זײַנען געווען פאַרוואָרלאָזט פון מי יודע
כמה יאָרן, זײַנען היינט באַאַרבעט, פאַראַקערט און פאַרזייט. און עס פרייט
פשוט דאָס האַרץ: סך־הכל מיט אייניקע יאָר צוריק איז דאָ, ארום די בערג,
געווען תוהו ובוהו און איצט ציט מען ארויס פון די שטיינערנע ערטער
וואָס נאָר עס איז מעגלעך.

צפון פון תל־אביב, וווּ עס איז פריער געווען וויסט, זאַמד און שטיינער,
איז היינט פאַרבויט און עס בויט זיך נאָך ווייטער דער גרויסער מאָדערנער
שטאָט־טייל מיט נייע, פּרעכטיקע, שיינע 5־שטאָקיקע געביידעס, וועלכע

ציען זיך אין גלייכע, ברייטע גאַסן מיט סטיל און געשמאַק, וואָס אַזעלכעס זעט מען ניט, ניט נאָר אין אַ יאָהאַנעסבורג, נאָר אפילו ניט אין ניו־יאָרק, לאָנדאָן אָדער פּאַריז.

מען זעט הונדערטער נייע מושבים, ווען מען פאָרט באַקוקן דאָס לאַנד, נייע שיכונים פאַר אַלטע און נייע עולים, וועלכע פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די אַמאָליקע אַזוי גערופענע „מעברות״. גרויסע שטחים ווערן באַאַרבעט און באַפרוכפּערט, טויזנטער דונאַם באָדן ווערן אַרויסגעריסן פון דרימל און עס הייבט אָן אָטעמען מיט לעבן אַרום. אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וועלכע וואַקסן איבערן גאַנצן לאַנד, סיי מיט פּריוואַטע, סיי מיט דער הילף און בשותפות מיט דער הסתדרות, איז ממש פאַרכאַפּנדיק און דערשטוינענדיק.

דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך אַנטוויקלט, אַז ס׳איז פּשוט ניט צו דער־קענען. ווער געדענקט עס ניט די לאַנגע רייען ביי די אויטאָבוס־סטאַנציעס אין תל־אביב אָדער אין אַנדערע שטעט. היינט איז שוין גאָר אַנדערש. עס איז ניטאָ קיין איין גאַס אין תל־אביב, אין חיפה, אין ירושלים וווּ דער אויטאָבוס זאָל ניט גרייכן. די טראַנספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „אגד״ באַזאָרגט מיט גענוג אויטאָבוסן די שטעט און די ישובים איבערן גאַנצן לאַנד. די שרות־טאַקסיס זיינען אַ צוגאָב צו די אויטאָבוסן און ברענגען אַ סך הילף דער באַוועגונג אין לאַנד. אומעטום זעט איר זיי לויפן מיט זייערע זיבן פּאַסאַ־זשירן. חוץ דעם פירן זיי אויס דעם גאַנצן שבת־פאַרקער, ווען די אויטאָ־בוסן רוען. אמת, איר זעט נאָך היינט רייען ביי די אויטאָבוס־סטאַנציעס; איר זעט נאָך היינט די פּאַסאַזשירן אָנגעפּראַפּט ווי סאַרדינען אין אַ פּושקע, שטייענדיק אין די אויטאָבוסן, ספּעציעל אין די אייל־שעהן. דאָס איז אָבער צוליב דעם ווייל די באַפעלקערונג וואַקסט, עס קומען אַריין נייע עולים.

אויך היינט זעט מען נאָך איבערן לאַנד, דאָ און דאָרט, אַלטע „מעברות״, בלעכענע שענטעס, ווי מיט אייניקע יאָר צוריק, אָבער זיי פאַרשווינדן לאַנג־זאַם, ווי פריער ווי שפּעטער. עס איז אויך אמת, אַז די אַרעבטסלאָזיקייט, איבערהויפּט צווישן נייע עולים, וועלכע געהערן צו דער עלטערער קאַטעגאָ־ריע־גרופּעס איז גאָר הויך, אָבער די רעגירונג איז זייער אינטענסיוו אַריינגע־טאָן אין לייזן אויך דאָס דאָזיקע שווערע פּראָבלעם.

די דירות־פּראַגע, וואָס איז געווען אַזוי שווער און ווייטאָגדיק מיט זיבן יאָר צוריק, ווערט אויך היינט געלייזט מיט אַ שנעלער טעמפּאָ. עס איז ניטאָ קיין איינער פון מיינע פריינד און באַקאַנטע, למשל, וועלכע האָבן זיך גע־

מאַטערט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַז זיי זאָלן זיך שוין ניט האָבן איינגע־אָרדנט מיט וווינונגען, יעדערער אויף זיין שטייגער.

אַנדערש איז היינט אויך די פראַגע פון קליידונג: אויב מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אייך יעדער איינער דערקענט אַז איר זייט אַן אויסלענדער, לויט אייערע קליידער, איז שוין איצט דער סימן ניט מאַסגעבנדיק. אַלע גייען פאַרפּוצט: מענער אין שיינע אַנצוגן, פרויען לויט דער לעצטער מאָ־דע געקליידעט, און זיי אַלע זיינען ישראל־איינוווינער, וועלכע האָבן געביטן זייער אויסזען אין משך פון די לעצטע יאָרן. נאַטירלעך באַגעגנט מען נאָך מענטשן אָנגעטאָן קרוע־בלוע. די אָרעמקייט איז נאָך גאַנץ־באַדייטנדיק, אָבער היינט קאָן מען שוין ניט דערקענען אַ טוריסט לויט זיין הילוך.

דער סטאַנדאַרד פון לעבן איז געוואַקסן און צוזאַמען מיט דעם — דער לוקסוס. מיט זיבן יאָר צוריק האָט מען נאָך געמוזט פאַר אַ ציבעלע, פאַר אַ קאַרטאָפל שטיין שעהן אין תור. קיין פלייש איז ניט געווען, אַן עוף פלעגט מען מיט שוועריקייטן דאַרפן אריינשמוגלען, אַן עפּל האָט מען געזען נאָר אין חלום אאַ״וו. היינט איז פאַראַן אַ שפע פון פרוכטן און ירקות, פון מאכ־לים וואָס נאָר אַ מויל קאָן ארויסריידן. די געשעפטן אויף דיזנגאָף אָדער בן־יהודה גאַס זיינען פול מיט דאַמען־ און מענער־קליידער, וועלכע האָבן ניט וואָס זיך צו שעמען אפילו מיט לאָנדאָן אָדער פּאַריז.

## אַ נייע צערעמאָניע — קריעת ים־סוף

ווי אַ מלאך פון הימל איז צו אונדז געקומען אַ באַגלייטער, אַ וועגווייזער — לעאָן יאָכאַנאָוויטש פון „יוחנן הסנדלר״ גאַס אין תל־אביב — אַ באַאַמ־טער אין אַ קאָנטאָר, און זייער אַ ווילער און האַרציקער בחור, וואָס שטאַמט פון פוילן.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער אונדז געטראָפן ערב פסח, אויף דער תחנה מרכזית. עס האָט דאָרט געררוישט ווי אין אַ בינשטאָק: מענטשן אין די טויזנטער לויפן, שרייען, מען האַוועט, מען זוכט פרנסה, מען פאַרט צו געסט, הכלל — אַן אמתער יאַריד. און פרעגסטו עפּעס עמעצן, פּטרט ער דיר אָפּ מיט אַ מאַך מיט דער האַנט: עך, היינט האָט ער ניט קיין צייט פאַר טוריסטן. דרייען מיר זיך ארום פאַרלוירענע און ווילן אויסגעפינען ווי אַזוי מען פאָרט קיין עפולה, מיט וועלכן אויטאָבוס. עס איז אָבער שווער צו דערגיין אַ טאָלק.

לעאָן איז דאַן אָנגעקומען אין ריכטיקן מאָמענט און זיך געשטעלט צו אונד־זער דינסט. און טאַקע אַ דאַנק אים זיינען מיר אין צייט אָנגעקומען קיין עפולה. דאָרט האָט ער אונדז ארויפגעפירט אויף אַ צווייטן אויטאָבוס און האָט אָפּגערעדט מיטן נהג ער זאָל אונדז אראָפּלאָזן אויפן ריכטיקן פּלאַץ. אזא הארציקייט פון אַ מענטשן!

גייען מיר אזוי זיך אחרון של פסח, ערשט מיר דערזעען אונדזער מדריך לעאָן יאָכאַנאָוויטש:

„שלום, שלום! וווהין בלאָנדזשעט מען?", פרעגט ער.

„מיר ווייסן אליין ניט!" ענטפערן מיר.

„סטייטש, איר ווייסט ניט? היינט איז דאָך עפּעס אחרון של פסח! אינטערעסירט אייך גאָר ניט צו זען די צערעמאָניע פון קריעת ים־סוף?"

ער דערקלערט אונדז, אז היינט אָונט ווערט ביים ברעג ים דורכגע־פירט אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, ווו פרומע יידן, איבערהויפּט חסידים, קלייבן זיך צונויף, זינגען און טאַנצן לכבוד דעם נס פון שפּאַלטן דעם ים.

ביים ברעג ים זיינען שוין פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן. פּאַנעס פלאַ־טערן. אַ פּלאַטפאָרם איז אויפגעשטעלט געוואָרן און אַלע וואַרטן. ווייט ארויף, פון רחוב אַלענבי, באַווייזן זיך גאַנצע „טאַנצנדיקע ווענט": בחורים באַזונדער, מיידלעך באַזונדער, אָרעמס אין אָרעמס געפלאָכטן ציען זיי זיך זינגענדיק און טאַנצנדיק און דערנעענטערן זיך לאַנגאַזם צום ברעג ים. זיי פאַרנעמען דעם ליידיקן פלאַץ, וואָס ווערט אָפּגעהיט דורך פּאָליציי פאַר זייערט וועגן. עס ציען זיך די טאַנצנדיקע קאָלומס, בחורים מיט יאַרמולקעס אויף די קעפּ, מיידלעך באַדעקט די קעפּ מיט טיכלעך. גאַנצע קאַראַהאָדן פון פאַרשיידענע גרופּעס. יעדע גרופּע באזונדער זינגט און טאַנצט. דער ארומיקער עולם שטייט אויך ניט אָפּ: מען זינגט, און אָנשטאָט טאַנצן קלאַפּט מען צו מיט די הענט. שפּעטער באַווייזן זיך אויף דער פּלאַטפאָרמע רעלי־געזע פירער, גבאים פון שולן, און אויך זיי זינגען.

הרב ד"ר כהנא בעט דעם עולם זיין שטיל און דערקלערט, אז באלד קומען אָן די חסידים בראש מיט זייערע רביים. ביזן אָנקומען פון די חסי־דים שטייט דער יונגער רעליגיעזער עולם ניט ליידיק. ביסלעכווייז ווערט דער גאַנצער פלאַץ פאַרוואַנדלט אין אַ מאַסע פון זינגענדיקע און טאַנצנדיקע קאַראַהאָדן.

די שטימונג איז אַ געהויבענע. פון דער ווייטנס באַווייזן זיך די חסידים.

זיי זיינען אויסגעפּוצט יומטובדיק אין חסידישן טראַכט: קאַפּעליושן און שטריימלעך, פאַרגאַרטלטע קאַפּאָטעס, ווייסע זאָקן ביז צו די קני, און — די לאַנגע פּיאות באַמבלען זיך. זיי קומען טאַנצנדיק אין שורות — אַ גאַס די ברייט — זייערע הענט צוזאַמענגעפּלאָכטן. הידד־אויסרופן באַגעגענען זיי. דער יום־טוב הייבט זיך אָן מיט דרשות. דאָס זינגען און טאַנצן ציט זיך אריין ביז האַלבער נאַכט.

נייע יום־טובים, נייע מנהגים — און דאָס קאָן געשען נאָר אין דעם יידישן ישראל. ווייל עס איז היים, עס איז אייגנס. די אַלעגבי גאַס איז אַ יידישע, דער ים איז אַ יידישער, און ווו דו קערסט זיך און ווענדסט זיך: יידן, יידישקייט, ארץ ישראל!

## יום הזכרון און יום העצמאות

דעם 13טן מיי פאַלט אויס דער יום־העצמאות. אויף דעם הינטערגרונט פון דעם טאָג לויכט אויף דער העראָאישער קאַמף פון דער „הגנה“, וואָס האָט מיט אירע געפאַלענע העלדן דערמעגלעכט דאָס אויפקומען פון דער יידישער מדינה. דעריבער האָט די רעגירונג באַשטימט ערב דעם יום־העצמאות דעם אָנדענק־טאָג, דעם יום הזכרון נאָך די געפאַלענע העלדן.

דעם 12טן מיי, 7 אזייגער פרי, זאָגט אָן אַ שטאַרקער, צעצויגענער פייף פון אַ סירענע, וואָס האַלט אָן צוויי מינוט, די איינוווינער פון ישראל, אז דער טרויער־טאָג הייבט זיך אָן. אין אַלע שולן און בתי־מדרשים ווערן געזאָגט ספּעציעלע תפילות און עס ווערן געמאַכט הזכרות נאָך די געפאַלענע.

צום מיליטערישן בית־עולם ציען זיך מאַסן מענטשן: עלטערן פון געפאַלענע זין, זיידעס און באָבעס, ברידער און שוועסטער, קרובים און פריינד. שול־קינדער ווערן געבראַכט מיט אויטאָבוסן און אויפן בית־עולם קומט פאָר אַ רעליגיעזע טרויער־צערעמאָניע.

צען אזייגער פרי פייפן די סירענעס א צווייטן מאָל און אַלץ אין גאַס ווערט אָפּגעשטעלט. די אויטאָבוסן, פּריוואַטער פאַרקער און אלע שפּאַצירנדיקע מענטשן שטייען צוויי מינוט אין צייכן פון טרויער נאָך די געפאַלענע.

זיבן אזייגער אין אָוונט פייפן ווידער די סירענעס צום לעצטן מאָל, אָן

אַנזאָג אַז דער טרויער־טאָג איז געענדיקט און דאָס פייערן פון יום־העצמאות פאַנגט זיך אָן. די גאַסן הייבן אָן פול ווערן מיט מענטשן, און פון מינוט ווערן זיי אַלץ מער באַלעבט. געזאַנג און טענץ הייבן זיך אָן אויף אַלע גאַסן, אויף יעדן ווינקל. די הויפט־גאַסן און דער צענטער פון שטאָט ווערן אָפּ־געשלאָסן פאַר דעם פאַרקער, און דער פּלאַץ ווערט פאַרנומען פון אַ גרויסן מאַסן־עולם.

צום ברעג ים איז אוממעגלעך זיך צו דערשלאָגן. אין די צענדליקער טויזנטער מענטשן שטראָמען צום ים מיט געזאַנג און טענץ. ספּאָנטאַנע האָ־ראָס פון יוגנטלעכע, און כל דיכפין, ווערן די האָראָס אַלץ שטאַרקער צע־פלאַקערט. די קאַפע־הייזער זיינען געפּאַקט, אויף די טראָטואַרן ווערן אויס־געשטעלט קיכן. יעדע קיך מיט אירע ספּעציפישע מאכלים. די ענגשאַפט און דער טומל ביים ים ציט דעם עולם צוריק צום צענטער שטאָט.

פינף פּלאַטפאָרמעס זיינען אויסגעבויט געוואָרן אין פינף סקווערן. פּראָגראַמען זיינען צוגעגרייט ספּעציעל פאַר דעם אָוונט. די בעסטע אַר־טיסטן פון „הבימה, האוהל און אַנדערע טעאַטערס זיינען אַנגאַזשירט און די פּראָגראַמען בייטן זיך יעדע שעה. אַזוי אַרום אַז יעדער סקווער קאָן זען די גאַנצע פּראָגראַם פון יעדע פון די פינף פאָרשטעלונגען.

אין די פּראָגראַמען גייען אריין געזאַנג, טענץ, הומאָריסטישע סקיצן און סתם פאַרוויילונגען. פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם, איבערהויפּט די יוגנט, שטייט ניט אָפּ — זיי באַנוגענען זיך ניט מיטן פּאַסיוון צוקוקן זיך, און פּראַווען שבת פאַר זיך. אויך עלטערע און מיטליאַריקע מענטשן שטייען ניט אָפּ. קומט טאָקע אויס, אַז אַלץ זינגט און טאַנצט דעם אָוונט. אַ פאָלק לאָזט זיך וווילגיין. אַ פאָלק פאַרגעסט אַלע זאָרגן און יובלט און פרייט זיך. אַזוי האַלט עס אָן אַ גאַנצע נאַכט ביזן גרויען פאַרטאָג אריין, ווען מען נעמט זיך גרייטן צום מיליטערישן פּאַראַד.

## דער מיליטערישער פּאַראַד

העכער אַ האַלבער מיליאָן ישראל־בירגער האָבן דאָס יאָר בייגעוווינט דעם גרויסן צה״ל־פּאַראַד אין תל־אביב. 100 עראָפּלאַנען, 100 טאַנקען, 60 פאַרשיידענע האַרמאַטן און 2000 זעלנער האָבן זיך באַטייליקט אין דעם יום־העצמאות־פּאַראַד.

דער ערן־גאַסט פון פאַראַד היינטיקס יאָר איז געווען דער געוועזענער פראַנצייזישער פּרעמיער אין דער צייט פון דער סיני־אַקציע, גי מאָליע, וועל־כער האָט זיך צוגעקוקט מיט אינטערעס צו די פאַרשיידענע וואָפן וואָס זיינען איינגעקויפט געוואָרן אין פראַנקרייך.

צווישן די געסט האָבן זיך געפונען דער וויצע־אויסערן־מיניסטער פון נאָרוועגיע, דער מעיאָר פון יאָהאַנעסבורג מאַלטץ און זיין פרוי, אָפיציעלע געסט פון בורמאַ, ד״ר סאַלק, ד״ר נחום גאָלדמאַן, אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן און מיליטער־אַטאַשעס, רבנים און גייסטלעכע פון אַלע רעליגיעזע עדות אין ישראל. אויך טויזנטער טוריסטן אויף ספּעציעלע צוגעגרייטע זיץ־פּלעצער.

אַ פּאָר מינוט פאַר 10 פרי זיינען צו דער טריבונע אָנגעקומען דער פּרעמיער ד. בן־גוריון מיט זיין פרוי. אַ פּאָר מינוט שפּעטער — דער פּרע־זידענט י. בן־צבי מיט זיין פרוי, באַגלייט פון מאָטאָציקליסטן און רייטער־פּאָליציי.

דער פאַראַד הייבט זיך אָן. אויפן הימל פליען צוויי עסקאַדראָנען עראָ־פּלאַנען מיט אַ גוואַלדיקן רעש און שנעלקייט. דאַן באַווייזן זיך די העלי־קאָפּטערס. 10 מינוט דויערט דער לופט־פאַראַד. אויף דער יבשה ווערט דער פאַראַד געעפנט דורך צענדליקער מאָטאָציקליסטן פון דער מיליטער־פּאָליציי. נאָך זיי גאַנצע קאָלאָנעס מיט דזשיפּס, שווערע טאַנקען, פּאַנצער־אויטאָס, פאַראַשוטיסטן, אַרטילעריע־איינהייטן, לאַסט־אויטאָס, וואָס שלעפּן נאָך זיך שווערע האַרמאַטן. דער מאָטאָריזירטער טייל פון פאַראַד ווערט געשלאָסן דורך דער מאָטאָריזירטער פוסגייער־ארמיי.

דער צווייטער טייל פון פאַראַד פאַרנעמט די פוסגייער־ארמיי מיט אירע פאַרשיידענע פאָרמאַציעס ווי אויך פאַרשטייער פון לופט־פלאָט און מאַט־ראָסן, וואָס מאַרשירן מוסטערהאַפט מיט זייערע פאַרבנרייכע פענער, מיט זייערע אָרקעסטערס. פאַרשיידענע קאַמפּס־איינהייטן פון די גרענעץ־דער־פער, צווישן זיי תימנער מיט בערד און פּיאות.

מיט באַזונדערן חן צייכענען זיך אויס די מיידלעך פון דער פרויען־ארמיי. נאָך זיי קומט אָן דער מעדיצינישער קאָרפּוס בראש מיט קראַנקן־שוועסטערס און בחורים מיט זייערע רעטונגס־מכשירים. עס פאַראַדירן אויך פּאָליציי־איינהייטן, מיליטער־פּאָליציי און משטרת ישראל, וועלכע צייכענען זיך אויס באַזונדערס מיט זייער גלענצנדיקן מאַרשירן.

אָרקעסטערס באַגלייטן כמעט יעדע איינהייט. אזוי האָט זיך דער פאַראַד

פון מאַרשירנדיקע חיילים געצויגן פאַרביי די פּלאַטפאָרמעס אַ גאַנצע שעה. דאַן האָבן זיי פאַרגעזעצט דעם 9־קילאָמעטערדיקן מאַרש איבער די גאַסן פון תל־אביב און זיינען באַגריסט געוואָרן פון הונדערטער טויזנטער מענטשן.

אין גאַנצן לאַנד, איבערהויפּט אין די גרעסערע שטעט, זיינען פאַרגע־קומען אימפּאָזאַנטע מיליטער־פּאַראַדן. אומעטום זיינען די הייזער, די מלו־כה־אַנשטאַלטן געווען דעקאָרירט מיט נאַציאָנאַלע פענער. אומעטום זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן פאַרוויילונגס־בינעס און הילכערס, ארום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט טויזנטער מענטשן.

אין דער זעלבער צייט ווען דאָס גאַנצע לאַנד, פון קליין ביז גרויס, האָט געיובלט, געטאַנצט און געזונגען פון פרייד, האָבן די נטורי קרתא גע־טרויערט און געזאָגט קינות. די נטורי קרתא האָבן אין דעם יום העצמאות־טאָג פּראָקלאַמירט אַ טרויער־טאָג. אין דער גרויסער שול אין מאה שערים איז פאָרגעקומען אַ טרויער־תפילה, „צוליבן אומגליק וואָס האָט זיי גע־טראָפן מיטן אנטשטיין פון דער ציוניסטישער מדינה...״

## ל״ג בעומר אין ישראל

אייגנטלעך, וואָס פאַר אַ יום־טוב איז ל״ג בעומר? לויט דער לעגענדע האָט 33 טעג אין עומר אויפגעהערט די מאַסן־פּטירה פון די 24 טויזנט תלמידים פון רבי עקיבא, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פּסח. אין אָנדענק פון ר׳ עקיבאס תלמידים ווערט געפייערט ל״ג בעומר. גלייכצייטיק ווערט דער־מאָנט די גבורה, וואָס די תלמידים האָבן ארויסגעוויזן ווען עס איז נייטיק געווען צו פאַרטיידיקן דעם כבוד און די פרייהייט פון פאָלק ישראל מיט פיזישער קראַפט. ר׳ עקיבא האָט מיט זיינע טויזנטער תלמידים זיך באַטיי־ליקט אין דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא און דערמיט געוויזן אַ מוסטער די קומענדיקע דורות, ביז וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אַז דאָרט ווו עס האַנדלט זיך אין כבוד און קיום פון פאָלק, דאַרף מען זיך באַנוצן מיט אַלע מיטלען — פיזישע ווי גייסטיקע.

באַזונדערס דערמאָנען יידן אין דעם טאָג פון ל״ג בעומר דעם גרויסן תלמיד פון ר׳ עקיבא, רבי שמעון בר יוחאי, וואָס האָט פאַר קיין פרייז ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם רוימישן אָקופּאַנט און האָט רעוואָלטירט קעגן

זיין ברוטאַליטעט. ר׳ שמעון בר יוחאי האָט ניט געוואָלט איבעררייסן מיטן עבר, מיט דער אייגענער קולטור און זי איבערבייטן אויף אַ פרעמדער.

די „ל״ג בעומר־פייערונג ווערט אויך פאַרבונדן דערמיט, וואָס אין דעם טאָג איז נתגלה געוואָרן דער „אור תורה״ דורך ר׳ שמעון בר יוחאי, מיט זיין קבלה־ספר „זוהר״. דעריבער קומען פאַר אַלע שמחות און פייערונגען פון ל״ג בעומר אויף דעם קבר פון ר׳ שמעון בר יוחאי, אין דערפל מירון.

שוין ערב ל״ג בעומר הייבן אָן זיך ציען פון אַלע עקן לאַנד צו מירון צענדליקער טויזנטער מענטשן — מענער, פרויען און קינדער, טוריסטן פון פאַרשיידענע לענדער — כדי בייצווויינען די פייערונגען. אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט שטראָמען מענטשן. ארום 500 שומרים היטן אָפּ די אָרדענונג אויף די וועגן וואָס פירן צום קבר פון ר׳ שמעון בר יוחאי.

פון דער שטאָט צפת, אין גליל, ציט זיך שטענדיק אַ „תורה־מאַרש״ ביז מירון. אויפן וועג ווערן געזאָגט תפילות פאַרן שלום פון לאַנד און פאַרן געזונט פון מדינה־פרעזידענט. היינטיקן יאָר האָבן ארום 1500 חיילים דורכגעפירט אַ דעפילאַדע בראש מיטן צה״ל הויפּט־רב, הרב גורן, טראָגנדיק מיט זיך א ספר תורה קיין מירון.

אין מירון גופא ווערן אָנגעצונדן טויזנטער ליכט לכבוד די געפאַלענע העלדן פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דער מדינה. אין די פייערונגען האָבן אויך אָנטייל גענומען דער רעליגיע־מיניסטער הרב טולידאַנאָ און דער פּאָליציי־מיניסטער, בכור שטרית.

דער הויפּט־רב פון גליל צינדט אָןביים קבר פון ר׳ שמעון בר יוחאי דעם שייטער און דער מעיאָר פון שטאָט צינדט אָן די ליכט צום אָנדענק פון די אומגעבראַכטע העלדן דורך דער מאַנדאַטן־מאַכט.

נאָך די אַלע צערעמאָניעס הייבן זיך אָן די טענץ און די געזאַנגען ארום די פייערן. מען שעכט שעפּסן, מען עסט און מען טרינקט, מען זינגט און מען טאַנצט די גאַנצע נאַכט, ניט ווערנדיק מיד.

א צווייטע צערעמאָניע וואָס קומט פאָר דעם טאָג פון ל״ג בעומר איז דאָס שערן צום ערשטן מאָל די דריי־יאָריקע קינדער. ביי די פרומע מאה שערים־יידן איז דאָ אַ מינהג, אז קינדער ביז דריי יאָר טאָר מען ניט שערן. ל״ג בעומר ברענגען עלטערן זייערע דריי יאָריקע שעפעלעך קיין מירון און צוויי אזייגער בייטאָג קומט פאָר די צערעמאָניע פון שערן. נאָכן אָפּשערן די קינדער קומט אויף דאָסניי טענץ און געזאַנג, וועלכע פאַרציען זיך ביז

שפּעט אין אָוונט. אויסגעמאַטערטע, אויסגעשעפּטע לאָזן זיך אַלע עולה־רגל זיין צוריק אַהיים.

אין ירושלים ווערן די ל״ג בעומר פייערונגען דורכגעפירט דורך די מאה שערים־יידן. איבער די צענטראַלע גאַסן, מיט אַ ספר תורה און ברע־נענדיקע פאַקלען טאַנצן זיי און זינגען מיט גרויס התלהבות. גרויסע פייע־רונגען קומען אויך פאָר אין טבריה ביי דעם קבר פון ר׳ מאיר בעל הנס, ווו עס קומען טויזנטער יידן אויסבעטן דורך קוויטלעך זייערע פאַרלאַנגען.

אין תל־אביב, חיפה און אנדערע ישובים פון לאַנד נעמען שטענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין די צערעמאָניעס שילער־אָרגאַניזאַציעס, ישיבה־בחורים און רעליגיעזע יידן. אָבער די גרעסטע טייל חסידים און רעליגיעזע יידן לאָזן זיך קיין מירון. גאָר אמאָל פלעגן די ל״ג בעומר־פייערונגען דורכגע־פירט ווערן נאָר דורך חסידים. היינט האָבן זיך שוין מתנגדים אויך אָנ־געשלאָסן.

עס ווערן לכבוד ל״ג בעומר אין די שולן אין תל־אביב איינגעאָרדנט ספּעציעלע קינדער־פאַרשטעלונגען. צענדליקער שייטער־הויפנס ווערן דורך די קינדער אָנגעצונדן אין פאַרשיידענע ליידיקע פּלעצער, איבערהויפּט ביים ברעג ים, ארום וועלכע זיי פירן אויס פאַרשיידענע פאָלקס־טענץ און פרייען זיך מיטן יום־טוב.

אין אנדערע ערטער פאַרציען זיך די ל״ג בעומר־פייערונגען איניקע טעג. אזוי האָבן מיר, פאָרנדיק צוויי טעג נאָך ל״ג בעומר מיטן אַגראָנאָם שרגא קליין פונעם קיבוץ מסילות, געזען 10 אזייגער ביינאַכט אין אַ פעלד, אין אַ גרויסן קרייז ארום אָנגעצונדענע פאַקעלן, זיינען יוגנטלעכע געשטאַ־נען, געזאָגט און געזונגען תפילות לכבוד ל״ג בעומר. פאַרשטייט זיך, אז נאָך די תפילות זיינען, ווי אומעטום, פאָרגעקומען טענץ ארום די פייערן און אין דער שטילקייט און פינצטערניש פון דער נאַכט האָט די צערעמאָ־ניע איבערגעלאָזט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק.

# נייע איינדרוקן פון מדינת ישראל

דער ערשטער מיי האָט שוין היינט פאַרלוירן זיין פייערלעכקייט. אין די מערסטע לענדער אויף דער גאַנצער וועלט ווערט דער אַמאָל־רומפולער ארבעטער יום־טוב בלאָסער און שוואַכער, חוץ אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווו דער ערשטער מיי ווערט אימפּאָזאַנט געפייערט, ווייל דאָרט ווערט דער דאָזיקער טאָג (אגב, צוויי טעג) געפייערט לויט אַ געזעץ.

אויך אין ישראל ווערט דער ערשטער מיי געפייערט מיט גרויס פּאַראַד, אָבער עס איז ניט קיין מלוכה־יום־טוב. עס איז אַ יום־טוב פון דער הס־תדרות. ווערט די מצווה פון ערשטן מיי אָפּגעהיט פרייוויליק פון אַלע פּאַר־טייען — חוץ די רעוויזיאָניסטן — און מען פּראַוועט דעם דאָזיקן טאָג מיט ענטוזיאזם און צערעמאָניעס.

די צערעמאָניע דארף, לויט מעלדונגען אין די צייטונגען, זיך אָנהייבן האַלב עלף, אָבער שוין פון ניין אזייגער אין דערפרי קלייבן זיך מאַסן אויפן

ברעג ים, ווו אַ גרויסע פּלאַטפאָרמע, באַפּוצט מיט אַ פּאָר צענדליק פענער — רויטע און בלוי־ווייסע — איז צוגעגרייט לכבוד דער פייערונג.

פּאָליציי היט אָרדענונג און פירט אָן מיטן פאַרקער אין דער געגנט. און כאָטש די געשעפטן זיינען אָפן, איז די שטימונג אַ יומטובדיקע, ווייל אין ישראל פילט מען יומטובדיקייט מער אויף דער גאַס. די גאַס אין ישראל שאַפט די שטימונג פון יום־טוב. און טאָמער חלילה פאַרקערט, דאַן טרויערט מען אויף אין גאַס. דעם ערשטן מיי זיינען די פאַבריקן געשלאָסן. די אַר־בעטער זיינען פריי, אָבער שכירות קריגן זיי פאַרן טאָג — איז טאַקע יום־טוב אין דער וואָכן.

פון מינוט צו מינוט ווערט פולער די אַלענבי גאַס ביים ברעג ים מיט אַרבעטער אויסגעפּוצטע אין ווייסע בלוזעס. דער מיליטערישער אָרקעסטער שפּילט ישראל־ און אינטערנאַציאָנאַלע מאַרשן, וואָס פאַרהילכט די לופט. מאַסן מענטשן שטראָמען און די פּאָליציי האָט דעם אויטאָבוסן־פאַרקער אין דעם געגנט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

פונקט 10.30 הויבט זיך אָן די פּראָצעסיע פון ערשטן מיי. צוליב ערב שבת (דער ערשטער מיי איז דאַן אויסגעפאַלן פרייטיק), איז די פּראָגראַם אַ קורצע, אפילו די מאַרשירנדיקע צוגן זיינען אויך געקירצט געוואָרן. אויסער דעם האָט מען היינטיקס יאָר באַשלאָסן אז כדי דער יום־טוב פון ערשטן מיי זאָל ניט פאַרשטערט ווערן זאָל מען ניט האַלטן קיין רעדעס, און צוליב דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער כנסת זאָל מען ניט פאַרוואַנדלען די פייערונגען פון ערשטן מיי אין אַ וואַל־דעמאָנסטראַציע. מען האָט אויך באַשלאָסן, אז אַנשטאָט יעדע אָרגאַניזאַציע זאָל, ווי אַלע יאָר, זיין פאַרטראָטן פון אַלע מיט־גלידער פון יעדער אָרגאַניזאַציע, זאָל דאָס יאָר די דעמאָנסטראַציע זיין פאַר־טראָטן בלויז פון דער פירערשאַפט פון יעדער אָרגאַניזאַציע. אַזוי איז עס טאַקע געווען. די היי־יאָריקע מיי־דעמאָסטראַציע האָט זיך פאַרענדיקט איינס אַזייגער אַנשטאָט פיר, ווי אַלע יאָר.

צו דער באַשטימטער צייט האָבן זיך, אונטער קלאַנגען פון אַן אָרקעס־טער, אַרומגערינגלט פון פאָנעס, באַוויזן די אַרבעטער־ראַטן פון תל־אביב, יפו, פאַראייניקט אונטער איין פאָן, ניט געקוקט וואָס אין ראַט זיינען פאַר־טראָטן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פּאַרטייען. נאָך זיי האָבן מאַרשירט שלאָסערס, שוסטערס, שניידערס, רעסטאָראַן־אַרבעטער, קינאָ־אָנגעשטעל־טע, געזונטהייט־סעקציעס, קראַנקן־שוועסטערס, פאַרוויילונג־סעקציעס א״א.

די וותיקים פון דער הסתדרות האָבן מאַרשירט באזונדער. עס קומען אָן יוגנט־סעקציעס. די אַרבעטנדיקע יוגנט, וואָס איז צעטיילט אין פאַרשיי־דענע פּאַרטייאישע גרופּעס, ווי התנועה המאוחדת, מפּאישע יוגנט, מחנות עולים, לינקע פּועלי ציון, אחדות העבודה און השומר הצעיר, האָבן דאָס מאָל נאָך דעמאָנסטריט יעדע אונטער איר אייגענע פאָן. אַ וואָך נאָכן ערשטן מיי זיינען די אַלע גרופּעס פאראייניקט געוואָרן אונטערן נאָמען „הנוער העובד והלומד". אין די ישראלדיקע פּאָליטישע קרייזן באַטראַכט מען דאָס אַלס אַ וויכטיקע געשעעניש. די איינציקע וואָס איז געבליבן מחוץ דער פאַר־אייניקונג איז דער „השומר הצעיר".

צום סוף קומען אָן פאַרשיידענע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס מיט אייגענע אָרקעסטערס, פאָנעס און לאָזונגען. די אַלע מאַרשינרדיקע ווערן באַגריסט פון אינערן־מיניסטער. צו יעדער גרופּע, צו יעדער אָרגאַניזאַציע האָט ער אַ צוגעפּאַסטע באַגריסונג און גוטע ווונטשן. אינטערעסאַנט איז, אז די קאָ־מוניסטן האָבן היינטיקס יאָר אויך דעמאָנסטרירט מיט אַלע ארבעטער אָר־גאַניזאַציעס צוזאַמען, פאַרשטייט זיך, אונטער אייגענע לאָזונגען.

באזונדערס האָט זיך אויסגעטיילט און איז שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „הפּועל". דאָס איז די אָרגאַניזאַציע וואָס פון איר איז ארויסגעוואַקסן זיינער צייט די „הגנה", און שפּעטער — די ישראל־ארמיי. אונטער דער מאַסקע פון ספּאָרט האָט „הפּועל", וואָס האָט אגב גע־הערט צו דער הסתדרות, היינטער די פּלייצעס פון די ענגלענדער געלערנט אירע חברים „תכסיסי מלחמה", און דאָרט זיינען טאַקע אויסגעאיבט גע־וואָרן גוטע סאָלדאַטן. זיי איז צו פאַרדאַנקען דער אויפקום און די עקסיס־טענץ פון דער יידישער מדינה — דערפאַר די אַפּלאָדיסמענטן און די ליב־שאַפט צו זיי. די זעלבע הפּועלניקעס זיינען די מיליץ, די אָרדענונג־היטער ביי דער הסתדרות.

בכלל שטעלט מיט זיך פאָר דער יום־טוב פון ערשטן מיי אין ישראל אַן אימפּאָזאַנטע ארבעטער־דעמאָנסטראַציע. יעדן יאָר מאַרשירן אַלע אר־בעטער־פּאַרטייען מיט זייער פולער מיטגלידערשאַפט און דער פאַראַד ציט זיך אריין ביז שפּעט פאַרנאַכט. היינטיקס יאָר איז געווען אַ פאַראַד אין מיניאַטור וואָס באַוויזט וואָס די הסתדרות מיינט און איר כוח אין לאַנד.

# ווער איז אַ ייד?

די דאָ געשטעלטע פראַגע האָט ניט דעם זעלבן מיין, וואָס דער וויכוח צווישן פרעמיער פון ישראל דוד בן־גוריון און די רעליגיעזע מנהיגים. אזא פראַגע קומט אויף פאַר אַ סך יידן אין ישראל, אָבער איבערהויפט פאַר יעדן גאַסט, פאַר יעדן טוריסט. און אזוי שטעלט זיך די פראַגע: אָט דער פאָט־ריאַרך, אַ שטייגער, וואָס האָט אַ לאַנגע ווייסע באָרד, טראָגט אַ מיץ אויפן קאָפּ, אָנגעטאָן אין אזא מין קיטה, שפּאַצירט מיט אַ שטעקן אין האַנט אזוי רחבותדיק אויף דער בן־יהודה גאַס — איז ער באמת אַ ייד?

אָדער דער יעניקער אויף נאָרדוי גאַס אין פתח תקווה, וואָס צוליב דער גרויסער היץ שטייט ער אין הויף אָנגעטאָן בלויז אין קורצע הייזלעך; ער שטייט מיט אַ גרויסער האַק אין דער האַנט ביי אַ קופּע קלעצער און צעהאַקט עס אויף קליינע שטיקלעך פייער־האָלץ. דער־אָ מאַן מיט די גרויסע פאַר־דרייטע וואָנצעס האָט אפילו קיין ניצוץ ניט פון צלם יהודי. ער וואָלט זיך אויסגעצייכנט צווישן טויזנטער פּאַניעס מיט אזא אויסזען — איז ער אַ ייד?

אָט איז אַ בלאָנדער הויכער גוי. ער אַרבעט ביי אונדז אין האָטעל. רעדט דייטש און באַנעמט זיך ווי אַן אמתער יעקע, וואָס ניט־ווילנדיק דערמאָנט עס דיר אָן די נאַצי־מערדערס — איז ער דען אויך אַ ייד?

אָט איז אַ משפּחה גויים, מיט גויאישע פּנימער, גויאישע מאַניערן, קו־מען אָפּט באַזוכן געווויסע אמעריקאַנער טוריסטן ביי אונדז אין האָטעל, ריידן בלויז אונגאַריש. — קאָן מען דען אַזעלכע אויך מצרף זיין צום יידישן פאָלק?

אָט איז אַ כאַפּטע יוגנטלעכע, שוואַרצהויטיקע, מיט פונאַנדערגעשפּי־לעטע העמדלעך און באַוואַקסענע הערצער, וואָס זעען אויס ווי פאַרטאַריקער און ריידן עפּעס מאָדנע שפּראַכן, הגם שוין געמישט מיט העברעאישע ווער־טער. זיי וואַרפן אָן אַן אימה אויף אייך ביים באַגעגענען זיי על שפת הים. — זיינען זיי טאַקע יידן?

אָט איז אַ געמיש פון קאָלירטע, שוואַרצע און טונקלהויטיקע מענטשן אין אַ קאַפע־הויז אַנטקעגן ים. זיי ליאַרעמען, שרייען און פּילדערן אויף פאַרשיידענע לשונות — זיינען זיי דען אַלע יידן?

זיצט אַ מאַן אויף אַלענבי גאַס אָן אַ היטל, איינגעוויקלט אין שמאַטעס. ער פאַרמאָגט אַ לאַנגע פּאַטריאַרכאַלע באָרד. בעטלענדיק נדבות מאַכט ער העוויות און אָפּשפּרעכענישן. — איז ער אויך אַ ייד?

אָדער די פּרוי פון אינדיע, מיט רינגען אויף די הענט און פיס, מיט פּאַטשערקעס אין נאָז, רינגען אין די אויערן, וועלכע זיצט אויף דער גאַס מיט איר באַגלייטער — אַ מוראדיקן הונט — און בעטלט אויף נדבות. — איז זי אַ יידישע?

אָט איז נאָך אַ פרוי, באַהאָנגען מיט קאָלירטע סטענגעס און גלעקלעך, אָנגעטאָן ווי אַ הונדערט־פּראָצענטיקע ציגיינערקע. זי האַלט אויסגעשטרעקט איר האַנט און מיט אירע שוואַרצע אויגן בעטלט זי נדבות ביי די פאַרביי־גייער. — איז זי אויך אַ יידיש קינד?

איר באַגעגנט אויף די גאַסן פון תל־אביב, יפו און אַנדערע שטעט אויס־טערלישע טיפּן, מיט גויאישע פּנימער, גויאישע מאַנירן, גויאיש געקליידעט. — זיינען זיי אַלע יידן?

יאָ, די אַלע זיינען יידן! אין ישראל זיינען קיין סך גויים ניטאָ. און די אַלע וואָס איר זעט און וועלכע רופן ביי אייך אַרויס חידוש, נייגעריקייט און אפילו צווייפל — זיי אַלע זיינען יידן. זיי ריידן שוין צו ביסלעך עברית און ווערן צעשמאָלצן אינעם קעסל וואָס הייסט ישראל. און ווי מען פאַרזיכערט דאָ, זיינען זיי שוין כמעט ווי איבערגעשמאָלצן — אָט די תימנער, מאַראָקער, סיריער, טוניסיער, מצרישע, איראַקישע, קורדישע, טערקישע, איראַנער און אַנדערע יידן, איבערהויפּט די יוגנט, זייערע קינדער — זיי זיינען שוין אי־בערגעשמאָלצן און זיינען געוואָרן פולקאָמע ישראלים.

די „געמישטע" חתונות מערן זיך און בקרוב וועט אויסקריסטאַליזירט ווערן איין יידיש פאָלק וואָס רעדט איין שפּראַך, אַ פאָלק מיט איינ־הייטלעכע מינהגים, זיטן און טראַדיציעס — עם ישראל.

## יידיש אין ישראל אין 1959

דאָס איז זייער אַ ברענענדיקע פראַגע. וואָס אונדז אין די תפוצות אינטערעסירט זייער איז, ווי האַלט עס טאַקע אויף אַן אמת מיט יידיש אין ישראל? מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז יידיש ווערט גערעדט אין ישראל מער ווי אין דער גאַנצער וועלט, אפילו מער ווי אין אמעריקע. איר הערט דאָס יידישע לשון אין שטוב, אין גאַס, אין אויטאָבוס, אין די קיבוצים, הכלל — אומעטום. אפילו די איינגעזעסענע ישראלים, די אזוי גערופענע

וותיקים, יידן וואָס האָבן דאָ אָפּגעלעבט אַ לעבן לאַנג, ריידן און באַנוצן זיך נאָך אַ סך מיט יידיש.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז פאַר טוריסטן איז יידיש כמעט די איינציקע שפּראַך וואָס פאַרבינדט זיי מיט דעם ישראלדיקן יידן. מען דאַרף אויך באַמערקן, אַז ביי די וותיקים פילט זיך טאַקע אַ מין בענקשאַפט צום יידישן וואָרט. זיי בענקען נאָך דעם זאַפטיקן יידישן אויסדרוק, נאָכן יידישן גלייכווערטל און זיינען תמיד גרייט אריינוואַרפן אַ יידיש וואָרט. שטייען, למשל, אייניקע יידן און מען רעדט, מען קאָכט זיך אויף העברעאיש און אין מיטן היציקן אַרגומענט גיט זיך איינער אַ כאַפּ ארויס מיט אַ יידיש ווערטל: „נו, בין איך דאָך אויס קאַפּעליוש-מאַכער" און כהרף-עין גייט מען איבער אויף יידיש. און דאָס איז אַזוי נאַטירלעך, אַז איר פילט פשוט אַז די יידישע שפּראַך איז מיטגעוואַקסן מיט זיי — איז גלייכבאַרעכטיקט מיט עברית...

איך בין אריין אין אַן אויטאָבוס, איינער פון די ערשטע, וואָרט איך דער אויטאָבוס זאָל זיך רירן. דער נהג כאַפּט דערווייל אַ שמועס מיט אַ פּאַסאַזשיר, נאַטירלעך, אין עברית. קומען אריין נאָך פּאַסאַזשירן און שליסן זיך אָן צום שמועס. איז אָבער געננוג געווען, אַז איינער זאָל אריינוואַרפן עפּעס אַ גלייכווערטל אין יידיש, דאַן פילט איר אַז יידיש איז דאָ — בפרט דאָ — אַ גליד פון יידישן קערפּער.

חוץ יידיש ווי אַן אומגאַנגס-שפּראַך, דאַרף מען אויך נעמען אין באַטראַכט די וואָקסנדיקע ליטעראַטור אין יידיש אין ישראל. עס ווערן ארויסגעגעבן אין יידיש צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. און דאָס יידישע טעאַטער שפּילט פאַר געפּאַקטע זאַלן.

אין תל-אביב גייט ארויס אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש מיט אַ צירקולאַציע פון איבער 30 טויזנט עקזעמפּליאַרן. צוויי וועכנטלעכע זשורנאַלן, אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל, אַ פערטל-יאָריקער זשורנאַל „די גאָלדענע קייט", וואָס נאָך אַזאַ איז אין קיין לאַנד ניט ארויסגעגעבן געוואָרן. אין תל-אביב געפינען זיך אויך צוויי גרויסע ביבליאָטעקן וואָס פירן אָן מיט קולטור-ארבעט. די „י. ל. פּרץ"-ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַ פאַרלאַג וואָס גיט ארויס ביכער אין יידיש. דער יידישער ליטעראַטן-פאַראיין האָט אַן אייגענעם לאָקאַל און אַלע וואָך פירט זי דורך רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע טעמעס. אַ גרויסער עולם באַזוכט די פאַרזאַמלונגען.

איז דאָך, דוכט זיך, שיין און פיין און מיר וואָלטן זיך געדאַרפט וויג־טשן אַז ביי אונדז, אין דרום אפריקע, זאָל זיין אַזאַ שעפערישע טעטיקייט אין יידיש און יידישער קולטור? איז, צום באַדויערן, מוזן מיר קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז ניט געקוקט אויף די אויבן־אויסגערעכנטע טעטיקייטן, האָט דאָך יידיש אין ישראל קיין צוקונפט ניט. יידיש לשון אין ישראל האָט ניט קיין טיפע וואָרצלען. יידיש ווערט ניט אונטערשטיצט פון דער רעגירונג, עס זיינען ניטאָ קיין שולן אויף יידיש. און די יוגנט איז אַזוי וויט פון יידיש אַז פיל שעמען זיך ניט צו ריידן וועגן זייער שנאה וואָס זיי פילן צו דער יידישער שפּראַך.

אין שמועסן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירן מיט יוגנטלעכע, האָב איך כמעט שטענדיק געהערט פון זיי דעם געוואַלד־שרייענדיקן ענטפער: „אני שונא את השפה הזאת". יידיש סימבאָליזירט ביי זיי דעם גלות וואָס זיי האָבן פיינט. אויפן גלות־ייד קוקט דער סאַברע ווי אויף אַ פרעמדן שבט און די גלות־שפּראַך איז ביי זיי טריף־פּסול. די רעגירונג וויל ניט נעמען קיין פּאָזיטיווע שטעלונג צו יידיש, כאָטש זי איז זיכער אַז יידיש קאָן ניט קאָנקורירן מיט עברית. די רעגירונג זאָגט, אַז זי וועט אריינברענגען אין צוֹרן די יוגנט אויב זי וועט נעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו יידיש.

און אויב מיר נעמען די צוויי דערמאָנטע פאַקטאָרן — דעם עלטערן דור, וואָס איז סימפּאַטיש צו יידיש, און די יוגנט, וואָס איז אַ דם־שונא אונדזער יידיש־לשון, זיינען די קאָנסעקווענצן קלאָר...

## אַ צוזאַמענטרעף מיט מיינע תלמידים

אַן אָנגענעמע איבערראַשונג האָב איך געהאַט, ווען איך האָב געטראָפן אַ גרויסן טייל פון מיינע געוועזענע שילער און שילערינס פון דער „מירער" פאָלקשול, ווו איך בין געווען דער פּאַרוואַלטער און לערער אין אַ משך פון אַכט יאָר. אַ סך פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט בעת דער מלחמה, קעמפנ־דיק ווי פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיי האָבן נאָך פאַרן אויסברוך פון קריג זיך באַזעצט אין ישראל, ווי חלוצים.

די באַגעגעניש מיט מיינע געוועזענע תלמידים איז געווען דראַמאַטיש. מיט טרערן פון פרייד האָבן מיר זיך ארומגעכאַפּט פונקט ווי טאַטע־מאַמע דערקענען זייערע קינדער, וועלכע מען האָט יאָרן לאַנג ניט געזען.

האָט זיך אָנגעהייבן אַ סדרה פון גאַסטפריינדלעכקייט. יעדער וויל אונדז האָבן ביי זיך, כאָטש בלויז אויף איניקע טעג. מילא, מיט די וואָס וווינען אין תל־אביב, ווי ציפּע קאסטראַוויצקי, מאַריאַשע לידער און בריינ־דעלע ראַטנער (איצט ראָזנבלום, און שוין אַ באָבע), וואָס איז אויך געווען אונדזער „מורה דרך און מדריך", קאָן מען זיך שוין ווי ניט איז אַן עצה געבן. אָבער וואָס טוט מען מיט רישע פאָזניאַק, וואָס וווינט אין טיבעון און ניט אַנדערש, זי וויל אונדז האָבן ביי זיך. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין טענות און אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז די גאַנצע משפחה אירע (איצט בערענפעלד) אַראָפּגעקומען צו אונדז און „בעל כרחך" אונדז אריבערגענומען צו זיך קיין טיבעון, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט אין אַ היימישער אטמאָספער.

מיין שילערין בתיה ווינער, וואָס וווינט ניט ווייט פון טיבעון, אין קי־בוץ יגור, האָט ניט אָפּגעלאָזן: מיר מוזן קומען צו איר אין קיבוץ! עס האָט גאָרניט געהאָלפן און אין א הייסן טאָג זיינען מיר אַלע אָנגעקומען אין קיבוץ.

## אין קיבוץ יגור

בתיה ווינער האָט אונדז אָפּגעוואַרט ביים אויטאָבוס און מיט גרויס פרייד האָט זי אונדז אריינגעפירט אין איר וווינונג.

„פון וואַנען נעמט זיך דאָס צו דיר, בתיה, אזא שפע פון כל טוב. אפילו ווייַן און בראָנפן?" פרעג איך איר.

בתיה וווּנדערט זיך אויף מיין פראַגע:

„וואָס הייסט פון וואַנען? דאָס באַקומען מיר אַלץ פון קיבוץ. די שיינע לעצט־מאָדישע מעבל, גאַרדינען, בעטגעוואַנט און בעט צודעקן, דעם ביכער־שראַנק מיט די ביכער, די ראַדיאָ — אַלץ קריגן מיר פון קיבוץ. אויסער דעם קריגט יעדער קיבוץ־מיטגליד פאַרשיידענע זיסיקייטן, שאָקאָלאַד, צוקערלעך, טאָרטן און יעדן יום־טוב קריגן מיר ווייַן און בראָנפן. פון קליידער און שוכ־וואַרג איז דאָך שוין אָפּגערעדט!" און תוך כדי דיבור עפנט זי פאַר אונדז איר אַלמער, ווו עס איז אין אַן אָרדענונג אויסגעלייגט וועש, בעטצייג, שיך, קליידער — אַלץ געגייט דורך ספּעציאַליסטן שניידער און שניידערינס — חברים פון קיבוץ. איר וווינונג פון צוויי צימערן קוקט אויס ווי אַ פאַרמעג־לעכע פריוואַטע הויז.

מיין געוועזענע שילערין איז שטאָלץ מיט איר קיבוץ. זי פירט אונדז

ווייזן אַלע זייערע דערגרייכונגען. זי דערציילט אונדז, ווען זיי זיינען געקומען אַהער מיט 25 יאָר צוריק, זיינען זיי געשלאָפן אין געצעלטן און ניט איינמאָל האָט געטראָפן אז אין א פינצטערער ווינטער־נאַכט פלעגט דער ווינט פאַר־טראָגן דאָס געצעלט און דער רעגן פלעגט זיי אויפוועקן. שפּעטער, ווען די לאַגע איז געוואָרן בעסער און מען האָט צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער באַראַקן, איז מען נאָך אַלץ געשלאָפן זאַלבעפירט און זאַלבעפינפט אין איין באַראַק. זי ווייזט אונדז די ניי־אויסגעבויטע בנינים, איינגעאָרדנט לויטן מוסטער פון די נייע תל־אביבער הייזער, ווו יעדע משפחה לעבט איצט באַזונדער. זי ווייזט אונדז די באַלעבאַטישקייט פון זייער קאָלעקטיוו, ווו עס לעבן 1200 נפשות: אַ נייער שווים־באַסיין, אַ גרויסע פאַבריק פון בלעכענע פּושקעס, אַ לעבעדיקער אינווענטאַר, הינער־ און קי־צוכט, תבואה און פרוכט. חוץ דעם זיינען 10 חברים פון קיבוץ מיטגלידער אין דער גרויסער טראַנספּאָרט גע־זעלשאַפט „אגד". דאָס פונאַנדערטיילונג פון מילך־פּראָדוקציע ארום דער גאַנצער געגנט איז אַ קאָנצעסיע פון קיבוץ יגור.

בתיה דערציילט אונדז אז פון די שילומים־געלטער, וואָס אַ סך חברים האָבן געקראָגן, האָט מען אויסגעבויט דעם בית־ספר, ווו עס לערנען זיך 600 קינדער; שפּיל־ און ספּאָרט־פּלעצער און דעם אַמפיטעאַטער, וואָס מען האַלט נאָך אין בויען; ועל כולם — דעם משק־חי פאַר קינדער, וואָס זיי פאַרוואַלטן מיט אים. מיר זעען קי, פערד, הינער, קראָליקעס. אפילו דעם משק־הונט... אומגעפער אין עלטער פון 13 יאָר, פון 5־טן קלאַס, הויבן אָן קינדער קומען אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג זיך לערנען אויף דער מיניאַטור־פאַרם, אונטער דער השגחה פון אַ געניטן חבר פון קיבוץ. פון אָנפאַנג איז עס געווען בלויז אַ פּרווו, אַן עקספּערימענט, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן צו ווערן א גרויסער דערפאָלג. די קינדער לערנען, פּראַקטיצירן און קריגן דערפאַרונג, און אין עלטער פון 18 יאָר ווערן זיי פולבאַרעכטיקטע מיטגלי־דער פון קיבוץ. בתיה ווייזט אונדז אויך די הויז פאַר מוזיק, ווו די קינדער קריגן לעקציעס פון אַ מוזיק־לערער. מיט איין וואָרט — אַ קינדערשע מלוכה מיט אַן אייגענער אדמיניסטראַציע, אַ פאַרוואַלטונג, ווו חוץ ווירט־שאַפט ארבעט ווערן אויך אויסגעבילדעט מנהלים, מזכירים און פאַראַנט־וואָרטלעכע פירער פון קיבוץ. דאָס האָרץ צעגייט פשוט פון פאַרגעניגן צו־קוקנדיק זיך צו דעם אלעם.

# די תחנה מרכזית

די תחנה מרכזית אין תל־אביב איז דער נערוו־צענטער פון דער גאַנ־צער פּאַסאַזשירן־באַוועגונג. עס ציען זיך כסדר הונדערטער פול־געפּאַקטע אויטאָבוסן פון דער תחנה מרכזית און צוריק. האָט מען געקאָנט דער־וואַרטן, אַז די תחנה מרכזית זאָל זיך געפינען אין צענטער פון שטאָט, זאָל זיין געראַוּמיק, באַקוועם און צוגעפּאַסט פאַר די באַדערפענישן פון דער אומ־אויפהערלעכער גרויסער באַוועגונג. די תחנה האָט געדאַרפט זיין לויטן מוסטער פון אַ גרויסער באַן־סטאַנציע, מיט רעסטאָראַנען, וואַרט־זאַלן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ צענטראַלער אויטאָבוס־סטאַנציע. אָבער צום באַדויערן איז עס ניט אַזוי.

ווען מען קוקט זיך צו צו דער שטופּעריי, צו דעם ליאַרם וואָס קומט דאָ פאָר, קומט אַרויף די פראַגע: צי דען זעען עס ניט די שטאָט־באַלעבאַ־טים? פאַרוואָס לייגט מען ניט מער אַכט אויף אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ? אַרום דער תחנה געפינען זיך גאַסן און געסלעך, פלעצער אָנגעוואָרפענע מיט אַלטע, פאַרזשאַווערטע אייזנס, און פאַבריקן וועלכע געפינען זיך אין אַלטע חורבות. דאָ שטייען אַלטע, צעבראָכענע און האַלב־איינגעפאַלענע הייזער און עס שווימלט און גריבלט מיט פאַרשיידענע גאַסן־הענדלער, אַלטוואַרג וואַלגערט זיך אויף דער ערד און אין הילצערנע ביידלעך, וואָס דינען אַלס קרעמלעך. דאָ ווערן פאַרקויפט פאַרשיידענע שפּייז־אַרטיקלען, אָן קיין שום היגיענישן אויפזיכט.

אין וואָכעדיקע טעג איז נאָך צו דערליידן. קומט עס אָבער אָן ערב יום־טוב ווערט דער טומל און דער רעש אַרום דער תחנה־מרכזית פאַרפּיל־פאַכט און דער גאַנצער אַרום ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ וואָקכאַנאַליע. דער געפילדער איז אַזוי גרויס, אַז מען קאָן טויב ווערן. און צו דעם קומען נאָך צו די הילכערס וואָס רעקלאַמירן און באָטן אייך אָן בערג מיט גליקן. צו דעם קומט נאָך צו שרייאיקע מוזיק־נומערן, אַז פאַר אַ מענטשן מיט שוואַכע נערוון איז עס אַ געפאַר פאַר זיין לעבן... דאָ קומען אָן און פאָרן אָפּ פון דאַ־נען פּאַסאַזשירן פון גאַנצן לאַנד. גאַנצע מחנות מענטשן טרעפן זיך דאָ צו־נויף. אין מיטן דער געשפּאַרעריי מישן זיך בייגל־הענדלערס, פּרוכט־הענד־לערס, גלידה־פאַרקויפערס און יעדער איינער שרייט אויס מיט קולי־קולות זיינע אַרטיקלען. דאַן איז די צייט פאַר קעשענע־גנבים צו נעמען זיך צו דער

„אַרבעט“ און — ס'איז ליהודים... איז טאַקע צו שטוינען ווען מען קוקט זיך צו ווי אַלע פּאַסאַזשירן שטייען געדולדיק און וואַרטן אויף זייערע אויטאָ־בוסן און קיין איינער פון זיי פּלאַצט ניט פון געדולד, ווי עס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר יידן...

דער שטח איז קליין. דער טומל איז גרויס. הונדערטער אויטאָבוסן און טאַקסיס, לאַסט אויטאָס און טויזנטער וואַרטנדיקע מענטשן. דער נאָמען יאַריד וואָס וועט עס אַמבעסטן כאַראַקטעריזירן.

## הוליע, קבצן...

אין ישראל הוליעט מען כמעט אַ קיילעכדיקן יאָר. אַלע ימים־טובים ווי פּסח, שבועות, סוכות, פּורים, ל"ג בעומר, יום־העצמאות און נאָך אַנ־דערע ווערן געפּייערט מיט טענץ און געזאַנג איבערן גאַנצן לאַנד. אָבער באַ־זונדערס צייכנט זיך אויס תל־אביב מיט איר הוליען וואָס האָט זיך איינגע־קויפט אין ייחוס מיט איר זאָרגלאָזיקייט.

תל־אביב הוליעט, זינגט און טאַנצט אַלע טעג פון יאָר. ניט אומזיסט גייט אין ישראל אַ ווערטל: ירושלים לומדת, חיפה עובדת ותל־אביב רו־קדת. ווו איר גייט און ווו איר שטייט הערט איר געזאַנג. זינגט דער נהג פירנדיק אייך אין זיין טאַקסי, זינגט אַ מאַן אין מיטן גאַס פאָרנדיק אויף זיין מאָטאָר־ראָד, גייט אַ זאָרגלאָזער ייד אַזוי סתם אויפן ברעג ים און — זינגט. ראַדיאָ־מוזיק הערט איר אין יעדן אויטאָבוס און די פּאַסאַזשירן העלפן צו. אפילו אין צענטער פון שטאָט, ווו יידן לויפן אַרום פאַרשמייעטע מיט פאַר־זאָרגטע פּנימער, רייסן זיך דורך אָפענע פענצטער מוזיק און געזאַנג־טענער. און טאָמער האָט איר וויניק נאָך — שטייט אַ ייד ביי מוגראַבי, האַלט אויס־געשטרעקט זיין האַנט, און זינגט מיט צוגעמאַכטע אויגן. ער דריידלט אויס אויף זיין פאַלצעטאָ־שטים אַ שטיקעלע „יהי רצון“ און פאַרבייגייער וואַרפן אים אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט אריין ווער אַ פּיאַסטער, ווער צוויי.

היינט דאָס טאַנצן? אויב צו זינגען דאַרפט איר לכל הפחות האָבן אַ שטיקל קול־נגינה, איז צום טאַנצן דאַרפט איר בלויז האָבן אַ פּאָר געזונטע יונגע פיס. און תל־אביבער זאָרגלאָזע יוגנט האָט עס. ווו נאָר עס קלייבן זיך צונויף עטלעכע יוגנטלעכע און קינדער אין גאַס, אויף אַ ליידיקן פּלאַץ, איז גענומען זיך פאַר די הענט, געמאַכט אַ רינג און — מען טאַנצט. ווערט

איינער פאַרמאַטערט, פאַרנעמט אַ זייטיקער דורכגייער זיין אָרט. דער פאַר־מאַטערטער בלייבט ניט שטיין ליידיק — פּאַטשט ער צו מיט די הענט צום טאַקט.

דאָס איז אַלץ געדעדט געוואָרן אין די וואָכעדיקע טעג. קומט אָבער אַ יום־טוב, אַ חג שמח — און אזעלכע פעלן ניט אין ישראל — דאַן טאַנצט די גאַנצע יוגנט פון תל־אביב. שמחת תורה טאַנצן רעליגיעזע יידן אין די גאַסן מיט ספר־תורהס אין די הענט; ל״ג בעומר טאַנצן חסידים און מתנג־דים אין דער שטאָט מירון, ביי ר׳ שמעון בר יוחאיס קבר; ארום שייטערס וואָס ברענען א גאַנצע נאַכט, טאַנצן חסידים מיט באַמבלדיקע פּיאות אחרון של פּסח איבער די גאַסן וואָס פירן צום ברעג ים, לכבוד דעם נס פון קריעת ים־סוף. עס טאַנצט אַ שטאָט, יונג און אַלט, קינד און קייט. צווישן נייגע־ריקן עולם, וועלכע שטייען און קוקן דרייען זיך ארום מחנות בעטלער, קאַ־ליקעס און לאָמע, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מיט אַלטע בלעכענע פּוש־קעס, טרייסלען זיי און קלינגען די פּאָר פּיאַסטער און לאָזן אייך ניט אָפּ ביז איר גיט זיי אַ נדבה. דאַן באַגלייטן זיי אייך מיט ברכות אָן אַ שיעור. טאָמער חלילה גיט איר ניט — זשאַלעווען זיי ניט קיין קללות...

תל־אביב איז, דוכט מיר, די איינציקע שטאָט אין דער וועלט, וועלכע האָוועט און שמייעט, זינגט, טאַנצט, בעטלט, אַרבעט און בויט — אַ שטאָט פון פריילעכער זאָרגלאָזיקייט, אַ שטאָט פון „הוליע, קבצן״...

# מיין לעצטע רייזע קיין אמעריקע אין 1969

א דעמאָקראַטישע סיסטעם קאָן פאַרגליכן ווערן צו אַ פליסיקן טייך. כל זמן דאָס וואַסער פון טייך האַלט זיך אין זיינע ברעגעס, ברענגט עס נוצן און ס׳איז אַ ברכה פאַר דער מענטשהייט. גייט אָבער דאָס וואַסער ארויס פון זיינע ברעגעס און הייבט אָן פאַרפלייצן אַלץ וואָס עס טרעפט אָן אויפן וועג, דאַן טוט עס אָן שאָדן און ווערט שוין אַ קללה פאַר דער מענטשהייט. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג. כל־זמן די דעמאָקראַטיע האַלט זיך אין די ראַמען פון אירע געזעצן, ברענגט עס נוצן דער געזעלשאַפט. קוים אָבער גייט די דעמאָקראַטיע ארויס פון די געזעצלעכע ראַמען, ברענגט עס שאָדן דער געזעלשאַפט. אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג וואָלט גאָר ניט געווען שלעכט, ווען די רעגירונג וואָלט עס געקאָנט האַלטן אין געוויסע גרענעצן. קוים אָבער גיט אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג פריי־

הייט פאַר יעדן אינדיווידיאום — מיט אנדערע ווערטער, וואָס איינער וויל קאָן ער אומגעצוימט טאָן, — דאַן גייט שוין די דעמאָקראַטישע אָרדענונג ארויס פון אירע גרענעצן און עס באַקומט זיך דאָס פאַרקערטע וואָס אַ דע־מאָקראַטישע אָרדענונג שטעלט מיט זיך פאָר. מען קאָן זאָגן, אַ דעמאָקראַ־טישע אָרדענונג האָט אירע מעלות און אויך אירע חסרונות.

דעריבער איז נאַטירלעך, אז אין אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג ווי אין אמעריקע למשל, אויב עמעצן געפעלט ניט דער פרעזידענט, דער וויצע־פרעזידענט אָדער די אַדמיניסטראַציע, האָט ער דאָס פולע רעכט — און אזוי דאַרף טאַקע זיין — צו קריטיקירן. אָבער די קריטיק מוז געפירט ווערן דורך וואָרט און שריפט, דורך מאַסן־פאַרזאַמלונגען, דורך אויפקלערונג און אי־בערצייגונג. און צי דאַרף מען דען איצט האָבן אַ בעסערן מיטל דערצו ווי די טעלעוויזיע? אָבער ווען קריטיקער וואַרפן באָמבעס, מאַכן חרוב געביי־דעס, רייצן אויף די יוגנטלעכע און טוען אָן שאָדן — צי דאָס איז שאָדן דער מלוכה, צי פריוואַטע מענטשן און עס דערגייט אָפטמאָל צו קרבנות — דאַן גייט די דעמאָקראַטיע ארויס פון אירע גרענעצן און עס באַקומט זיך כאַאָס און אַנאַרכיע.

די סטודענטן אין אמעריקע און אנדערע לענדער האָבן אָנגעהייבן רע־וואָלטירן. עס געפעלן זיי ניט די פירער און רעגירער פון דער וועלט. אָבער צי נעמען זיי אָן די געהעריקע מיטלען פאַר די פראָטעסטן און רע־וואָלטן? צי איז דאָס דער ריכטיקער וועג פון צעשטערן אוניווערסיטעטן, וואַרפן באָמבעס און פאַרניכטן פריוואַט־אייגנטום און טרייבן דאָס צעהיצ־טע יוגנט, איבערהויפּט די שוואַרצע — צו פּאָגראָמען?

דעם וויצע־פּרעזידענט פון אמעריקע, מ״ר ספּירא עגניו, איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק ארויסצורופן פאָרשטייער פון סטודענטן צו אַן עפנטלעכער דיס־קוסיע אויף דער טעלעוויזיע. פאַרשטייט זיך אז אזא עפנטלעכע דיסקוסיע פון וויצע־פרעזידענט פון אמעריקע מיט די סטודענטן פון פאַרשיידענע קאַמפּוסן האָט ארויסגערופן זייער א גרויסן אינטערעס ביים אמעריקאנער פּובליקום. צו דער באַשטימטער צייט האָט די גרעסטע מערהייט פון אמעריקאנער ביר־גער אָנגעשטעלט די טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן.. דער פאַרמיטלער איז געווען ניט קיין אנדערער ווי דער שטאַרק־פּאָפּולערער — אפשר דער פּאָפּולערס־טער — אַראַנזשירער פון טעלעוויזיע־פּראָגראַמען אין יענער צייט, ה׳ דייוויד פראָסט.

צווישן די פיר סטודענטן־פאָרשטייער פון פארשיידענע אוניווערסיטעטן איז אויך געווען אַ נעגערטע, אַ פּרעזידענט פון אַ סטודענטן־קאָלעדזש און אויך אַ יידישער סטודענט. אגב, א פּארוואקסענער, אז מען האָט כמעט זיין פּנים ניט ארויסגעזען. זיי קומען ארויף אויף דער פּלאַטפאָרמע, פארנעמען זייערע ערטער און דער פּראָגראַם־אָנפירער, דייוויד פראָסט, שטעלט יעדן פאַר פארן גרויסן עולם, וועלכער געפינט זיך אין טעלעוויזיע־זאַל. נאָך דעם פירט ער ארויף דעם וויצע־פּרעזידענט, וועלכער פאַרנעמט זיין פּלאַץ. דער עולם נעמט אויף דעם וויצע־פּרעזידענט מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיס־מענטן. דייוויד פראָסט עפנט דעם סימפּאָזיום. די ערשטע פראַגע שטעלט ער די סטודענטן:

„צי מיינען טאַקע ערנסט די פאָרשטייער פון די סטודענטן, אז טעראָר־אַקטן אָדער באָמבעס־אויפרייסונגען זיינען באַרעכטיקטע מיטלען? און צי קאָנען אזעלכע מיטלען פון פּראָטעסט בכלל פארבעסערן די באציאונגען צווישן דער רעגירונג און די סטודענטן, און ווער רעדט שוין וועגן ווירקן אויף דער רעגירונג, זי זאָל אָפּשטעלן די מלחמה אין וויעטנאַם?"

די סטודענטן האָבן לכתחילה גערעדט געלאַסן. זיי האָבן געטאַדלט די רעגירונג, קריטיקירט די אדמיניסטראַציע. זיי האָבן אויך אַטאַקירט דעם בילדונג־דעפּאַרטאַמענט און געפאָדערט אז די סטודענטן זאָלן אויך האָבן אַ דעה אין דער ליטונג פון די אוניווערסיטעטן. די שוואַרצע סטודענטין האָט אין אירע אַרגומענטן אויך אויסגענוצט די אַלטע נעגערישע תביעות וועגן די צוגעזאָגטע רעכט פאַר זיי — אָבער נאָר צוגעזאָגטע — און קיינמאָל ניט דורכגעפירט געוואָרן אין פּראַקטיק.

דער וויצע־פּרעזידענט האָט אויף יעדע פראַגע און יעדע קריטיק גע־ענטפערט זאַכלעך און דיפּלאָמאַטיש און איז אַלע ווײַלע איבערגעריסן גע־וואָרן פון פּובליקום מיט אַפּלאָדיסמענטן. אין אלגעמיין איז פון אָנהייב־אָן די אינטערעסאַנטע דיסקוסיע געפירט געוואָרן אויף אַ הויכן ניוואָ. שפּעטער אָבער איז די דיסקוסיע געוואָרן היציקער און די קריטיק פון די סטודענטן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שאַרפע אַטאַקעס אויף דער רעגירונג. אָבער עס איז געווען צו באוווּנדערן ווי דער וויצע־פּרעזידענט האָט זיך פאַרהאַלטן רואיק, דזשענטלמעניש און זאַכלעך פאַרטיידיקט די שטעלונג פון דער רע־גירונג.

דער פאַרמיטלער, דייוויד פראָסט, האָט דאַן געבעטן דעם וויצע־פּרע־

זידענט, ער זאָל ארויסזאָגן זיין מיינונג וועגן אופן פון פּראָטעסט וואָס — לויט זיין מיינונג — זאָל געפירט ווערן קעגן דער רעגירונג.

דער וויצע־פּרעזידענט האָט געענטפערט, אז „וואָסערע אופנים פון פּראָטעסט עס זאָלן ניט פאַרקומען, טאָר מען אָבער קיין טעראָר ניט באַ־נוצן. ווייל טעראָר־אקטן צערייצן די געמיטער פון דער באַפעלקערונג און רופן ארויס אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט קעגן די פּראָטעסטירנדיקע. די רע־זולטאַטן זיינען תמיד פאַרקערטע פון די וועלכע מען האָט געהאָפט צו דער־גרייכן דורך די פּראָטעסטן". ער האָט דערביי געבראַכט א סך ביישפּילן און האָט פאַרגעלייגט אז, לויט זיין מיינונג, וואָלט דאָס ווירקנדיקסטע מיטל פון פּראָטעסט געווען — אויפקלערונג דורך טעלעוויזיע.

די דיסקוסיע האָט זיך שטאַרק צעוואָרעמט. איבערהויפּט האָט דער יידישער סטודענט אריינגעבראַכט אַ סך היץ אין דער דעבאַטע. ער האָט אריינגעבראַכט פּערזענלעכע אָנפאַלן אויפן וויצע־פּרעזידענט. ער האָט אויסגעזוכט אַלטע חטאים זיינע, בעת ער איז נאָך געווען אַ סענאַטאָר. וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק געזאָגט און געטאָן, זייענדיק אין סענאַט. אָבער דער פאַרמיטלער, דייוויד פראָסט, מיט זיין געניטשאַפט אין אזעלכע דיסקו־סיעס, האָט געהאַלטן דעם ריכטיקן פּראַפּאָרץ, ביז די דיסקוסיע איז אריבער וועגן דער מלחמה אין וויעטנאַם. ווי א געניטער און קלוגער פּאָליטיקער האָט דער וויצע־פּרעזידענט, מר" עגניו, גאַנץ רואיק און געלאַסן, צייטנווייז מיט אַ שמייכל, אָפּגעשלאָגן אַלע אַרגומענטן פון די סטודענטן. אגב, ענטפערנדיק וועגן וויעטנאַם האָט ער שוין אריינגעבראַכט אויך די ישראל־פראַגע. און ווענדנדיק זיך צום פּובליקום האָט ער אַ פרעג געטאָן: „זאָלן מיר לאָזן ישראל אויף הפקר, זי זאָל ארונטערפאלן אונטער דער השפעה פון די סאָ־וועטן ?"

אויך פון פּובליקום, — אַ גרויסער טייל סטודענטן אין דעם, — זיינען געשטעלט געוואָרן פראַגן אויף וועלכע דער וויצע־פּרעזידענט האָט געענט־פערט קלאָר און זאַכלעך, ביז די באַשטימטע שעה איז געקומען און דייוויד פראָסט האָט געשלאָסן דעם סימפּאָזיום צוזאָגנדיק, אז מען וועט זיך נאָך אומקערן מיט אזוינע און ענלעכע דיסקוסיעס.

דער גרויסער עולם האָט שטאַרק אַפּלאָדירט דעם וויצע־פּרעזידענט.

דאָ האָט איר איין זייט פון דער מטבע, וואָס הייסט דעמאָקראַטיע — אַ ווערסיע וואָס דאַרף צופרידנשטעלן אַלע בירגער אָן אויסנאַם. בפני עם

װעדה נעמט מען אַ שני־למלך פון דער גרעסטער דעמאָקראַטיע אין דער װעלט אױפן צימבל און מען צימבלט אים — „אָן װײסע הענטשקעס״... אלא װאָס, דער שני־למלך האָט זיך אַרױסגעװיזן צו זײן קליגער און שטאַרקער — דערפֿאַר איז ער דאָך אַ שני־למלך! און כדי צו דערגרײכן צו אַזאַ פּאָזי־ציע, דאַרף מען האָבן אַ קאָפּ אױף די פּלײצעס „שלא כל אדם זוכה!״ אָבער אַזאַ דעמאָקראַטיע ברענגט נוצן. עס שאַפֿט זיך אַ נאָענטע פֿאַרבינדונג צװישן פֿאָלק און איר פֿירערשאַפֿט. מען האַלט זיך עצות צוזאַמען, מען באַ־האַנדלט צוזאַמען קאָנקרעטע פּראָבלעמען, און אָפּטמאָל װערט אײן צד אָדער דער צװײטער איבערצײגט דורך אױפֿקלערונגען און עס פֿירט צו אַ דערנענטערונג. אַזאַ דעמאָקראַטיע מוז באַגריסט װערן. אָבער יעדע מטבע האָט צװײ זײטן. טאָ לאָמיר איצט זיך צוקוקן צו דער צװײטער זײט פֿון דער מטבע, װאָס קאָן שױן אַמאָל װערן זײער שעדלעך.

## די שװאַרצע מאַכט־מגפֿה און ייִדן־האַס

אַ קלײן הײפֿעלע יונגע נעגערס האָבן זיך פֿאַרנומען אומצװװאַרפֿן די גאַנצע דעמאָקראַטישע געבײדע, װאָס דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק האָט געבױט פֿאַר לאַנגע דורות. אַ קלײן הײפֿעלע, אפֿשר װײניקער װי צען פּראָצענט, װיל איבערנעמען די מאַכט און מיט גװאַלד און טעראָר־אַקטן װילן זײ אַרױספֿצװינגען זײערע אַמביציעס אױף אַ באַפֿעלקערונג פֿון צװײ הונדערט מיליאָן מענטשן. און דאָס — לױט זײ — אין נאָמען פֿון דעמאָקראַטיע. און װי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט קלינגען — אין נאָמען פֿון דעמאָקראַטיע — טאָר זײ די רעגירונג די מײלער ניט פֿאַרמאַכן. אין אַ דעמאָקראַטיע װערט אַלץ געטאָן אין די ראַמען פֿון געזעץ. קוים טרעטן זײ ניט אַריבער דאָס געזעץ, שטײט די רעגירונג הילפֿלאָז קעגן זײ און זײ מעגן זײען סם און ברענגען כאַאָס צװישן דער שװאַרצער יוגנט. און טאָמער איז דאָס װײניק, האָבן זײ װי אַ צוגאָב אַרײנגענומען אין זײער פּראָגראַם דעם אַנטיסעמיטיזם, װאָס איז זײער גאַנגבאַר און אָנציענדיק. די דעמאָקראַטיע איז הילפֿלאָז און מוז שװײגן, װײל דאָס אַלץ װערט געטאָן אין די ראַמען פֿון דער דעמאָק־ראַטיע...

אָט גײט אַ שװאַרצע פֿרױ אױף דער ניו־יאָרקער הױפּט־גאַס, אױף דער 5־טער עװעניו, טראָגט אױף זיך צװײ גרױסע פּלאַקאַטן — אײנער פֿון

פאַרנט און איינער פון הינטן — און מיט גרויסע אותיות זיינען אָפּגעדרוקט לאָזונגען:

די יידן זיינען דאָס גרעסטע אומגליק אויף דער וועלט!

די יידן זיינען די סיבות פון אַלדאָס־בייז!

די יידן זיינען מלחמה־צינדער!

די יידן זיינען די געלט־זעק פון דער וועלט!

צוליב די יידן ווערן אונדזערע זין און ברידער אויסגעמאָרדעט אין וויעטנאַם!

די יידן צינדן אָן דעם פייער אין מיטעלן מיזרח!

די יידן ווילן פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט! און נאָך, און נאָך אַזוינע „פערלדיקע" לאָזונגען, און די דעמאָקראַטיע שוויגט. מענטשן שטעלן זיך אָפּ און לייענען עס. און מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז אַזאַ „סחורה" פאַרקויפט זיך זייער לייכט.

דער דאָזיקער סם גייט איבער פון מויל צו מויל, און עס ווערט פון דעם געבוירן האַס, פּאָגראָמען און גאַנץ אָפט פּירט צו מאָרד. אָבער קיינער רעאַגירט ניט, קיינער עפנט ניט דאָס מויל מיט אַ וואָרט פון פּראָטעסט — דעמאָקראַטיע! און די שוואַרצע פּרוי איז ניט אַליין, זי איז חלילה ניט קיין „בת־יחידה". הינטער איר שטייען אָרגאַניזאַציעס, גרעסערע און קלענערע, וואָס אַלע האָבן זיי דעם איין און איינציקן ציל: „להרוג ולאבד את כל היהודים"...

מיר קוקן אין אַ שוי־פענצטער פון פאַרשיידענע אויערינגלעך, רינגעלעך און קייטעלעך. שטייען אויך צוויי שוואַרצע קינדער און איינער ווייזט אָן דעם צווייטן: „זע נאַר, דאָס רינגעלע קאָסט ניט מער ווי איין דאָלער. ווען אַזאַ רינגעלע איז ביי אַ יידן אין אַ געשעפט, וואָלט עס קאָסטן דריי דאָלער". דער סם פון יידן־האַס האָט שוין דערגרייכט דאָס קינד און אוודאי דער יוגנט.

מיר שטייען אין אַ האָטעל קעגנאיבער „וואָלדאָרף־אַסטאָריא"־האָטעל. גאָלדע מאיר, פּרעמיער פון ישראל, מיט איר סוויטע זיינען אָנגעקומען. פּאַ־נעס פלאַטערן, אַ געזעמל פון מענטשן. מיט אַמאָל הערט זיך אָן אויסרוף: „זאָל זי פאָרן אהיים, ווער דאַרף זי דאָ? שוין ווידער געקומען אויסבעטלען מיליאָנען, און מיר דאַרפן צאָלן פאַר זיי". דער אויסרוף איז געקומען פון אַ ווייסן. אויגן קוקן זיך איבער און אין די קריסטלעכע אויגן באַמערקט זיך שוין אַ פייערל פון שנאה און האַס.

רעדט איר מיט אמעריקאַנער יידישע פּאַטריאָטן וועגן אַנטיסעמיטיזם, ווילן זיי פאַרשווייגן דעם גאַנצן ענין. אַנדערע גיבן צו ניט ווילנדיק: „יאָ, דער אַנטיסעמיטיזם ווערט שוין קאָנטיקער, מען הייבט אים שוין אָן צו פילן!“

דערציילט מיר מיין פריינד מ״ר ס. ל. האָפמאַן, ווען איך האָב באַרירט די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע: „ס׳איז אומגלויבלעך, אָבער צום באַדויערן איז עס אמת. דער אַנטיסעמיטיזם פאַרשטאַרקט זיך דאָ ביי אונדז, איבערהויפּט צווישן די נעגערס. און ס׳איז אפשר קיין וווּנדער ניט, ווייל וואָס זעען זיי? אַלע גרעסטע אונטערנעמונגען ווי ׳מייסיס׳, ׳סאַקס׳, „גימפּלס׳ און אַ סך אַנדערע גרויסע געשעפטן וואָס פאַרפּלייצן ניו־יאָרק, געהערן צו די יידן. די קליידער־אינדוסטריע — צו יידן. נעמט די פּרעסע. די גרעסטע צייטונג אין דער וועלט, די ׳ניו־יאָרק טיימס׳, געהערט צו יידן. און שטעלט איך פאַר, דעם איינגנטימער פון ׳ניו־יאָרק טיימס׳, וואָס ווערט פאַרקויפט אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן אַ טאָג און ווערט פאַרשפּרייט, מען קאָן זאָגן, איבער דער גאַנצער וועלט, אָט דעם פּרעסע־מאַגנאַט, אָט דעם מולטי־מיליאָנער האָט מען לעצטנס ניט געוואָלט רעגיסטרירן אין אַ געוויסן האָטעל אין לאַנד, ווייל — ער איז אַ ייד!“

## דער אונטערשייד אין די לעצטע פינף יאָר

אין 1965 איז נאָך די אמעריקאַנער דעמאָקראַטיע געווען, אַזוי צו זאָגן, אין אירע גרענעצן. מיט פינף יאָר שפּעטער, אין 1970, איז שוין דאָס זעלבע אַמעריקע ניט צו דערקענען. ראשית, די פּרייזן־אינפלאַציע! ס׳איז פּשוט אומגלויבלעך! מיט פינף יאָר צוריק איז שוין אויך דער יקרות געווען גענוג הויך, באַזונדערס אין פאַרגלייך מיט אונדזערע דרום אַפריקאַנער פּרייזן. איבערהויפּט איז עס שטאַרק קאָנטיק אין לעבנס־מיטלען. מיר דאָ באַקלאָגן זיך אויפן יקרות, אָבער די פּרייזן אין אמעריקע זיינען דריי מאָל העכער ווי ביי אונדז. און ניט נאָר עסנוואַרג אַליין. שיך, קליידער און אָנצוגן האָט מען אין פאַרגלייך מיט אונדזערע פּרייזן געקאָנט קויפן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין אמעריקע פאַר העלפט געלט. היינט איז עס פּונקט פאַרקערט. אַן אויטאָמאָביל קאָסט טאַקע אין אמעריקע ביליקער ווי ביי אונדז, אָבער אויסהאַלטן דעם אויטאָמאָביל קאָסט דאָרט אַזויפיל, אַז ס׳איז הימל־שריי־

ענדיק: „פּאַרקן” אַן אויטאָמאָביל קאָסט 90 דאָלאַר אַ חודש. פאַרזיכערונג 70 דאָלאַר אַ חודש אד"ג. איצט דאָס לעבן בכלל. אין אָוונט האָט מען מורא אַרויסצושטעקן די נאָז אין גאַס, אויסער אין רעכטן צענטער פון שטאָט, ווי אויף טיימס סקווער, 42טע גאַס, אָבער ניט אין די זייטיקע גאַסן. דאָס גלייכן איז מיט די אונטערערד־באַנען. ווייסע מענטשן האָבן מורא צו פאָרן אין זיי, ספּעציעל ביינאַכט.

* * *

איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע ווערן געוואָרפן באָמבעס און ס'ווערן אונטערגעצונדן רעגירונג־געביידעס, בענק, מיליטערישע געביידעס און אַנדערע. אָנהייב אָקטאָבער האָט מען געוואָרפן אַ באָמבע אין דער ראַדיאָ־סטאַנציע אין האָוסטאָן, טעקסאַס. דאָס איז שוין די צווייטע באָמבע אין 6 חדשים. די הייזער פון וויכטיקע פּערזאָנען ווי פירער פון אוניווערסיטעטן, „מענעדזשערס” פון באַן־ליניעס, פּראָפעסאָרן אד"ג ווערן באַוואַכט פון דער פּאָליציי. וויכטיקע פּערזאָנען געפינען אָפט די רעדער פון זייערע אויטאָמאָבילן צעשניטן, די לופט אַרויסגעלאָזן.

פון טאָג צו טאָג ווערט דער כאַאָס אין ניו־יאָרק אַלץ גרעסער. ניט נאָר אין שטאָט גופא ווערט די לאַגע ערגער, נאָר אויך אויף די באַנען, אויף די אויטאָבוסן און אפילו פאַרנדיק אין אַ טאַקסי. אָנפאַלן אויף דער פּאָליציי איז אַן אָפטע דערשיינונג. אַלע טאָג הערט איר אויף דער ראַדיאָ און אין די נייעס אויף דער טעלעוויזיע וועגן דערשטאָכענע פּאָליציי־לייט, וועגן דערוואָרגענע, וועלכע ווערן באַפאַלן פון הינטן, און אויך וועגן דערשאָסענע.

צו דעם קומט נאָך צו דאָס אומגליק פון די שטרייקן. אין די בראָנקס האָבן די גאַסן־רייניקער און די הויז־אויפזעערס געשטרייקט וואָכנלאַנג. אייניקע פון אונדזער משפּחה פלעגן קומען צו אונדז אין האָטעל זיך אַרומוואַשן אָדער זיך מאַכן אַ וואַנע. דאָס אַלץ ווערט געטאָן דורך דער שוואַרצער טעראָר־באַנדע.

עס איז באמת אַ פּאַראַדאָקס, אַז 180 מיליאָן ווייסע האָבן מורא פאַר 20 מיליאָן שוואַרצע. דאָס פעלן פון אַרבעטס־הענט איז ווידער אַ פּאַראַדאָקס. מען קריגט ניט קיין מענטשן פאַר קיין געלט. עס פעלן פּשוט אויס אַרבעטער. אין דער זעלבער צייט זיינען אָבער פאַררעגיסטרירט מיליאָנען אַרבעטסלאָזע. פרעגט זיך: ווי שיקט זיך עס? גאַנץ פּשוט! די רעגירונג צאָלט די אַרבעט־

לאָזע אזא הויכן לוין, אז עס איז כמעט גאָר אַ קליינער אונטערשייד אין גע־האַלט פון אן אַרבעטער וואָס אַרבעט יאָ און פון אַ רעגיסטרירטן ארבעט־לאָזן. איז פאַרוואָס זאָל מען ארבעטן? דאָס הייסט — דעמאָקראַטיע!

דעריבער זעט מען אלץ מער אויף זייער פאראנטוואָרטלעכע שטעלעס שוואַרצע. אין קאַנטאָרן, אין פּאָסט־„אָפּיסעס" אויף די אויטאָבוסן, אין דער אוויאַציע, אין „קאַסטאָמס" (טאַמאָזשנע), זעט מען אלץ מער און מער שוואַר־צע. מיט פינף יאָר צוריק איז געווען זייער לייכט צו קריגן אַ טאַקסי אָדער אַ טעלעפאָן־נומער. צו יעדער צייט, אפילו אין מיטן דער נאַכט, האָט אייך דער „אָפּערייטאָר" געקראָגן וועמען נאָר איר האָט געוואָלט, אפילו אויב יע־נער איז אין הויז ניט געווען. היינט קאָנט איר קוים מיט מאַטערניש קריגן אַ טעלעפאָן־נומער פון עמעצן און אין דער צייט ווען די באַוועגונג איז גרויס, קאָנט איר פאַר געלט קיין טעקסי ניט קריגן. דער עולם וואַקסט פון יאָר צו יאָר און טעקסיס קאָנען ניט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג. צו קריגן אַ דערלויבעניש צו פירן אַ טאַקסי איז ניט פון די לייכטע זאַכן.. מיינער אַ באַקאַנטער טאַקסי־מאַן, וועלכער האָט אויפגעגעבן זיין אַרבעט, האָט ניט פאַרקויפט זיין טאַקסי, נאָר די דערלויבעניש, דאָס שטיקל פּאַפּיר, צו פירן די טאַקסי, פאַר דעם פרייז פון דרייסיק טויזנט דאָלאַר.

יאָ, אין די לעצטע פינף יאָר וואַרפן זיך אין די אויגן נייע געביידעס, וועלכע וואַקסן אויס דורך נאַכט. פון די אַמאָליקע „סלאָם"־גאַסן זיינען די אַלטע געביידעס אראָפּגעוואָרפן געוואָרן און אויף זייערע פּלעצער שטייען היינט 20 און 30 גאָרנדיקע גלעזערנע בנינים. אָבער ניט נאָר גאַסן האָבן באַקומען אן אַנדער אויסזען, נאָר די מענטשן אויך, און איבערהויפּט די יוגנט. בחורים מיט לאַנגע טשופּרינעס, מיט פאַרוואַקסענע פּנימער, מיט ווילדע באַקן־באָרדן און די מיידלעך מיט צעוואָרפענע האָר און צעריסענע הויזן. עס וואַרפט אָן אַ שרעק, אָבער ביסלעכווייז געוויינט מען זיך צו צו דעם. איר קאָנט זיך אָבער ניט צוגעוויינען, ווען איר זעט אויף דער איסט־סייד שפּאַצירן פּאָרלעך ארומגענומען, ביידע מיט די זעלביקע לאַנגע האָר, ביידע מיט די זעלביקע צעריסענע טראַנטעס „אויסגעפּוצט", און איר קאָנט ניט דערקענען ווער ס'איז דער בחור און ווער ס'איז דאָס מיידל. די יוגנט־לעכע נעגערס האָבן זיי מקנא געווען און זיך אַ נעם געטאָן צו פאַרדעקן זייערע געקרייזלטע קעפּ. איבער נאַכט איז אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע אַ האָר־אינדוסטריע, אַ פּאַרוקן־אינדוסטריע. די יונגע נעגערס, סיי בחורים

סיי מיידלעך טוען אָן אזוינע אַנגעפריזירטע שוואַרצע פּאַרוקן אויף זייערע קעפּ, אז עס ווארפט פשוט אָן א מורא אויף אייך — אמתע „סטראַשידלעס". צו דעם קומט נאָך צו די סם־מעדיצין־עפּידעמיע, די „דראָגס". דאָס איז די גרעסטע פּלאָג וואָס איז אָנגעשיקט געוואָרן אויף דער אמעריקאַנער יוגנט. עלטערן זיינען אויפגעטרייסלט. אויך אין די רעגירונג־קרייזן זוכט מען מיטלען אָפּצושטעלן די „מגפה", אָבער דערוויל אָן דערפאָלג. לויט דער סטאַטיסטיק שטאַרבט יעדן טאָג פון די „דראָגס" אַ יוגנטלעכער אין על־טער פון 20 יאָר.

אָט וווהין די אמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז שוין דערגאַנגען. וווהין זי וועט סוף־כל־סוף דערפירן און צו וואָס? אויף דעם האָט קיינער קיין ענטפער ניט...

באַמערקונג: — די אובן־דערמאָנטע איינדרוקן זיינען געשריבן גע־וואָרן אין יאָר 1969, קאָנטיק אז די לאַגע האָט זיך איצט געביטן צום בע־סערן. לאָמיר האָפן, אז אונדזער דעמאָקראַטיע וועט נאָך דערלעבן גוטע צייטן.

# איך ווער אַ שרייבער

עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע שרייבערס :

פאַראַן שרייבערס מיט גאָט־געבענטשטע טאַלאַנטן ווי אונדזער ערש־טער דור קלאַסיקער, און שפּעטער די גאָר גרויסע פּלעיאַדע נאָכפאָלגערס וואָס, זוען מען פאַרשיקט זיי אפילו אויף אַן איינזאַמען אינדזל, וועט דאָך זייער שאַפונגס־קראַפט ניט געמינערט ווערן. זיי וועלן — ווו זיי זאָלן ניט זיין — אָנהאַלטן זייער שאַפונגס־פּראָצעס.

ס׳זיינען אָבער פאַראַן אויך אזעלכע שרייבערס, וועלכע מוזן האָבן אַ שרייבערישע סביבה. אָן אזא סביבה איז אָט דער שרייבער געגליכן צו אַ וואַנדערער, וואָס וואַנדערט סוף־זומער אין אַ ברייטן פעלד, טרוקן און אָפּ־געליידיקט פון זומער־געוויקסן וואָס אויף דעם פעלד איז געוואַקסן...

און ווען עס טרעפט ביי אזא איינזאַמען שרייבער אָן דער געהעריקער סביבה, אז עס קומט צו אים דער דראַנג צום שרייבן, ברענגט ער דאַן ארויס

די אָנגעזאַמלטע געדאַנקען זיינע און בלייבט ווידער אויסגעליידיקט פאַר אַ געוויסער צייט, ביז נייע טעמעס, נייע געדאַנקען נעמען זיך ביי אים אויפ־סניי זאַמלען און בלייבן וואַרטן אויף דער צייט געבוירן צו ווערן.

פונקט ווי אַ פעלד נייטיקט זיך אין דעם אַקער, אין דעם פאַרזייען, יעטן און, איבערהויפּט, אינעם רעגן־וואַסער כדי דאָס פעלד זאָל זיין ביכולת ארויסצוגעבן תבואה, פאַרטיק פאַר די שניטערס, אזוי מוז אַזאַ שרייבער האָבן זיין סביבה, וואָס זאָל אים געבן דעם נייטיקן סטימול צום שאַפן. צו אַט דעם לעצטן מין שרייבער געהער איך.

נאָך אַט דער קורצער אַנאַלאָגיע קאָן איך קומען מיט אן אויפקלערונג.

אז איך האָב געהאַט אַ נייגונג צום שרייבן האָב איך אלעמאָל געוווסט. אָבער ניט האָבנדיק קיין ליטעראַרישע סביבה ארום זיך, האָבן זיך ביי מיר אין מיינע געדאַנקען אָנגעזאַמלט איינדרוקן פון לעבן, אידעען, כאַראַקטערן, פאַרשיידענע טיפּן, געשטאַלטן, וועלכע זיינען געבליבן שטעקן אין מיין זיכרון און זיינען ניט געווען בכוח ארויסצוקומען און דערזען די ליכטי־קע שיין.

פונקט ווי אַ געווינערין מוז האָבן אַ הייב־אַם, אַן אקושאָרין כדי צו העלפן דאָס ניי־געבוירענע עופהלע אַנצוקוקן דאָס ליכט פון דער וועלט, אזוי מוז אזא שרייבער האָבן אַ סביבה ארום זיך, וואָס זאָל אים אָנרעגן ארויסצוברענגען זיינע אָנגעזאַמלטע געדאַנקען, זיי זאָלן ארויס אויף דער ליכטיקער וועלט און דערזען די שיין.

איך וועל איך ברענגעןביישפּילן פון זיך אליין, וואָס וועלן באַשטעטיקן מיינע רייד.

זייענדיק אַ יינגל פון 15—16 יאָר האָב איך שוין געהאַט אַ דראַנג צום שרייבן. אָבער אין דעם קליינעם שטעטל האָב איך ניט געהאַט קיין שריי־בערישע סביבה ארום זיך. דעריבער איז פון דראַנג צום שרייבן קיין ממשותדיקעס ניט ארויסגעקומען. ווען איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע אויף לערער־קורסן און געלעבט אין אַן אינטערנאַט, צוזאַמען מיט אַנדערע לערערס, מיט אָנפאַנגער־שרייבערס, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך דאַן געפונען און זיינען געווען נאָענט באַפריינדעט מיט מיר אזעלכע שרייבערס ווי פאַ־פיערניקאָוו, דער באַוווסטער שרייבער און פילאָלאָג דניאל לייבל ע״ה און אַנדערע, בין איך געווען אין דער פאַסיקער סביבה און איך האָב געקאָנט

ארויסברענגען מיינע געדאַנקען וואָס עס האָבן זיך אָנגעהויפּנט ביי מיר פאַר אַ לאַנגער צייט.

אזוי, געדענק איך, האָב איך דאַן אָנגעשריבן אַ פּאַראָדיע פונעם לעבן אין אינטערנאַט, אין אַ הומאָריסטישן סטיל. איך האָב פונאַנדערגע־קליבן לויטן א״ב יעדן לערער, אים גוט אָפּגעבעזעמט און איך האָב עס איינמאָל פאָרגעלייענט אויף אַ באַנקעט לכבוד דעם ארויסלאָז פון די לע־רער, וועלכע האָבן פאַרענדיקט די קורסן. אויפן באַנקעט זיינען דאַן געווען אָנוועזנד אַ טייל שרייבערס און דיכטערס פון טלאָמאַצקע 13. אלע האָבן מיט באַגייסטערונג מיך אַפּלאָדירט און פאָרויסגעזאָגט אַ שרייבערישע צו־קונפט.

אין וואַרשע, אונטער דעם איינפלוס פון דער שרייבערישער סביבה, האָב איך אָנגעשריבן מיין ערשטן אַרטיקל וועגן דערציאונג, וואָס איז גע־דרוקט געווען אין דעם פּעדאַגאָגישן זשורנאַל „שול און היים". איך האָב דאַן אויך אָנגעשריבן אַ קינדער־אָפּערעטע, מיט גאָר אַ נייעם צוגאַנג צום קינדער־טעאַטער, וואָס איז דאַן זייער געפעלן געוואָרן דעם באַוווסטן פּע־דאַגאָג און שרייבער ח. ש. קאַזשדאַן, וועלכער לעבט און שאַפט נאָך איצט אין ניו־יאָרק.

שפּעטער, ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אין מיין שטעטל „דער־מיר" און איך בין געוואָרן שול־פאַרוואַלטער, האָב איך קיין שרייבערישע סביבה ארום זיך מער ניט געהאַט. דערפאַר אָבער האָב איך זיך איינגעלעבט אין אַ קינדערשער סביבה. די קינדער האָבן מיך סטימולירט און איך האָב אָנ־געהויבן שרייבן קינדער־מעשהלעך, וועלכע זיינען פון צייט־צו־צייט גע־דרוקט געוואָרן אין דעם באַוווסטן ווילנער קינדער־זשורנאַל „גרינינקע ביי־מעלעך", אונטער דער רעדאַקציע פון ש. באַסטאָמסקי.

שוין אין יאָהאַנעסבורג, זייענדיק אַ לערער אין דער יידישער פאָלקשול, האָב איך אין דער סביבה און ווירקונג פון די קינדערלעך אָנגעשריבן מיין „גאָלדענע קייקעלע", אַ קינדער־שפּיל אין 3 אַקטן, און איך האָב עס אָפּ־געשיקט צו די „גרינינקע ביימעלעך". באַסטאָמסקין איז דאָס זייער געפעלן געווען. ער האָט עס ארויסגעגעבן אין פאָרם פון אַ ביכעלע און עס צעשיקט צו אלע יידישע שולן אין פוילן.

איך האָב דאָ אויך אָנטיילגענומען אין „לעבעדיקע צייטונגען", וואָס די קולטור־פעדעראַציע פלעגט איינאָרדענען. ביי יעדן „דריטן סדר" פון דער

פועלי־ציון באוועגונג פלעג איך זיך באַטייליקן מיט אַ הומאָרעסקע. אַ גרויסער טייל פון מיינע הומאָרעסקעס זיינען שפּעטער דערשינען אין מיין ערשטן פּראָזע־בוך „איך לאַך מיט איך צו 70“.

אָבער קיין שרייבער בין איך נאָך ניט געווען און ניט פּרעטענדירט צו זיין. דערפאַר ווייל איך האָב קיין שרייבערישע סביבה דאָ ניט געהאַט. און ס'איז ניט געווען ווער און וואָס עס זאָל מיר געבן א שטויס דערצו...

* * *

גאָר אומגעריכט איז געקומען אַן איבערבייט אין מיין שרייבערישער קאַריערע, אַ דאַנק אַ ניי געשאַפענער סביבה. דאָס איז געווען אין די 30־ער יאָרן. אַ בריוועלע פון מישאַ שור לאַדט מיך איין קומען צו אַ צוזאַמענטרעף ביי אים אין הויז וועגן שאפן א ליטעראַרישן קרייז. דער קרייז איז געשאַפן געוואָרן מיטן ציל אז יעדער איינער וואָס האָט עפּעס צו זאָגן דורך זיין פען, זאָל עס פאָרלייענען פאַרן קרייז.

אויף דעם ערשטן צוזאַמענקום זיינען געווען אַן ערך 30 מענטשן, ליב־האָבער פון יידישן וואָרט. צוויי מיטגלידער האָבן פאָרגעלייענט זייערע דער־ציילונגען. לייב יודייקין האָט געלייענט זיין דערציילונג „מאַסלאַלאַ צודו“ און שמואל לייבאָוויטש זיין דערציילונג „בערע“. נאָכן פאָרלייענען די דער־ציילונגען זיינען פאָרגעקומען דיסקוסיעס. ס'איז געווען קלאָר, אזביידע דערציילונגען זיינען געווען ליטעראריש גוט אָנגעשריבן. לייב יודייקין האָט אין זיין דערציילונג געשילדערט דאָס לעבן פון שוואַרצן, און לייבאָוויטש — אַ טיפּ פון אַ „קאַפּעריטניק“.

איך האָב זיי מקנא געווען. איך האָב געפילט אז אויך איך קאָן עפּעס ביישטייערן צום קרייז. דער אָנהייב פון דער ניי־געשאַפענער ליטעראַרי־שער סביבה האָט מיך באַאיינפלוסט און איך האָב דאַן אָנגעשריבן דעם ערשטן קאַפּיטל פון דער טרילאָגיע „קלמן בולאַן“, אונטערן נאָמען „קלמנס קינדהייט“. אין א זונטיק נאָכמיטאָג האָב איך עס פאָרגעלייענט פאַרן קרייז. דער דערפאָלג וואָס איך האָב געהאַט האָט איבערגעשטיגן אלע מיינע דער־וואַרטונגען. יעדער איינער האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם ערשטן קאַפּיטל פון דער דערמאָנטער טרילאָגיע מיט שבחים און לויב־ווערטער. יענער נאָכ־מיטאָג האָט געעפנט פאַר מיר אַ וועג און מיך סטימולירט צו מיין שרייבע־רישער קאַריערע.. עס איז קלאָר, אז די סביבה, די ווירקונג פון די אָנוועזנ־

דיקע, האָט מיר געגעבן מוט און סטימולירט צו שרייבן. איך האָב געשריבן איין קאַפּיטל נאָכן צווייטן, און צו יעדע פאַרלעזונג זיינען געווען געפּאַקטע הייזער. אזוי האָב איך אָנגעשריבן מיין ערשטן בוך פון דעם ראָמאַן „קלמן בולאַן".

צום באדויערן איז דער קרייז פונאַנדערגעפאַלן און איך בין ווידער גע־בליבן ווי אַן איינזאַמער וואנדערער אין אַ פּוסטן טרוקענעם פעלד. איך האָב אינגאַנצן אויפגעהערט צו שרייבן. אָן אַ סביבה ארום זיך שרייבט זיך ניט. דאַן האָב איך געמאַכט מיין ערשטע רייזע קיין אמעריקע. דאָרט האָב איך פאַרבראַכט אין דער סביבה פון גרויסע שרייבערס אונדזערע. איך האָב זיך באַקענט מיט א סך פון זיי, בתוכם אויך ה. לייוויק ע"ה. איך בין געקומען צוריק פון אמעריקע אַ דערפרישטער, ווי אַ מענטש וואָס איז נאָרוואָס ארויס פון אונטער אַ קאַלטן טוש.

אין יאָר 1947 האָט זיך אין יאָהאַנעסבורג געגרינדעט די „יידישע קול־טור־פעדעראַציע". אין יאָר 1948 האָט גענומען דערשיינען דער זשורנאַל „דרום אפריקע", אונטער דער רעדאַקציע פון מלך באַקאַלטשוק ע"ה. איך האָב גענומען שרייבן מיינע רייזע־איינדרוקן אין „דרום אפריקע". עס האָבן זיך גענומען באַווייזן סימנים פון אַ סביבה, כאָטש ניט קיין שטאַרק לעבע־דיקע, דאָך איז עס געווען אַן אָנהייב.

מיין צווייטע רייזע איז געווען: צפון־ און דרום־אמעריקע. אין בוענאָס־איירעס באַגעגן איך זיך מיט אַ גאַנצער ריי יידישע שרייבערס, צווישן זיי יצחק יאַניסאָוויטש, אברהם זאַק און, עליהם השלום, מרדכי בערנשטיין, איי־זיק מירסקי און יעקב באָטאָשאַנסקי, וועלכער האָט מיר געבראַכט אין רע־דאַקציע פון דער צייטונג „די פּרעסע" און מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיינע מיטאַרבעטער.

„מענדל טאַבאַטשניק פון דרום אפריקע?" זאָגט איין שרייבער, „איך קען אים זייער גוט!" און דערביי נעמט ער ארויס פון זיין שופלאָד דעם זשורנאַל „דרום אפריקע", מישט אויף אַ זייטל און ווייזט באָטאָשאַנסקין: „אָט איז ער דאָך!"

אויף אַ באַנקעט לכבוד מיין ווייניקייט האָט באָטאָשאַנסקי גערעדט וועגן מיר מיט באַגייסטערונג. איך רויטל זיך, איך שעם זיך פשוט ווען ער זאָגט צו מיר: „חבר טאַבאַטשניק, וואָס האַלט איר אין שופלאָד דעם ערשטן טייל פון אייער ראָמאַן? איר האָט איצט ביי אייך אַ פּלאַטפאָרמע — אייער זשור־

נאָל „דרום־אפריקע״ — לאָזט איבער אויף אַ ווייל אייערע געשעפטן, פאַר־ענדיקט און גיט ארויס אייער ראָמאַן — אַ צוגאָב צו דער יידישער ליטע־ראַטור !...״

זיינע ווערטער האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זיכרון.

# דער פּאַקטישער שטויס

איך קום צופאָרן פון וואַקאַציע, איך עפן מיין קאָרעספּאָנדענץ און גע־פין אונדזער זשורנאַל „דרום אפריקע״. איך נעם בלעטערן און שטויס זיך אָן אָן מיין גוטן פריינד ה. ערליכס דריי קינדער־לידער. איך כאַפּ זיך גלייך צו און לייען עס, אי צוליב דעם נאָמען פון שרייבער, אי צוליב זיינע קינדער־לידער, וואָס זיינען מיר זייער נאָענט צום האַרצן. די לידער זיינען מיר זייער געפעלן געווען.

פאַרן שלאָף מיש איך ווידער די זייטן פון „דרום אפריקע״ און ווידער וואַרפן זיך מיר אין די אויגן ערליכס קינדער־לידער. איך לייען עס אַ צווייטן מאָל — דער זעלביקער גוטער איינדרוק... איך טראַכט ביי זיך: אויב אונד־זער זשורנאַל „דרום אפריקע״ דרוקט קינדער־לידער, פאַרוואָס זאָל איך ניט פּרובירן אָנשרייבן אייניקע קינדער־לידער? איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז קינדער־לידער וועלן פליסן פון מיין פען ווי פון אַ קוואַל...

אויף מאָרגן פרי שרייב איך אָן פינף קינדער־לידער. איך לייען זיי אי־בער איין מאָל, אַ צווייטן מאָל: מיר געפעלן זיי! דער רעדאַקטאָר פון „דרום אפריקע״ איז דאַן געווען דוד וואָלפּע. איך טראַכט ביי זיך: מען דאַרף אים וויזן די קינדער־לידער. אין יענעם מאָמענט האָט איך דער־פילט, ווי אַ קוואַל האָט זיך ביי מיר געעפנט, וואָס די גאַנצע צייט איז עס געווען פאַרשטאָפּט, זיך געריסן צו דער פרייער וועלט, און אָן דער געהע־ריקער סביבה זיך ניט געקאָנט ארויסרייסן.

איין טאָג, שפּאַצירנדיק אזוי שטויס איך זיך אָן אָן אַ גרויסן שטיין, אויף וועלכן עס זיינען אומגעקראָכן מחנות מוראַשקעס. קומענדיק אהיים האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד „מוראַשקעס אויף אַ שטיין״.

איך האָב געבראַכט מיינע קינדער־לידער אין רעדאַקציע פון „דרום־אפריקע״ און פאָרגעלייענט פאַרן רעדאַקטאָר, דוד וואָלפּע.

„זייער גוטע קינדער־לידער”, האָט ער צופרידן אויסגערופן. „מיר וועלן זיי פאַרעפנטלעכן אין קומענדיקן נומער „דרום אפריקע”.

איך האַלט שוין ביים גיין, דערמאָן איך זיך אז אויף א שטיקל צע־קנייטשט פּאַפּיר אין אַ קעשענע האָב איך נאָך א ליד. קער איך זיך אום צוריק און זאָג צו דוד וואַלפּע:

„איך האָב ניט לאַנג צוריק אָנגעשריבן אַ ליד, אָבער ס'איז ניט קיין קינדער־ליד”. און איך לייען עס פאַר אים.

דוד וואַלפּע האָט מיט עקסטאַז אויסגעשריען: „דאָס ליד איז דאָך וואונדערלעך! די ליטעראַרישע וועלט זוכט דאָך אזוינע לידער! קאָנט איר שרייבן נאָך אזעלכע לידער?”

„וויפל איר ווילט”, כאַפּט זיך ביי מיר ארויס, בעת מעשה ניט אָפּגעבנ־דיק זיך קיין חשבון פאַר מיינע רייד. אָבער געזאָגט האָב איך עס, ווייל צום מאָמענט האָב איך עס אזוי געפילט.

„אויב אזוי איז צו וואָס דרוקן די קינדער־לידער אין זשורנאַל? שרייבט בעסער אָן נאָך אזעלכע לידער ווי די 'מוראַשקעס' און גיט עס ארויס אין אַ לידער־בוך. איך וועל אייך צוהעלפן. דאָס וועט זיין אַ סענסאַציע און איר וועט דערמיט אריינשפּרייזן אין דער יידישער ליטעראַטור!..”

דער פאָרשלאָג האָט שטאַרק נושא חן געווען ביי מיר. אזוי איז שפּע־טער דערשינען מיין ערשטלינג בוך־לידער „מענטש און זיין ארום”. אָבער נאָך איידער דאָס בוך איז דערשינען פלעגט אין „דרום אפריקע” זיך דרוקן מיינס אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע.

דער אָפּרוף אויף מיין בוך־לידער „מענטש און זיין ארום” איז געווען זייער אַ באַגייסטערטער. שרייבערס און קריטיקערס פון דער גאָרער וועלט האָבן מיר פאַרוואָרפן מיט בריוו, פול מיט לויב־ווערטער ביזן הימל אריין. די ליטעראַטור־קריטיק האָט געגעבן זייער גוטע אָפּהאַנדלונגען וועגן בוך. אויך די היגע יידיש־ענגלישע פּרעסע און דער זשורנאַל „דרום אפריקע” האָבן מיין ערשטלינג־בוך שטאַרק געלויבט.

דאָס האָט מיך סטימולירט, געגעבן מוט און די פּען האָב איך זינט דאַן פון האַנט ניט ארויסגעלאָזט. אין אַ יאָר ארום איז דערשינען מיין צווייטער בוך לידער „אין שפּעטע שעהן”. אַ יאָר שפּעטער — אַ בוך פּראָזע „איך לאָך מיט אייך צו 70”. דאַן האָב איך דערפילט אז די צייט איז געקומען צו פאַרענדיקן מיין אָנגעהייבענעם ראָמאַן „קלמן בולאַן”. מיט מיין גאַנצער

ענערגיע האָב איך זיך אריינגעטאָן אין דער אַרבעט צו פאַרענדיקן די טרי־לאָגיע „קלמן בולאַן".

ביז די טרילאָגיע איז דערשינען איז אין יעדן נומער „דרום אפריקע" געדרוקט געוואָרן אַ קאַפּיטל פון ראָמאַן. פון דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט האָב איך געגומען קריגן גאַנצע זייטן מיט אויסשניטן פון רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען. פון אַמעריקע, אַרגענטינע, ישראל, פראַנקרייך, דענ־מאַרק און אפילו פון פוילן זיינען געקומען אָנפראַגעס אויף דעם ראָמאַן „קלמן בולאַן". עס האָבן זיך אויך געגרינדעט לייען־קרייזן, ווו מען פלעגט לייענען און פונאַנדערקלייבן מיין טרילאָגיע. און דאָס איז אַלץ געשען אַ דאַנק אונדזער זשורנאַל „דרום אפריקע". האָב איך דען געקאָנט דערגרייכן צו ווערן אַ דיכטער און פּראָזאַאיקער אָן דער עקסיסטענץ פון דעם זשורנאַל ?

„דרום אפריקע" איז געוואָרן מיין סביבה אזוי, אז עס איז געווען אומ־מעגלעך פאר מיר אָפּצושטעלן דעם אויפגעעפנטן קוואַל. האָב איך זיך איצט פאַרנומען מיט נאָך אַ גרויס ווערק: „זכרונות", אַ בוך אין צוויי טיילן — ארום אריבער פינף הונדערט זייטן. אין יעדן נומער „דרום אפריקע" ווערן איצט געדרוקט מיינע זכרונות פון דער אַלטער היים, און איך בין זי־כער, ווען דאָס בוך וועט דערשיינען, וועט עס האָבן ניט קיין קלענערן דער־פאָלג ווי מיינע פריערדיקע ביכער.

דעריבער איז קיין וווּנדער ניט וואָס אונדזער צייטשריפט „דרום אפרי־קע" איז מיר אזוי נאָענט, אזוי ליב און טייער. „דרום־אַפריקע" איז איצט מיין ליטעראַרישע סביבה, וואָס אָן דעם וואָלט זיכער פאַרלוירן געגאַנגען פאַר דער יידישער ליטעראַטור מיינע ביז איצטיקע, ווי אויך מיינע ווייטער־דיקע שאַפונגען.

# דאָס לעצטע קאַפּיטל

ווען איך נעם זיך שרייבן דאָס לעצטע קאַפּיטל פון בוך, בין איך ביי זיך ניט זיכער אויב נאָכן פאַרענדיקן דעם קאַפּיטל וועל איך נאָך האָבן גענוג כוח און מוט אונטערצונעמען ווידער שרייבן אַ גרעסערע ארבעט. עס איז אָבער פאַר מיר קלאָר איין זאַך: נאָך אַ ראָמאַן ווי „קלמן בולאַן" אָדער נאָך א ווערק ווי מיינע „זכרונות" וועל איך זיכער ניט אונטערנעמען זיך צו שרייבן.

אָט, אָט דערנענטער איך זיך צו מיין 78 יאָריקן עלטער. מיין זכרון הערט מיר שוין אויף צו דינען. איך פאַרגעס שוין מענטשן ביי זייערע נע־מען און איבערהויפּט הער איך אויף צו געדענקען פּנימער. איך מוז אָנקוקן אַ מענטשן שיינע עטלעכע מאָל, כדי איך זאָל וויסן מיט וועמען איך האָב צו טאָן. ווייל א זכרון איז געגליכן צו לעש־פּאַפּיר. ווען דאָס פּאַפּיר איז נאָך ניי, זאַפּט עס טיף אריין אין זיך פליסיקייטן, קוים אָבער ווערט דאָס

פּאַפּיר אַלט הערט עס אויף איינצוזאַפּן נייע פליסיקייטן און אַלץ בלייבט שטיין אויפן אויבערפלאַך, און ווערט אָפּגעמעקט און אָפּגעווישט. דאָס זעל־בע איז מיט אַ זכרון ווען דער מענטש דערגרייכט שוין צו „זיקנה". נייע איינדרוקן הערט אויף דער זכרון אויפצונעמען. און דאָס וואָס מען האָט געזען און געהערט נעכטן — פאַרגעסט מען גיך. דעריבער איך איך זיך אונטערציען דעם סך־הכל, רעזומירן און פאַרענדיקן מיין לעבנס־געשיכטע, ווי אזוי עס זעט אויס ביים היינטיקן טאָג אין מיינע איצטיקע „שפּעטע שעהן".

מיין געזונט־צושטאַנד: דורכגעמאַכט אין מיין לעבן 10 אָפּעראַציעס — לייכטערע און שווערערע. געבליבן מיט אייניקע מער ערנסטערע קראַנ־קייטן, וואָס מאַטערן און גיבן מיר קיין רו ניט. פאַרשטייט זיך, אז אין אזא צושטאַנד מוז איך זיך ראַנגלען און מלחמה האַלטן מיטן מלאך־המוות. איך ווייס אָבער, אז סוף־כל־סוף וועל איך זיך מוזן אונטערגעבן און גיין דעם אייביקן גאַנג, וואָס דאָס איז אומפאַרמיידלעך. דערווייל אָבער לעב איך און קוק אויף מיינע לעצטע לעבנס־טעג מיט אָפענע אויגן. איך בין גרייט צו קומען אַנטקעגן דעם טאָג און איך וועל אים אויפנעמען — אויב מיין פאַר־שטאַנד וועט מיר נאָר דינען — מיט אַ שטאַרבנדיקן שמייכל, ווייל קיין אויס־זעצונגען קעגן מיינע קאַרגע אַכט צענדליק יאָרן קאָן איך ניט האָבן.

איך האָב אין מיין יוגנט געהאַט אַ שווערן לעבן, אַ לעבן פון נע־ונד, אַ לעבן פול מיט ליידן. אָבער מיינע ליידן זיינען אויך געווען דורכגעמישט מיט אַ סך פריידן. מיין לעבנס־באַגלייטערין, מיין טרייע פרוי, האָט מיך געגעבן פיל פרייד און גליק אין לעבן. זי האָט מיך געהאָלפן שלעפּן דעם שווערן יאָך פון לעבן, ווי אויך זיך געטיילט מיט מיר מיינע פריידן און ליידן. ועל כולם — מיין עלטער איז געווען און איז נאָך היינט אַ קוואַל פון פאַרגעניגן, גרויס נחת פון מיינע קינדער און אייניקלעך.

די השגחה האָט אונדז פאַרגיטיקט און באַצאָלט אויף דער עלטער פאַר אונדזער שווערער יוגנט — דאָס זיינען אונדזערע קינדער! ביי יעדן טאַטע־מאַמען זיינען זייערע קינדער גוט און טייער, אָבער ניט צופיל עלטערן קאָנען זיך גרויסן מיט אזעלכע מתנות, מיט אזעלכע קינדער וואָס די השגחה האָט אונדז באַשאָנקען...

מיינע ליבע לייענערס, ווען איך צי אונטער דעם סך־הכל פון אונד־זער ביידנס לעבן, זינט דער צייט וואָס איך האָב זיך מאַטעריעל געשטעלט

אויף מיינע אייגענע פיס, ציט זיך דורך איין רויטער פאָדעם אין אונדזער מענטשלעך לעבן, און דאָס איז: העלפן!... העלפן נויט־באַדערפטיקע. צי דאָס זיינען אינדיווידיומס, צי דאָס זיינען אינסטיטוציעס, צי דאָס זיינען אָרעמע און עלנטע — מיר האָבן אלעמאָל געהאָלפן לויט אונדזערע מעג־לעכקייטן, און צייטנווייז נאָך מער פון אונדזערע מעגלעכקייטן. און ווען דאָס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אינדיווידיומס האָבן מיר זיך אויף וויפל מעגלעך באַמיט, אז אונדזער הילף זאָל זיין „מתן־בסתר", חלילה זיך ניט אויסספּיינען, און אונדזער הילף זאָל זיין ממשותדיק!... און געטאָן האָבן מיר דאָס מיט טיפער פרייד אין אונדזערע הערצער, מיט שמחה, וואָס מיר קאָנען העלפן און מיט גרויס פאַרגעניגן וואָס די השגחה האָט עס אונדז אָנ־פאַרטרויט צו טאָן.

מיר זיינען שטענדיק גליקלעך געווען, וואָס אין דעם זין איז צווישן אונדז ביידן, מיר און מיין פרוי, קיינע קאָנפליקטן און איבעררײדן ניט גע־ווען. איינשטימיק האָבן מיר געהאָלפן און איינשטימיק האָבן מיר זיך ביידע געפרייט דערמיט. און אָט די מידות טובות האָט די נאַטור איבערגעפלאַנצט אין אונדזערע דריי קינדער און די פּרוכטן זיינען נאָך ארויסגעקומען אַ סך גרעסערע.

* * *

איך וויל דאָ באריכות זיך ניט אָפּשטעלן אויף זייערע באַזונדערע פע־איקייטן. עס וועט נאָר זיין געווּג צו אונטערשטרייכן, אז מיין עלטערער זון, דוד, פאַרנעמט זייער אַ באַדייטנדיקן אָרט אין די פינאַנציעלע ספערן פון לאַנד. מיין צווייטער זון, בערנאַרד, איז פאַררעכנט פאר איינעם פון די פּאָ־פּולערסטע מעדיקער אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע. מיין טאָכ־טער מרים איז גאַנץ פּאָפּולער אין אירע ספערן מיט איר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און איז זייער באַליבט פון יעדערן מיט וועמען זי קומט אין געזעל־שאַפטלעכן קאָנטאַקט.

אויך זייערע לעבנס־באַגלייטערינס זיינען צוגעפּאַסט צו זיי. וועגן מיין עלטערער שנור בעטה דאַרף מען צופיל ניט ריידן. מען בענטשט זיך מיט איר לויטערער נשמה. זי גיט איר לעבן אָפּ פאַר עלטערע און עלנטע מענטשן. מיין איידעם אַלעק איז אינטעליגענט, געזעלשאַפטלעך, ער איז אן איבערגעגעבענער מאַן און אַ גוטער פאָטער. און מיין יינגערע שנור, די

אמעריקאנערין, האָט באַוויזן אז מען קאָן בייטן דעם גלויבן און ווערן ריין־יידישלעך און יידיש־געזעלשאַפטלעך, אָפּהיטן אלע מנהגים און טראַדיציעס פון יידישן גלויבן און פאַרוואַנדלען איר מאַן מיט די קינדער אין וואַרעמע יידן.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. וואָס איך וויל אויסברענגען איז, אז אונדזערע קינדער האָבן געירשנט פון זייער טאַטע־מאַמען די גוטע מידות. ניט נאָר געירשנט, נאָר אריבערגעשטיגן אונדז, זייערע עלטערן, אין אָרנט־לעכקייט און גוטסקייט, אין איידלקייט און אין העלפן עלנטע און נויט־באַדערפטיקע „כפל כפלים". און אויב ביי טאַטע־מאַמע איז איינגעפלאַנצט די מידה פון „מתן בסתר", איז עס אַ דאַנק אונדזער עלטערן זון, דוד. ניט נאָר האָט ער געווירקט אויף אונדז בײדן, נאָר ער האָט אויך באַווירקט זיין שוועסטער און יינגערן ברודער מיט זיינע גוטע מידות.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט איבערצוגעבן אַ באַדייטנדיקע צאָל עפּיזאָדן פון די הויך־מענטשלעכע מידות פון אונדזערע דריי קינדער, אָבער איניקע געשעענישן אין אונדזער לעבן — אין שייכות מיט אונדזער עלטערן זון — איז כדאי ארויסצוברענגען.

דער ערשטער עפּיזאָד, וואָס האָט געלאָזט מערקן אין אונדזער זון דוד אַ מידה טובה, וואָס פּאַסט פאַר אַ ל"ווניק, איז פאָרגעקומען ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל פון אַ יאָר 15. אין יענער צייט האָב איך גענומען פאַרדינען גענוג און געמאַכט אַן אָנשטענדיקן לעבן. מיר האָבן געלעבט אין אונדזער ניי־אויסגעבויטער הויז. איין טאָג, מיטאָג־צייט, בין איך געקומען אהיים און דערציילט פאַר מיין משפחה, אז איך האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן, וואָס האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט וועגן זיין שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער ביי מיר געבעטן, אויב איך קאָן אים ראַטעווען און אויסלייען 100 פונט. איך האָב אים ניט געקאָנט אָפּזאָגן און אים אויסגע־ליען די סומע געלט.

„דו האָסט זייער גוט געטאָן", רופט זיך אָפּ מיין ווייב אַ צופרידענע.

„יאָ, דעד, דו האָסט גוט געטאָן. אָבער אויך שלעכט געטאָן", רופט זיך אָפּ מיין זון דוד.

איך, מיין פרוי און די אַנדערע צוויי קינדער קוקן אים אָן מיט וווּנדער, און פאַרשטייען ניט וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין באַמערקונג.

„וואָס מיינסטו?" פרעג איך אים.

„גאָר פּשוט", רופט ער זיך אָפּ זייער ערנסט. „אז אַ מענטש נויטיקט זיך אין הילף, איז דער חוב פון אַ פריינד אים צו העלפן, אויב ער האָט נאָר די מעגלעכקייט דערצו. דו האָסט עס געטאָן, און דאָס איז זייער גוט! אָבער צו וואָס פּורש בשמו זיין? דאַרפן דען אַלע וויסן ווער דער מענטש איז? מיטן אָנרופן זיין נאָמען האָסטו קאַליע געמאַכט דיין זייער גוטן טאַט!..."

נאָך פיר יאָר שטודירן אַדוואָקאַטור, ווו ער האָט געהאַט דעם טיטל „סקאָלאַר אָוו דהי יוניווערסיטי", ווען עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה איז ער אַריין אין דער דרום־אַפריקאַנער אַרמיי אלס פּסיכאָ־לאָג. אין די אינטערעסן פון דער אַרמיי איז ער געשיקט געוואָרן אין עגיפּטן און אין פּאַלעסטינע. דאָרט האָט ער געוווּנען דעם אינטעליגענטן־קאָנטעסט פון דער בריטישער אַרמיי. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און ער איז געקומען אהיים האָב איך אויסגעדריקט מיין מיינונג וועגן זיין ווייטערדי־קער קאַריערע, באַמערקנדיק אז לויערס און אַדוואָקאַטן זיינען מיר ניט צום האַרצן. ער האָט באַשלאָסן איבערצוריייסן מיט זיין ווייטערדיקער שטודיום און איז אוועק אין דער וועלט פון פינאַנס, ווו עס האָט אים אָפּגעגליקט. ער האָט גיך געגומען שטייגן אויפן לייטער פון דערפאָלג.

איינמאָל, אין אַ שמועס מיט מיר, האָט ער זיך מיט פאַרדרוס אַראָפּגע־רעדט פון האַרצן פאַר מיר: „דעד, איך פיל אז גלייכצייטיק מיטן וווּקס פון מיינע פינאַנסן ווערט מיין נאַטור ערגער, מיין אָרנטלעכע מענטשלעכקייט הייבט אָן פאַרשווינדן און איך בין אין שרעק איך זאָל זיך ניט אומבייטן צום שלעכטן".

„דערפאַר האָב איך טאַקע מורא", האָב איך באַמערקט. „ווען דו פרעגסט מיין מיינונג וואָלט איך בעסער געוואָלט, אז מיינע קינדער זאָלן ווערן ניט צו רייך און ניט פאַרלירן זייער מענטשלעכקייט".

קאָנטיק, אז מיינע רייד האָבן אויף אים געהאַט אַ ווירקונג. ער איז טאַ־קע געוואָרן זייער רייך, אָבער זיין מענטשלעכקייט, זיין גאָלדענע נשמה האָט ער ניט פאַרלוירן. אלס מענטש האָט ער זיך אַנטוויקלט קרישטאָל־ריין, מיט זיין באַציאונג צו מענטש — צו ייד, צו קריסט, צו שוואַרץ, צו ווייס — אַלעמען קומען צו הילף. ער האָט נאָך אין זיין לעבן קיינעם ניט אָפּגעזאָגט קיין טובה, קיין פינאַנסיעלע הילף — און אַלץ „מתן בסתר"...

* * *

עס איז כדאי ארויסצובברענגען נאָך איין עפּיזאָד אין באַציאונג צווישן זון און טאַטן, ווי אויך צווישן מיין זון און מענטש.

דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. איך האָב געהאַט אַ געלט־סיכסוך מיט אַ פריינד, אַ סיכסוך אין די טויזנטער פונטן. נאָך לאַנגע וויכוחים האָט מיין צד־שכנגד מיר פאָרגעלייגט צו ברענגען אונדזער סיכסוך צו מענטשן, צו אַ בוררים־געריכט. נאַטירלעך, איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פאָרשלאָג.

„דו ווייסט וועמען איך וועל בעטן אויף מיין צד", גיט מיין בעל־סיכסוך מיר אַ זאָג, — „דיין זון!"

„מיין זון?" פרעג איך מיט וווּנדער. „וועט ער וועלן זיצן אין אַ ברירה קעגן זיין פאָטער?"

„יאָ. איך האָב מיט אים גערעדט און ער איז מסכים!"

מיר זיצן ביי דער ברירה. איך מיט מיין צד; מיין צד־שכנגד מיט זיין צד — מיט מיין זון. טענות אַהער, טענות אהין, ביז מיין קעגנער טראָגט אריין א פאָרשלאָג און פרעגט מיך צי איך בין מסכים.

„מסכים", ענטפער איך, און איך פרעג מיין צד זיין הסכמה? ער איז אויך מסכים. איך בין זיכער, אז מיר זייַנען שוין סוף־כל־סוף ארויס פון פלאָנטער. אָבער ניין! מיין זון איז ניט מסכים... ער ווייזט אויף מיין צד־שכנגד, אז דורך זיין פאָרשלאָג פאַרלירט ער 1200 פונט. און אזוי האָט מיין זון, יענעם פרימאָרגן, מיך געקאָסט די דאָן גרויסע סומע פון 1200 פונט שטערלינג.

„דו האָסט מיר היינטיקן פרימאָרגן אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן", רוף איך זיך אָפּ צו אים נאָכן פאַרענדיקן דעם „דין־תורה", „אָבער איך בין שטאָלץ מיט דיר!" האָב איך אים מיט ליבשאַפט אָנגעקוקט.

די זעלבע מענטשלעכקייט פאַרמאָגן אונדזערע אַנדערע צוויי קינדער. זיי האָבן אפשר ניט די זעלבע מעגלעכקייטן צו העלפן פינאַנסיעל אנדערע, ווי זייער עלטערער ברודער טוט, אָבער לויט זייער צושטאַנד טוען זיי אויך זייער אַ סך. מיין זון דער מעדיקער וועט קיינמאָל ניט נעמען קיין געצאָלט, אויב דער פאַציענט איז ניט פאַרמעגלעך. איך ווייס פאַלן פון הילף וואָס ער גיט אזוינע אָרעמע חולאים. דאָס גלייכן פאַרמאָגט אויך מיין טאָכטער א זעלטן־גאָלדענע נשמה, און צי זי האָט אָדער ניט איז זי שטענדיק די ערשטע מיט איר הילף ווו נאָר עס איז נייטיק.

וואָס ווינטשן זיך עלטערן? די קינדער זאָלן גיין אין זייערע וועגן. אונדזער ווונטש איז מקוים געוואָרן! אונדזערע קינדער, איבערהויפּט אונדזער עלטערער זון, איז אוועק א סך, גאָר א סך ווייטער מיט זיין גאָלדן האַרץ, מיט זיינע ווונדערבאַרע אויפטוען, ווי זיינע עלטערן. און דעריבער בענטשן זיך טאַקע אַלע מיט אונדזערע קינדער און איך בין זיכער, אז אויב די יידישע לעגענדע, אז די וועלט האַלט זיך צוליבן זכות פון די ל״ו צדיקים איז ריכטיק, זיינען מיינע צוויי זין — צוויי פון זיי.

אונדזער זון האָט געהאָלפן און העלפט נאָך אויך איצט זיין ברודער אין אמעריקע, ווי אויך זיין שוועסטער דאָ אין יאָהאַנעסבורג. וועגן אונדז, זיין טאַטע־מאַמע ,איז דאָך אָפּגערעדט. ניט נאָר האָט ער אונדז פאַרזאָרגט, אז מיר זאָלן אויף דער עלטער ניט דאַרפן האָבן דאגות־חיונה, נאָר ער האָט אונדז פאַרזאָרגט מיר זאָלן קאָנען לעבן אין רחבות, פאָרן איבער דער וועלט, טיילן צדקה און העלפן וועמען נאָר מיר געפינען פאַר נייטיק.

דאָס האָט מיר דערמעגלעכט צו זיצן רואיק אויף דער עלטער, פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און ווען מיינע געדאַנקען זיינען געווען רואיק און אָן זאָרג, האָב איך דאַן אינטענסיוו אָנגעהייבן מיין ליטעראַרישע טעטיקייט. אזוי האָב איך אין דער פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט — אין משך פון ניין יאָר — ארויסגעגעבן זעקס ביכער און פאַרענדיקט צוויי ביכער „זכרונות״, וואָס די הכנסה איז געגאַנגען פאַר קולטור־געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

איך האָף נאָר, אז נאָך מיין טויט וועלן מיינע קינדער, אויב נאָר מעגלעך, איבערזעצן מיינע ווערק, וועלכע ס׳וועלן זיך לאָזן — אין ענגליש.

* * *

אונדזערע קינדער אַכטן און שעצן אונדז. זיי האָבן פאַר אונדז גרויס דרך־ארץ זיי רעספּעקטירן אונדז און גרויסן זיך מיט אונדז. גאַנץ אָפט איז עס אַ כבוד און אַ פאַרגעניגן פאַר זיי צו האָבן אונדז אין זייער געזעלשאַפט. אָבער מיר שפּאַרן זיך ניט, מיר נוצן ניט קיין עלנבויגנס צו זיי, ווייל זייער געזעלשאַפט באַשטייט מערסטנס פון יונגע אינטעלעקטואַלן מיט גאָר אַנדערע אינטערעסן און באַגריפן אין לעבן — טאַקע אינטעלעקטואַלן, אָבער ווייט פון דער יידישער קולטור און פרעמד צו דער יידישער שרייבערוועלט. כאָטש מיין זון, דוד, לייענט, שרייבט און רעדט פליסיק די יידישע

שפּראַך און כאָטש מיין טאָכטער מרים איז געווען אַ לערערין אין דער יידי־שער פֿאָלקשול אין יאָהאַנעסבורג — דאָך זיינען מיר צוויי באַזונדערע וועלטן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אונדזערע אייניקלעך אפילו באַציען זיך צו אונדז ווי צו זייערע נאָענטע חברים.

איך פֿאַרענדיק מיינע „זכרונות״ מיט ברכות און בעסטע ווונטשן צו אלע אונדזערע גוטע פריינד, זיי זאָלן האָבן אזא נחת פֿון קינדער און אייניקלעך ווי מיר, מיין פרוי און איך, האָבן פֿון אונדזערע קינדער און אייניקלעך. מיינע קינדער און אייניקלעך ווינטשן מיר זייערע קינדער און זייערע אייניקלעך זאָלן האָבן אזוי פיל נחת פֿון זייערע משפּחות. זיי זאָלן האָבן אַ בעסערע, אָבער אויך ניט קיין ערגערע עלטער ווי מיר האָבן!...

ביכער פון מענדל טאַבאַטשניק:

„מענטש און זיין ארום" — לידער און פּאָעמעס — 1963.

„איך לאַך מיט איך צו 70" — הומאָריסטישע דערציילונגען — מאָנאָלאָגן — איינאַקטערס — 1965.

„אין שפּעטע שעהן" — לידער און פּאָעמעס — 1965.

„די נייע הגדה" — אָפּצוריכטן דעם דריטן סדר — 1967.

„קלמן בולאַן" (ראָמאַן) — ערשטער בוך — 1969.

„קלמן בולאַן" (ראָמאַן) — צווייטער בוך — 1970.

„קלמן בולאַן" (ראָמאַן) — דריטער בוך — 1971.

שטאַפּלען אין מיין לעבנס־וועג — ערשטער טייל — 1973.

שטאַפּלען אין מיין לעבנס־וועג — צווייטער טייל — 1973.

דער מחבר דריקט אויס זיין דאַנק צום פאַרלאַג „קאַיאַר״, און באזונדערס
צום הבחור האזעצער א. קראסנאָחסקי.

אַדרעס פון מחבר : 101 „קראַדאָק הייטס״, ראָזבענק, יאָהאַנעסבורג, דרום אפריקע.
Author's address: 101 Cradock Heights, Rosebank, Johannesburg,
South Africa.

געדרוקט : „פּאַסיפיק פּרעס״.